# װיטער-בוך

## צום אנדענק פון א. ווייטער

אַרויסגעגעבן פון דעם ווייטער-פאָנד
ביים פאַראיין פון די יידישע
ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין ווילנע

— — אונטער דער רעדאַקציע — —
פון ש. ניגער און ז. רייזען



דרוקער

תר״פ

# אינהאַלט:





## פאַקסימלע פון ווייטערס אַ בריוו.

# בריוו.

פון ה. וויטער צו מ. עלקין.

יאָר 1911

**ליעבער, טייערסטער.**

אַזוי האָט זיך דאָס פערצויגען, הגם יעדען טאָג וויל איך אַייך שרייבען און שרייב ניט. די סבה דערפון איז, וואָס איך האָב זיך אַ ביסעל פערפלאָנטערט אין מיין מאַרשרוט און איצט, למשל, זענענדיג אין פּאָלטאַווע, ווייס איך ניט — ניט ווען איך פאָהר אָב פון דאַנען (עס איז רעכט–באַלד), ניט וואוהין איך פאָהר: — איך דאַרף פאָהרען קיין וואַרשוי, יעקאַטערינאָסלאַוו און — מינסק אין איינער און דער זעלבער צייט און קאָן דערווייל אין ערגיץ ניט פאָהרען. שולדיג דע־רין בין איך טיילווייז אַליין. נאָר מעהר פון אַלעמען — אַנדערע, מיט וועלכע איך בין געוועזען פערבונדען. שטעה איך אויפן וועג, דאָ געהט דאָס מיטן פּוטער אַראָב: איך בין געקומען לעזען אַ לעקציע און מען ערלויבט ניט. בין איך פער־דרעהט, ערשטענס; האָב איך ניט קיין אַדרעס אויף אַ תשובה, צווייטענס. וועט, מן הסתם, ליגען אָט דער בריעף ביי מיר, ביז איך וועל זיך ניט דערוויסען, וואוהין איך פאָהר, ד. ה. ביז איך וועל בעקומען אַ מעגליכקייט צו פאָהרען.

ערהאַלטען, ברודער, די 30 רובל דיינע. דאָס איז אויך געווען אַ שטיקעל סבה, צוליעב וועלכער איך פלעג אָבלעגען דעם שרייבען פון טאָג אויף טאָג. פערשטעהסט: איך שעם זיך... עס איז דאָ אַ סך צו רעדען פון דעם. עס איז מיר מיאוס מוראדיג. מיאוס, וואָס איך בעט, מיאוס, וואָס איך [illegible]ם און און נאָך מעהר מיאוס, וואָס איך דאַרף אַלץ נעהמען, און ווייס לחלוטין ניט, ווען איך וועל קאָנען אָבגעבען און צי וועל איך דאָס אַמאָל קאָנען... אין דעם, וואָס איך בעט און נעהם איצט, בין איך אַליין שולדיג. געקאָנט רוהיג זיצען ערגיץ וואו, אין „פריינד״, אין דער ווילנער קאָפּיקענער צייטונג, צי אין אַ מינסקער, שטעפּען שורות און ניט בעטען און ניט נעהמען. קאָן איך ניט! אָט דאָ קומען מיר צו דעם פּונקט וועגען מיין אַרומפאָהרען, נאָר וועגען דעם שפּעטער. איין זאַך איז מיר דאָ איבערהויפּט שלעכט. איך גיב אויך. פון דעם, וואָס איך האָב ניט, גיב איך. ניט לאַנג אין קיעוו פערדינט פון דער בראָשור 300 רובל און אָבגעגעבען 250. און אַחוץ דעם, ווען איך האָב נור עפּיס, גיב איך־אָב אַ העלפט

*) די אָרטאָגראַפיע ווערט ניט געענדערט.

פון דעם עפּיס... ווייס איך, פאַר דעם געבען איז דאָ אַ מינוט, אַ רגע, ווען דאָס האַרץ ווערט טרוקען, בייז: „וואָס נעהמט ער ביי מיר! איך האָב דאָך ניט, פּונקט ווי ער"... געדויערט עס אפשר מעהר ניט ווי אַ רגע, נאָר דאָס איז דאָ, דאָס קומט פאָר. אָט פון דער רגע, וואָס מוז זיין ביי אַייך אויך, האָב איך געוואַלדיגע עגמת־נפש, אַז איך דערמאָהן זיך אויף איהר. זעה איך זיך ניט צו דערמאָהנען... אַקיצור, געגנוג...

פאָהר איך אום. און איר זאָגט: צו וואָס דאַרף מען דאָס? ווער דאַרף דאָס!... עס איז דאָ אַ סך, וואָס דערויף צו ענטפערען. איך וויל אַייך ענטפערען פאַר זיך. איך דאַרף דאָס. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געבויט. אַלע מאָל צושטערט. כסדר צושטערט. איר ווייסט ניט געגנוי מיין ביאָגראַפיע און צוליעב אַ פּאָר סבות (קליינליכע) קאָנט איר זי ניט זעהען, ווי זי איז אין אמת'ן. איהר זעהט זי אָדער אַ סך ערגער אָדער עטוואָס בעסער. נאָר איך אין זיך ווייס: כסדר צושטערט. עס איז פשוט אַנ'אימה, וואָס איין מיטעלמעסיגער מענש קאָן צושטערען אויף זיין לעבען!.. און קיין זאַך ניט געבויט. דער סוחר אין מיין פּיעסע איז מיין ערענבילד, דאָס האָב איך אויף זיך אַנ'אָבשטויסענדע קאַריקאַטור געשריעבען. נו, און מיין שרייבען ביז אַהער איז אויך ניט קיין בויען. וואָס אַזוינס וועל איך ווייטער שרייבען, בין איך נאָך אויך מסופק, צי וועט דאָס זיין אַ בנין. האָב איך קיין הויז ניט געבויט, קיין גייסטיגע בנינים אויך ניט. צושטערט האָב איך. ציהט מיר דאָס האַרץ כמעט קריינקליך, כמעט מיט משוגעת, עפּיס אויסצובויען. ליבינקער, דאָס איז ניט מליצה. דאָס איז גאָר פּשוטע דבורים. דוכט זיך מיר, אַז איצט וועל איך אויסבויען, ציגעל צוזאַמענשלעפּען און מאַכען אַ בנין. עס איז גאַנץ מעגליך, דאָס זאָל מיר געלינגען. און וואָס מעהר איך לייד דערביי, האָב איך אַלץ מעהר הנאה. און נאָך אַ מאָטיוו. איך מוז אומפליהען. איך קאָן אויף אַנ'אָרט ניט זיצען. אַ מוק אין קאָפּף, אַ וואונד אַזאַ... נו, וועגען דעם איז שוין גאָר שווער צו שרייבען...

אָט פליה איך אום. איך בין אַ האָהר ניט מיעד. נאָר עפּיס ניט ווי געוואוינליך. איהר זאָגט, אַז ביי מיר איז אַלץ אין בויך, פערגראָבען. איצט איז שוין דאָס, ווייס איך אַליין ניט וואו. איך בין כסדר צווישען פרעמדע מענשען, רעדען, רעדט מיט זיי עפּיס אַנ'אַנדער מענש, ניט איך, אַ קאָמי־וואָיאַזשער, אַ כלל־טוער, אַ שרייבער, נאָר ניט איך. איך שווייג, כסדר איך שווייג. אָט דאָס ערשטע מאָל זיך פונאַנדערגערעדט אין אַ בריעף...

און וואָס מאַכסטו, ברודער!... ניט גוט? איך ווייס דיר אַפילו ניט, ווי צו טרייסטען.

אָדעס, אויפן זון, ביים ים... איך בין דיר באמת מקנא! קומען צו אַייך וועל איך ניט. אַזוי האָב איך דאָס שוין בעשלאָסען. נו, טאָ ווערט געזונד!... זומער וועט איהר מיר דאַרפען ערגיץ־וואו אויף אַ חודש־צוויי נעהמען צו זיך, למע"הש.

גריסט אונזערע פריינד: נעמי און אָרלאָווסקאַ. אָרל. שרייב איך היינט

אָדער מאָרגען. און נעמין זאָגט, אַז זי איז מיר אַ בעל־חוב: עס קומט מיר פון איהר — אַ בריעף.

און זייט סאַקי באמת געזונד און שטארק. זון ביי אַייך? ביי מיר אויך אַ ביסעל. אַ גאַנצען טאָג אומגעגאַנגען. עס איז פריהלינג, דאָך פריהלינג, אַ מחיה!... די שטאָדט שלאָפט — אַזאַ קליינע, אַזאַ שטילע און אַזאַ פוילע.. פע!..

אייער בלב ונפש

א. ווייטער.

P. S. מילא! איך שיק שוין אָב דעם בריעף. דערווייל איז מיין אַדרעס: פּאָלטאַווע, פּ. סטרעסטאַנט. וועט מען מיר איבערשיקן, אַז איך וועל אַוועקפאָהרען. אַז איך וועל וויסען, וואוהין איך פאָר, וועל איך מודיע זיין.

---

מענדיל, ברוז׳ערל! אָקאָרשט געקומען. איך בין געשטאַנען אַ טאָג אין מינסק. דורכגערעדט זיך און געקומען צו געוויסע בעשלוסען. אָט הער. נאָר הער מיט אַ קאָפּף, און מיט אַ הארץ, וואָס פיהלט מיט.

פאָהרענדיג, האָב איך צוטגעראַכט אַ פּלאַן און דאָ איהם עפּיס געגויער אויסגעאַרבייט. מיר נעהמען פון פאָסט דעם טעאַטער אין מינסק, און אויף פסח און נאָך פסח אין סובאַלק (דעם פסח וועט מען ניט טאָרען שפּיעלען; אין פוילען מעג מען). האָב איך גערעדט מיט מענשען אין מינסק און מען גאַראַנטירט אונז דאָרטען דעם דעפיציט, וואָס מיר קאָנען האָבען, הגם אַלע טענה׳ן, אַז מען וועט גאָר גוט פערדינען. גאַראַנטירט מען אונז דעם דעפיציט און אַחוץ דעם לעגט מען איצט דעם זאַלאָג, וואָס ביעליאַיעוו וועט פערלאַנגען. אויב מיר נעהמען שוין דערצו סובאַלק, קאָנען מיר גאָר זיכער גאַראַנטירען אַלעמען גאַזשע ביז נאָך פסח (ווייטער אויך, נאָר ביז נאָך פסח געוויס). אין מינסק האָב איך געפרעגט און דערוויסט זיך, אַז פון פאָסט איז דאָס טעאַטער פריי און אַז די דירעקציע וועט ניט שטערען, אַז אַ יודישע טרופּע זאָל שפּיעלען. דאַרף מען געהן צו ביעלאַוויעוו׳ן. בן־עמי קאָן ניט געהן; ביעליאַיעוו איז אויף איהם אש־להבה. איך קאָן געוויס ניט. איז געבליעבען, ברודער, מיר זאָלען דיר בעטען, דו זאָלסט תיכף, ווי דו בעקומסט דעם בריעף, זאָלסטו קומען אַהער. ב׳ודער, פאָהר דריטע קלאַס, שפּאָר אָב און קום. איך לאַך דאָס מכח דער דריטער קלאַס. נאָר טו זיך אָן אַ מוטה און העלף. דאָס איז דער איינציגער אויסוועג. און תיכף, ווי דיר קומט אָן דער בריעף, טעלעגראַפיר יעדענפאַלס, וואָס דו בעשליסט. אויב מען וועט דאָ האָבען אַנ׳ערלויבניס אויף ווייטער, וועלען מיר מינסק איבערגעבען אַנ׳אַנדערן אָדער (אויב דיר וועט געלינגען אויסצודינגען

ביי איהם אויף 4 אַרְענדען ניט מעהר) וועלען מיר שפּיעלען איןביידע שטעדט. ס'אַ דאַגה, דאָס איז שוין די ווייטערדיגע פּונקטען, אַז דו וועסט זיין, וועלען מיר רעדען. נאָר דער עיקר איז נעהמען מינסק ביז פּסח און סובאַלק וועט שוין בן־עמי אַליין נעהמען. איך שרייב דיר אַזוי צוטומעלט, ווייל איך חלש שלאָפען.

רעוועקאַ — אַ גרוס איך אַ האַרציגען.

עסינקאַ, זיך ניט געזעגענט מיט דיר.

חיה — אַ גרוס.

לאה, וואָס מאַכסטו? האָב געדולד, עס וועט זיין גוט. פון פייגען אַ לאַנגען בריעף בעקומען. זאָל זי געזונד זיין. —

אייער בלב ונפש

א. ווייטער.

P. S. נאַטירליך, ליפּ. טאָר פון דער מעשה לחלוטין ניט וויסען. —

17 נאָוועמבער 911.

---

מענדיל, ברודערל, האָסט מיר מחיה געווען. דו ביסט דאָ געווען און דערנאָך בין איך ביי דיר געווען און פוןביידע מאָל איז ביי מיר געבליעבען אַ שווער געמיט. פאַלט מיט אַמאָל אַריין פון דיר אַזאַ האַרציגער בריעף. איז גוט, איז גאָר גוט.

אוודאי, טרויעריג, ברודער. אָבער ניט אַזוי, ווי דו מיינסט. דוקא אַנדערש, בעסער, בעדייטענד בעסער. אויב מען זאָל דאָס נעהמען איינפאַך — פעהלט געלד! איך ווייס. דאָס אַליין איז אַ סימן, אַז עס איז שלעכט. וואָרום געלד — פאַר וואָס פעהלט ניט קיין געלד אויף אַזוינע זאַכען ביי די אומות העולם? זאָלען נור זיין מענשען, וועט ביי זיי זיין געלד. היינט אַז ביי אונז פעהלט דאָס, איז אויך אַ שלעכטער סימן. ווייס איך, אַז עס איז שלעכט. אָבער איך ווייס צוזאַמען דערמיט, אַז עס איז דאָ, אַז אינעווייניג האָבען מיר כחות, אַז אונזערע כחות זיינען צושפּליטערט און צוּוואָרפען. דאַרף מען אָבער האָבען די האַנד (אויב איינע, איין האַנד — בעדאַרף זי זיין אַ האַנד פון אַ גאון) אָדער די הענד, אַ סך הענד פון מיטעלמעסיגע, נאָר אויפריכטיגע, נאָר בעגאַבטע און — נאָר איינגעשפּאַרטע, וואָס זאָלען דאָס צונויפזאַמלען, צונויפשלעפּען, צונויפשמעלצען. ווייס איך, ברודערל, מיר די יחידים, וואָס היצען זיך, וואָס טומלען, וואָס ווילען דאָס צונויפשמעלצען, זענען — איך ווייס! — קאָמיש. ניט אין דיינע אויגען, נאָר בכלל. איך ווייס, למשל, אַז קורצזיכטיגע בעדאַרפען לאַכען פון מיר און לאַנג

טאַקי. נאָר איך ווייס, אַז מען דאַרף ניט. עס קאָן זיין, אַז ניט דו, ניט איך, ניט בן־עמי (איך כאַפּ דיר אָן) וועלען ניט דערלעבען ביז דעם אמת׳ן יודישען טעאַטער א. ד. גל. ניט נור איצט זאָג איך דאָס. אויב איך בין אָפּטימיסט, איז דאָס גאָר ניט אויף שוין, אויף היינט און מאָרגען (אַגב, איך פּערזענליך, פאַר זיך, וואַרט כסדר אויף קאַטאַסטראָפעס), נאָר איך ווייס, אַז דאָס, וואָס איך טו היינט און וועל טאָן מאָרגען, האָט אַ צוקונפט. אפשר — גאַנצמעגליך — אַז אָט די צוקונפט איז גאָר נאָהענט, אפשר — איבערמאָרגען. נאָר איך האָב קיין התפעלות ניט, אויב זי איז גאָר וויט. דערפון איז מיר נור טרויעריג אַ ביסעל, ריכטיגער: עצבות׳דיג, אָבער דערפון פאַלט ביי מיר ניט דער ווילען צו טהון, צו בויען. אלא וואָס — עס ווערט דערפון גאָרנישט; דאַרף מען אויפסנייי בויען.

איך ווייס, למשל, אַז אויב אַפּילו עס געלינגט אונז איצט עפּיס, וועט דאָס עפּיס זיין זעהר און זעהר קליין. און איך בין גאָר ניט קיין מסתפק במועט אין אַזוינע זאַכען, איך בין דאָ גאָר אַ מאַקסימאַליסט אפילו און דאָך ווירקט דאָס אויף מיר ניט. ווידער אַמאָל: עצבות, אַוודאי. נור דער מוטה צו אַרבייטען ווערט ניט קלענער, ווייל איך ווייס, אַז איך געה צום מאַקסימום.

אַזוי איז דאָס, ברודער. און אויפן האַרצען איז דערהווייל ניט געראָטען. איך האָב עפּיס אַ פּערזענליכע מעשה פון אַמאָל (פון פאַר 5–4 יאָהר), וואָס איז פאַרגעסען געוועזן — ניט אינערליך, נאָר ווי פאַרגעסען געוועזן. און איצט הָאט זיך עס אויפגעוועקט ... אַ גאַנצע מעשה, וואָס לאָזט זיך ניט אַזוי לייכט דערציילען. איז גאָר אומעדיג אויפן האַרצען. אַחוץ דעם — מעשה־טעאַטער, וואָס געהט דערווייל קאַפּויר. אַחוץ דעם — אָרעמקייט אַרום. און ועל כולם בין איך אַליין שרעקליך אָרעם און לייד דערפון. נאָר דאָס וועט זיך דאָך ענדערען.

שרייב, ברודער, שרייב כסדר, וואָס הערט זיך ביי דיר און בכלל.

קאָן דאָך זיין, אַז מיר זעהען זיך די טעג.

גריס דיינע הויזיגע. רעוועקאַן גריס. עסינקען — פּויל זיך ניט — און קוש זי אין מיין נאָמען. און לאהן גריס. זיי, ברודער, געזונד און שטאַרק.

בלב ונפש דיינער

20 נאָוועמבער 911.

א. ווייטער.

---

ערהאַלטען דיין דעפּעשע. איך זעה נור, אַז דו קאָנסט ניט קומען, נאָר געענטפערט האָסטו גאָר ניט לאָגיש. פון מיין דעפּעש האָסטו לייכט געקאָנט פערשטעהן: אַז ביעליאַיעוו איז געוועזן אָבגעפּאָהרען און אַז דעריבער האָסטו פון איהם קיין תשובה ניט געהאַט; אַז איצט איז ער שוין געקומען און איך האָב שוין פון איהם אַ תשובה און אַז די תשובה איז ניט קיין שלעכטע און ניט קיין גוטע, נאָר אַ פערוויקעלטע און דעריבער דאַרף מען דיר האָבען אויפן אָרט, דו

זאָלסט מיט איהם פערזענליך זיך דורכרעדען. אָט דאָט האָסטו געמוזט פערשטעהן פון מיין דעפעש, ווייל איך האָב זי גאָר גוט געשריעבען. נאָר דו קאָנסט ניט קומען, איז פערפאַלען.

ביעליאַיעוו (אַגב, ער לאָזט דיר גריסען; צוויי מאָל אָנגעזאָגט) גיט און גיט ניט. ווי ווייט איך האָב איהם פערשטאַנען (און איך האָב געקאָנט אַ טעות האָבען; איך בין געגאַנגען צו איהם אין דיין נאָמען) האָט ער מורא, אַז איצט, ביי היינטיגע צייטען, ווערט איהם אַ יודישע טרופע קאָמפּראָמעטירען. עס קאָן זיין, אַז איך האָב אַ טעות.—וויל ער דורכאויס, ווי ער זאָגט, אויסמישען, אַז אין פאָסט זאָלען דאָרטען שפּיעלען צוזאַמען אַ יודישע מיט אַ רוסישע אָדער אַ העלפט פאָסט איינע, אַ העלפט די אַנדערע. און צי ווערט ער קאָנען אַזוי אויסטאַשען, ווערט ער ערשט וויסען דעם 15 דעצעמבער. און בעט אַגב, מען זאָל צו איהם שרייבען אַרום דעם 15. און זאָגט נאָך פאַר׳ן אַוועקגעהן, אַז, נאַטירליך, אויב נור ער ווערט פערדינגען אַ יידישע טרופּע, ביזטו דער ערשטער — און הויבט דיך אָן צו לויבען.

האָבען מיר וועגען דעם געטראַכט און געקומען צו די דאָזיגע בעשלוסען.

1. ווען דו ביסט דאָ און רעדסט מיט איהם פערזענליך, נעהמסטו.—נעהמסטו ניט מינסק, נעהמסטו קאָוונא, נאָר, ווי איך האָב געהערט פון זיין רעדען, וואָלט ער דיר געוויס נאָכגעגעבען, ווען דו שטעלסט זיך אַוועק גענוג פעסט. דאָס איז איינס, און דאָס צווייטע איז דאָס וויכטיגסטע.

צוויי. ביי אונז האָט זיך דאָ געענדערט צו גוטען. די היגע בעלי-הבתים, אַז זיי האָבען דערפילט, אַז דער ענין קאָן גאָר בטל ווערען און פאַר זיי וואָלט דאָס, ערשטענס, געווען אַ גרויסער מאַטעריעלער שאָדען (די זאַל) און, צווייטענס, שטאַרק פאַרדראָסיג, ווייל זיי ווילען ערנסט, מיר זאָלען זיך באמת אויפבויען—ריידען זיי איצט שוין אַנדערע דבורים. כמעט, אַז זיי גאַראַנטירען דעם גאַנצעןווינטער. אַזוי ווייט, אַז זיי לאָזען ניט נעהמען קיין אַנדערע שטעדט: דער זאַלאָג, טענה׳ן זיי, ווערט פאַרלוירען געהן! — זענען מיר אין זיך שוין גאָר פעסט, עס איז שוין אייגענטליך קיין ספק ניט, אַז מיר זיינען דאָ ביז פסח. נאָר כדי עס זאָל קיין ספק ניט זיין פאַר די איבעריגע, טוען מיר אָט וואָס: מיר נעהמען סובאַלק און ווילען ליתר בטחון נעהמען נאָך אַ שטאָדט. איז שוין רעכט, אַז מיר זאָלען וואַרטען ביז דעם 15, ווייל אַפילו אָהן ביעליאַיעוו׳ן קאָנען מיר אויך אויסקומען, ווי דו זעהסט. נאָר מיר ווילען נאָך מעהר פערשטאַרקען דעם ענין, ווילען מיר ביעליאַיעוו׳ן אויך.

האָבען מיר דיר גערופען טאַקי צוליעב ביעליאַיעוו׳ן. און אַחוץ איהם האָבען מיר געוואָלט:

1. אויב ניט ביעליאַיעוו, האָבען מיר מיט דיר געוואָלט זיך מישב זיין וועגען באָברויסק. אונז דוכט זיך, אַז עס מאַכט ניט אויס, וואָס ליפּ. איז 2 חדשים געשטאַנען. וואָלסטו אונז עפּיס געראַטען וועגען דעם און דו וואָלסט זיך גענומען צו פערענדיגען מיט עפּשטיינ׳ען.

און 2: איך וויל פון מיין מויל ניט אַרויסבערענגען — נעמי! טאָמער וויל

ניט נעמי! איך קאָן גאָרניט טראַכטען אַזוי, וואָרום איך ווייס, אַז ל. און זיין גלייכען איז אַנ׳אומגליק פאַר איר. דו ווייסט דאָך דאָס אויך. איך האָב איהר אַלאַנגען בריעף געשריעבען וועגען דער טרופּע בכלל, ווייסט זי. איך זאָג נאָך אַמאָל: דאָס איז נאָך ניט דאָס, וואָס מיר דארפען, ווייט ניט דאָס, אָבער אויפ׳ן וועג צו דעם. יאָ, מיר וועלען זיין אויפ׳ן וועג צום אמת׳ן טעאַטער. זאָלען נור זיין מענשען, וועט מען זיי אַריינשלעפּען און אָט דאָ, אין דעם ווערקשטיבעלע, וועט מען עפּיס שאַפען. אָבער ווייסען מיר דאָך, וואָס עס טוט זיך א. ז. וו. האָב איך פשוט מורא מיט בריעף קלאָר צו מאַכען. און איך צו דיר קאָן איצט ניט פאָהרען, האָב איך דיר גערופען צו אונז און מיט דיר גענען נעמין פערענדיגען.

אָבער — דו קומסט דאָך ניט! דו קאָנסט ניט קומען! (מיר דוכט זיך, אַגב, אַז דו קאָנסט ניט, ווייל דו פיהלסט זיך שלעכט) מוז מען שוין מאַכען מיט בריעף. בלייבט על כן אָט וואָס:

1. צו ביעליאַיעוו׳ן שרייב. 1, על כ צרה שלא תבא. 2, אויף צו שפּיעלען דאָרטען פאַראַלעל מיט ווילנא.

2. אויב מען קאָן רעדען מיט עפּשטיינען, אַז ליפ. זאָל ניט וויסען, סאָ רייד, אַרבייט אויס בעדינגונגען און מיר וועלען שיקען זאַלאַג (אויב עס וועט בלייבען, אַז דוקא באָברויסק).

3. נעמי! וויז איהר מיין בריעף, רעד זיך דורך מיט איהר. און אָט זענען די הויפּט־פּונקטען:

א. אויב עס וועט געהן כשורה, בויט זיך די טרופּע אויף לאַנגע יאָהר;
ב. דער קלענסטער מינימום איז ביז נאָך פסח—גאַראַנטירט, פעסט גאַראַנטירט.
ג. מיר אָרדנען זיך איין אַזוי, אַז מיר וועלען אַחוץ דעם געהאַלט, וואָס מיר האָבען אין ווילנא, קאָנען שפּיעלען אין אַנדערע שטעט אין דער זעלבער צייט.— און זאָל זי על כן זיין גרייט. זי, וועגדאָרף און שוואַרצער. בנימי פאָהרט היינט קיין וואַרשוי און אַז ער וועט קומען צוריק און מען וועט זיך שטעלען אַרבייטען, וועלען מיר דעפּעשירען, זי מיט דיביידע זאָלען קומען. סאָ זאָל זי זיין גרייט!

און דו, ברודער, זאָלסט מיר אַחוץ דעם תיכף ענטפערען מיט אַ דעפּעש.— — אָנגעשריעבען אַ באַרג. געגוג. זיי מיר שטאַרק געזונד. איך בין אַ ביסעל אוכ.ה.יג וועגען דיר. איך וויל דיר זעהען. רעוועקאַן אַ גרוס. עסינקאַן אַ גרוס.—

בלב תפּס דיין
א. ווייטער.

24 נאָוועמבער 911.

ליעבער.

איך בין שוין דאָ אויפן אָרט. קיין צימער האָב איך נאָך ניט. בין איך אין „סאַוואָי״ — אין אַ נישקשה׳דיגען האָטעל, האָב ביליג אַ פיין צימער און לויף אום אַ גאַנצען טאָג. דערווייל איז גוט — עס רוישט.

און וואָס הערט זיך ביי דיר — מיט׳ן געשעפט?

איך האָב צו דיר אַ בקשה. עס איז דאָ אַנ׳אַרטיסט מ. אַ ווילנער איז ער, מיינער אַ בעקאַנטער. זעהר אַנ׳אינטעליגענטער מענש. האָט געענדיגט סובאָרינס שול אין פעטערבורג. דאָרט האָט מען פון איהם געהאַלטען גוואַלדיג. דאָס ערשטע יאָהר, פאַר אַיאָהרען, האָט ער געשפּיעלט ביי בעליאַיעוו׳ן. היי־יאָהר האָט ער געהאַט אָבגעמאַכט אין באַטום. נאָר ער איז מיט 5 קעפּ העכער פאַר דעם גאַנצען עולם פון די פּראָווינציעלע פורים־שפּיעלער. איז ער אַנטלאָפען פון זיי. וואָלט ער האָבען וואוינרעכט און וואָלט ער זיך געשמד׳ט, וואָלט ער זיך געמאַכט זיין וועג. איז קיין וואוינרעכט האָט ער ניט, שמד׳ן זיך ווערט ער אַזאַ אָנשטענדיגער און גאָר איידעלער מענש בשום אופן ניט און אין די האָמעלס אין באַטומס שפּיעלען קאָן ער ניט. איז פאַר איהם דאָ נור איין אָרט — אָדעס און איין טרופּע — באַסמאַנאָוו. בעט איך דיר, שרייב גענים׳ען, בעט איהם, ער זאָל עפּיס טאָן פאַר איהם און דאָס טון הייסט אייגענטליך: — באַסמאַנאָוו זאָל פר גן אויף איהם ביי דאַלמאַטאָוו׳ן. דאַל. איז איינער פון די לעהרער אין סובאָרינ׳ס שול און האַלט פון דעם מ. אַנ׳עולם ומלואה. ניט איבערגעטריבען. בעט איך דיר, שרייב גענים׳ען די גאַנצע מעשה און בעט איהם, ער זאָל, ווי ווייט מעגליך, תיכף ענטפערען. גוט וואָלט געווען, ווען ער זאָל מיר געבען די תשובה. בעט איך דיר, למעה״ש, טו דאָס תיכף און בעט איהם פעסט, ווי פעסט הייסט.

פון זיך און פון דיר — אין אַ צווייטען בריעף.

וואָס מאַכט עסינקע.

רעוועקאַ, וואָס מאַכט איהר? איהר דערמאָנט מיר כאָטש אַמאָל. אָט איצט, שרייבענדיג, ווילט זיך אַזוי שטאַרק צוריק צו אייך קיין באָברויסק, אַז עס איז ניט אַיינצוזיצען אין האָטעל־צימער. חיה — אַ גרוס אייך. איהר ווייסט אַ מעשה? „ווי גאַזעטאַך סטאָיאַלאָ״, אַז עס ווערט אַנ׳אַקציז אויף רעזינקעס! ... דעמאָלט וועט איהר זיי אַראָבנעהמען!

זייט מיר געזונד און שטאַרק און דו מענדיל גריס דעם ברודער האַרציג און זיי אַליין האַרציג בעגריסט פון מיר.

א. ווייטער.

לאה׳לע, וואָס מאַכסטו? בן־עמי קומט ניט. און וואָס מאַכסטו. איך וויל דיר זעהען, איך וויל אַייך אַלעמען זעהען, נאָר טו — מאַך, אַז איך בין איצט גאָר אין ווילנא! ...

25 אָקטאָבער 911, ביינאַכט.

פון ווענ קיין סיביר.

1913 יאָר.

איך שרייב דיר איילענדיג. אין א טאָג 4–5 אַרום קומען מיר קיין מאָ-נאסטיר (דאָס איז דער אַדמיניסטראַטיווער צענטר פון געגענד). עס טרייבט א צפון-ווינד און לאָזט אונז ניט שווימען, ווי געהעריג. אָט וואָס איך בעדאַרף, ברודער, נויטווענדיג: ביכער!... שיק מיר פער פאָסט א פעקיל ביכער:

Бергсон: 1) Творческая эволюція; 2) Время и свобода воли; 3) Смѣхъ; 4) Воспріятіе измѣнчивости.

אחוץ דעם וייגען ערשיינען פאַר דער צייט, וואָס איך בין געווען איף יענער וועלט, דריי ביכער וועגען טעאַטער: קרעג'ס, מייערהאָלד'ס און יעווּרעאינאָוו'ס. דאָס איז דאָס נויטווענדיגסטע.

און אַז דו וועסט זיך דערוויסען, וואו מען האָט מיך בעזעצט (איך וועל טעלעגראַפירען), וועסטו אויסשרייבען פאַר מיר צייטונגען און זשורנאַלען, אויף דער אַדרעס פון דעם דאָרף, וואו איך וועל זיין. נאָר די ביכער, ווי בכלל פאַ-סילקעס, אַדרעסיר:

С. Монастырское, Туруханскій край, Енисейской губ.

פון זשורנאַלען איז מיר נויטווענדיגער פון אַלע אַנדערע: „טעאַטער אי איסקוסטווא" און „מאַסקי", אויב דאָס לעצטע איז ווירקליך אינטערעסאַנט, און „רוססקאַיא מיסל". —

די פאָסט געהט אָב, אייל איך זיך.

---

דאָס צווייטע קאַרטעל.

צייטונגען, ליעבער, זאָלסטו אויסשרייבן פאַר מיר. יודישע האָב איך שוין בעשטעלט. מן הסתם, וועל איך בעקומען. ווען דו וועסט ערהאַלטן פון מיר די דעפעש, וואו איך בעזעץ זיך, זאָלסטו אויסשרייבן פאַר מיר „ריעטש" (פון אָנהויב יאָהר, למעה"ש) און „דיען" אויפן צווייטען האלב-יאָהר. —

---

Доплылъ до границы — начинается Туруханскій Край. До резиденціи — 7—8 дней пути. Тутъ — телеграфъ, последняя станція. Телеграфировать можно:

Ворогово, почтой Монастырское. — Отсюда въ Турух. почта уходитъ 10, 18, 25 и 2, т. е. 4 раза въ мѣсяцъ.

Теперь все зависитъ отъ того, куда я буду назначенъ. Если не очень далеко, то не страшно.—

---

23 יוני 1913. אויפן דאמפער.

פון מיין דעפעש ווייסטו, אַז איך בעזעץ זיך אויפן „סטאַנאָק אַלינסק״; אין אמת׳ן וועל איך דאָרטען זיין ערשט אין אַ חדש־צוויי אַרום. דערווייל וואוין איך (ד. ה. פאָהר איך וואוינען) אין „ווערחניע־אינבאַטסקאָיע״, 20 וויאָרסט (אַרויף וואַסער) הינטער אַלינסק. סיי דער, סיי יענער סטאַנאָק זענען די בעסטע אין גאַנצען געגענד. אַדרעסירען סיי בריעף, סיי זענדונגען — כסדר קיין אַלינסק. איך וועל ערהאַלטען אַפילו זענענדיג אין אינבאַטסק. איך האָב דיר געבעטען וועגען ביכער און צייטונגען און איך האָב דיר אויספיהרליך געשריעבען, וואָס איך בעדאַרף אַמנויטיגסטען. טאָמער האָסטו דעם בריעף ניט ערהאַלטען, שרייב איך דיר נאָך אַמאָל:

צייטונגען: „דיען״ און „ריעטש״.

זשורנאַלען: „רוסקאַיאַ מיסל״, „טעאַטער אי איסקוסטוואָ״ און „מאַסקי״ (אויב דער לעצטער איז טאַקי אינטערעסאַנט).

ביכער: דריי ביכער וועגען טעאַטער (קרעג, מייערהאָלד און יעווּרעאינאָוו און אַלץ וואָס איז ערשיענען אויף רוסיש פון פראַנצויזישען פילאָסאָף אַנרי בערגסאָן (אַחוץ „Матерія и память״ דאָס האָב איך מיט זיך) און נאָך: מערעזשקאָווסקיס אַלעקסאַנדער דער ערשטער און, ווי ווייט מעגליך, די וויכטיגסטע זאַמעל־ביכער (און בכלל בעלעטריסטישע ווערק), וואָס זיינען ערשיענען די לעצטע צייט, וואָס איך בין אויף יענער וועלט.

און באָריס׳ען (איך האָב יענעם מאָל צו זיי בעזונדער געשריעבען) שרייב, ער זאָל מיך בעזאָרגען מיט יודישע ביכער (למעה״ש ולמעה״ש) און מיט אַלע יודישע צייטונגען!...

וועגען זיך — ווען איך וועל קומען אויף אַנ׳אָרט.

זייט אַלע געזונד און שטאַרק.

---

ציוויה.

דערווייל איז שלעכט. הגם מיין סטאַנאָק רעכענט זיך פאַר דעם בעסטען, נאָר וואָס צו עסען איז נישטאָ בפועל ממש. אַז איך וועל זיך אַריבערציהען קיין אַלינסק (20 וו. פון דאַנען) וועט זיין בעדייטענד בעסער. דאָרטען האָב איך אַ צימער אויף אַלעם פאַרטיגען ביי איינעם פון די אָרטיגע סוחרים, ד. ה. ביי איינעם פון די, וואָס האָבען וואָס צו עסען. דער עולם בכלל איז פאַקטיש כסדר הונגעריג. צו זאַט עסט ער איינמאָל אין אַ יובל. דערווייל, הייסט דאָס, איז ביטער. — איך שרייב און שרייב כסדר, נאָר קיין תשובה אויף מיין שרייבען

האָב איך ניט (איך קען נאָך ניט האָבען) און דעריבער דוכט זיך, אַז די בריעף געהען לאבוד. מיין אַדרעס: סטאַנאָק אַלינסק א. ז. וו. (די בריעף, וואָס זיינען אַזוי אַדרעסירט, וועל איך ערהאַלטען, אַפילו זענענדיג דאָ, אין אינבאַטסק: איך נעהם זיי איבער אויפן וועג).

---

אויגוסט.

איך בין אַרויסגעפאָהרען פריהער, ווי איך האָב גערעכענט — דעם 9 געפאָהרען טאָג און נאַכט און היינט, דעם 15, בין איך אין וואָראָגאָוואָ. דאָ רוה איך אַ טאָג-צוויי און לאָז זיך ווידער אין וועג אַריין.

איך האָב צו דיר אַ בקשה: שיק מיר אַ טייטש-חומש און אַ מנורת-המאור. למעה"ש. איך האָב פערגעסען יודיש!.. און איצט, האָף איך, וועל איך, לכל הפחות, פיזיש קאָנען אַרבייטען.

די אַדרעס איז: Село Япанское Г. Енисейскъ.

דער קאָסטיום וועט געהן צוריק קיין יעניסייסק און איך וועל איהם ניט אַזוי גיך ערהאַלטען.

זייט אַלע בעגריסט. — איך בין זעהר מיעד.

א. וויטער.

---

אויגוסט.

דערוויל, ליעבער, איז ניט געראָטען, איבערהויפט דערמיט, וואָס אין קול ואין קשב. איך זיץ לחלוטין אָהן געלד (די פּאַסאָביע וועט מען אָנהויבען געבען ערשט אין אַ פּאָר חדשים אַרום), אָהן ביכער, אָהן צייטונגען און, נאַטירליך, אָהן בריעף!... איך האָב געשריעבען (און טעלעגראַפירט מיין אַדרעס) צו דיר, צו באָריס'ען און צו מיין פאָטער. איצט האָב איך ווידער טעלעגראַפירט. אַז אויב מען האָט מיר ניט געשיקט קיין געלד אויף קלאָגע'ס נאָמען קיין קראַסנאָיאַרסק, זאָל מען טעלעגראַפיש שיקען קיין יעניסייסק. די יעניסייסקער אַדרעס איז גילטיג סך-הכל אויף אַכטאָג צייט, נישט מעהר (אגב, נאָך אַמאָל, אַהער אויף מיין נאָמען האָט קיין שום זין ניט צו שיקען געלד: דאָס צוגעשיקטע געלד גיט מען מיר אָב אָנשטאָט די פּאַסאָביע!...) מיין אַדרעס אויף בריעף איז אויף דער אַנדער זייט. צייטונגען, צייטונגען!

זייט אַלע הייס בעגריסט. — יאָ! טאָמער קענסטו מיר ניט שיקען קיין געלד, זעה אַז באָריס זאָל שיקען. טאָמער קאָן דאָס אויך ניט זיין (ווער ווייסט,

װאָס ביי אייך טוט זיך? זעה, אַז װאַרשוי, פּעטערבורג, װייס איך װער, זאָל מיר העלפען!...

גוט, וואָס דאָס קאַרטעל איז קליין: אויספיהרליך צו שרייבען איז ניטאָ קיין מוטה!... —

מיין אַדרעס: Туруханскій край, Станокъ Алинскій

---

די לעצטע פּאָסט האָט מיר געבראַכט דיין בריעף פון ווילנא. מיר איז דאָ זעהר שלעכט געװען (איצט איז מיר בעדייטענד בעסער), האָב איך פּער פלייצט די וועלט מיט תחינות-בריעף. מן הסתם (איך געדיינק ניט) האָב איך בעקלאָגט זיך, אַז מען האָט מיר פערגעסען. אויף די בריעף בכלל האָב איך שטאַרק חרטה און אויף אַזאַ טענה (אַז מען האָט מיר פערגעסען) איז ביי מיר די חרטה נאָך שטאַרקער. בעת עס איז מיר געוואָרען גאָר שלעכט, האָב איך זיך בענוצט מיט א געלעגענהייט און טעלעגראַפירט צו דיר און צו פּרצ'ן (קיין וואַרשוי) צום גליק, איז פּרצ'עס טעלעגראַמע ניט אָנגעקומען. שוין אָהן מיין וויסען, האָט די געלעגענהייט (קוטשערענקא) נאָך אַמאָל טעלעגראַפירט צו דיר. און אין דער צייט, ווען דו האָסט מיר טעלעגראַפיש געשיקט געלד, איז שוין פאַר מיר, ווייזט זיך אַרויס, געלד געלעגען אין קראַסנ. און אין יעניס. עס איז קלאָר, אַז איך האָב קיין שום גרונד נישט זיך צו בעקלאָגען, אַז מען פערגעסט. איך מעג נור בעדויערען, וואָס איך בין אין אַזאַ לאַגע, אַז מען דאַרף אָן מיר געדענקען. נאָר דאָס איז שוין, ווי מען זאָגט, מן השמים.

איצט האַלט דאָס דערביי, אַז איך זאָל זיך פון דאַנען בעפרייען. פאַר מיין אַוועקגעהן פון קראַסנאָיאַרסק האָב איך דאָך ווידער אַמאָל זיך געווענדעט קיין פּעטערבורג און געבעטען, אַז מען זאָל מיר, לכל הפחות, געבען אַן־אַנדער אָרט אין דער יעניסייסקער גוב. גופא. האָט מען אָנגעפרעגט די מיינונג פון היגען דאָקטאָר. דאָ ניט לאַנג האָט מיר דער היגער דאָקטאָר אויסגעהערט און אָבגעענטפערט קיין קראַסנאָיאַרסק. געוויס איז זיין מיינונג, אַז איך טאָר נישט וואוינען אין טורוכאַנסק. דערין צווייפעל איך ניט. פון דאַנען זיינען די פּאַפּיערען אַרויס פאַר צוויי וואָכען אָדער פאַר דריי וואָכען. איצט דאַרפסטו טון, וואָס דו קאָנסט. אפשר איז מעגליך קיין קראַסנאָיאַרסק? אויב ניט, וואָלט איך געוואָלט קיין יעניסייסק. טאָמער וועסטו האָבען פאַר מיר אַ בשורה טובה, זאָלסטו מיר טעלעגראַפּ׳רען.

דאָס פּעקיל ביכער האָב איך ערהאַלטען. דו קאָנסט זיך גאָרניט פאָר־שטעלען, ווי איך האָב זיך דערפרעהט. פון אַפּריל 1912 האָב איך אייגענטליך קיין ביכער ניט געהאַט. אין ווילנא פלעג איך נאָך בעקומען אַלטע שמאַטעס. קאָון פון ווילנא אָן האָב איך שוין לחלוטין קיין ביכער ניט געהאַט. דאָ האָב

איך געהאַט בלויז די „יעוור. סטאַרינאַ”, אַ טייל (ניט אַלע) פון קלעצ. אויסגאַבען און די ערשטע 6 ביכער „די יודישע וועלט”: די איבעריגע אויסגאַבען און די איבעריגע נומערן פון זשורנאַל בעקום איך ניט. קאָנסטו זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ גייסטיגער הונגער ביי מיר איז געווען. פון צייטונגען האָב איך דעם „פריינד” און פון ניט לאַנג אָן דעם „היינט”. די ביידע מאַכען מיר בייז און אַחוץ דעם ווירקען זיי ווי זאַלץ-וואַסער אויף אַ דורשטיגען. אַחוץ דעם בעקום איך אַ ווילנער קאָפּיקענע צייטונג.

ביי אונז איז שוין פאַרטיג אַ טעלעגראַף-ליניע פון מאָנאַסטיר קיין וואָראָגאָוואָ. אין גיכען וועט מען שוין קאָנען טעלעגראַפירען דירעקט אַהער. די פּאָסט-סטאַנציע וועט זיין צוואַנציג וויאָרסט פון מיין דאָרף, אין Верхне-Инбатское. טאָמער וועט דיר אויסקומען צו שיקען מיר אַ דעפּעש אָדער אַ פּאַסילקע אָדער אַ רעקאָמענדירטען בריעף, זאָלסטו פריהער דערגעהען (אויף דער פּאָסט) צי האָט זיך שוין געעפענט אַ פּאָסט-אָבטיילונג אין וו.-אינבאַטסק. אויב יאָ, אַדרעסירסט דו אַלץ אַהער, אָנווייזענדיג דערביי מיין דאָרף — אַלינסק. אויב עס האָט זיך נאָך ניט געעפענט, קענסטו טעלעגראַפירען: וואָראָגאָוואָ, פּאָטשטאַי אַלינסק, קוטשערענקאָ (אָהן קיין שום דליאַ). דאָס איבריגע—קיין מאָנאַסטיר, אויף מיין נאָמען. נאָר רעקאָמענדירטע בריעף קיין מאָנאַסטיר לוינט בכלל נישט צו שיקען: זיי וועלען דאָרטען ליגען וואָכענווייז, ביז איך וועל זיי ערהאַלטען.

פון דיין בריעף זעה איך, אַז דיינע אָנגעלעגענהייטען בכלל זענען נישט גאָר געהויבען און אַז דיין מאַטעריעלער צושטאַנד איז נאָך ערגער. פון דעם לעצטען שרייבסטו דייטליך, די ערשטע פערשווייגסטו. פערשטעה איך, אַז, מן הסתם, איז דיר שווער צו שרייבען וועגען דעם. מיין לאַגע איז איינפאַכער, פּרימיטיווער, און דאָך בין איך פשוט נישט בכח צו שרייבן וועגען איהר. נאָר מיטן גאַנצען האַרצען וויל איך, דו זאָלסט אַרויס בשלום פון אַלע פּלאָנטערס — אַנ'אַנדערש מ'זל וועל איך דיר שרייבען מעהר און – בעסער. איך בין איינפאַך אויסגעקוועלט, אָבגעצעהרט. נאָר איצט הויב איך אָן ביסלעכווייז צו קומען צו זיך.

אַ בקשה האָב איך צו דיר: שרייב! קורץ אָדער לאַנג, נאָר שרייב זעלטען ווען.

צו אַלע צרות, בין איך נאָך ניט צווישן אידען. דאָס איז גאָר אַנ'אומגליק. אין אַלע פּרטים.

דיין א. ווייטער.

29 דעצעמבער. 1913.





ווייטערס וואוינאָרט אין סיביר.

יאָר 1914

ליעבּער!

לערך דעם 14 האָבּ איך ערהאַלטען דיין דעפּעש. אַדאַנק! קענטיג, אַז דו האָסט נישט צוגעגעבען אין דער אַדרעס „פּאָטשטאַי", איז זי געלעגען אַ גריגע צייט אין וואָראָגאָווא. די חתימות זענען שטאַרק פערגרייזטע. „נאָעלי" — פערשטעה איך — נעמי; גרויאָן — ווער דער אָדער די איז, קאָן איך ניט בעגרייפען; דערנאָך דו — „מענדעל אי מוזש נילי" און וואָס דאָס בעדייט, קאָן איך שוין בשום אופן נישט צוטרעפען. געפּרובט אַזוי און אַנדערש אויסצולעגען און עס איז דאָך גאָר נישט אַרויסגעקומען.

נעכטען האָבּ איך ערהאַלטען אַ בריעף פון קל. איך האָבּ זי עטליכע מאָל געפרעגט אויף דיר. ענטפערט זי דאָס מאָל אַזוי: „ע. האָט איבערגענומען די לייטונג פון „פריינד"; ער ערשיינט איצט אונטערן נאָמען „די צייט"; ווי פריהער — אין וואַרשוי". היינט טרעף: „די צייט", ווי ווייט איך ווייס, איז גאָר אין פעטערבורג און האָט קיין שום שייכות ניט צום „פריינד". פּרוב איך לייענען אָנשטאָט „די צייט" — „דאָס לעבען", פערשטעה איך ניט, וואָס הייסט: „די לייטונג". ענדליך בעשליס איך, אַז מן הסתם האָסטו איבערגענומען די פערוואַלטונג פון „דאָס לעבען". פאַר וואָס זשע שרייבסטו ניט? נאָר אויף די פראַגע זוך איך שוין מעהר קיין תירוצים ניט. קיינער שרייבט צו מיר נישט (אַחוץ קל.) אַפילו די, וועמען איך האָבּ כסדר געדינט און אַפילו געטיילט זיך מיט דעם לעצטען. דו האָסט פערקעהרט מיט מיר זיך געטיילט און מיר כסדר טובות געטון. יעדענפאַלס ביסטו דער איינציגער פון מיינע פריינד, וואָס שרייבען מיר דאָך וועןן ניט ווען.

גריס נעמי׳ן. שרייבען צו איר בעזונדער האָבּ איך קיין חשק ניט, הגם אַך האָבּ זי פריינדליך־ליעב. דאָס ווייסט זי. נאָר וואו זי איז און וואָס איז מיט איהר, וואָלט איך שטאַרק געוואָלט וויסען. נאָך אין יולי מאָנאַט האָבּ איך געשריעבען דעם ד״ר קאַפּעל קיין לאָדז און ממש רחמים געבעטען זיך ביי איהם, ער זאָל מיר כאָטש אַ יין בריעף צושיקען און אויספיהרליך בעשרייבען, וואָס עס טוט זיך אין אידישען טעאַטער; ממילא האָבּ איך אין דעם בריעף געפרעגט אויף נעמין. נאָר וואו, ווען? קיין תשובה פון איהם האָבּ איך עד היום ניט.

איך האָבּ דיר געשריעבען וועגען די האָפנונגען, וואָס איך האָבּ, אַז מען זאָל מיר ענדליך ערלויבען זיך אַריבער צוקלייבען אין אַנ׳אַנדער אָר[illegible]אָר געשריעבען האָבּ איך קיין באָברויסק און דו ביסט גאָר אין וואַרשוי. [illegible]. דיר געבעטען, דו זאָלסט זעהען טון וועגען דעם. נאָר איצט זעה איך, אַז דו ביסט „אַרויס אין טיראַזש". ביסטו געוואָרען פערוואַלטער פון „לעבען", פערשטעה איך, אַז דו ביסט אַנ׳אביון.

ביסטו אין וואַרשוי, טאָ בעזאָרג מיר אָט וואָס. אין „הצפירה" אַרבייט אַ געוויסער טשערנאָוויץ שמואל. מיט זיינעם אַ ברודער בין איך די לעצטע 4—3

טעג געזעסען אין איין קאַמער אין ווילנא. און ביי איהם האָב איך איבער־געלאָזען אַ קאַיעט — אַ מין טאַגע־בוך. קאָן זיין, אַז עס האָט זיך איהם איינגע־געבען אַרויסצוטראָגען עס אויף דער פרייהייט. אויב יאָ, וואָלט איך זעהר געוואָלט אַז דאָס זאָל איבערגעהן צו דיר און דאָס זאָל בלייבען גאַנץ. געשריעבען איז עס מיט אַ בלייפעדער; דאַרף מען עס בעשמירען מיט לאַק; ווען ניט, וועט זיך דאָס אין גיכען אין גאַנצען אָברייבען. טאָ בעזאָרג עס, איך בעט דיר.

אפשר איז מעגליך, אַז איך זאָל בעקומען אומזיסט דעם „קוריער צאָדזיענני“. איך מיין, אַז מען בעדאַרף נור בעטען די רעדאַקציע, וועט זי שיקען. פרוב. אויב אָבער מען בעדאַרף צאָהלען, וויל איך ניט בשום אופן.

ווער איז דאָס אין דער „אידישער וועלט“ א. ווילנער? („ליכט און שאָטן“) מיר אינטערעסירט דאָס. (געזעהען האָב איך נור די ערשטע 6 ביכער פון זשורנאַל און נור אַ טייל פון די איבריגע אויסגאַבען.) זומער אין „פריינד“ האָב אין געטראָפע. עטליכע קליינע פעליעטאָנען, זעהר עלעגאַנט נעשריעבען, געחתמ׳ט מיט איניציאַלען (איך האָב זיי פערגעסען), עס האָט אַנ׳עהנליכקייט צום א. ווילנער.

זעהסטו פרצ׳ן, טאָ גריס איהם האַרציג. דאָס קאַרטעל (מיט די חתימות) זיינע האָט מיר גוואַלדיג דערפרעהט. אין די אויגען הייס געוואָרען.

פאַר וואָס שרייבסטו מיר ניט וועגען דיינע היימישע אָנגעלעגענהייטען? עס איז דיר שווער? שרייב כאָטש דעם סך־הכל, ד. ה. וואו האַלסטו אין דער וועלט.

און בכלל שרייב! פון 100 איז דאָך אַוודאי 60 שאַנסען, אַז מיר וועלען זיך נאָך אַמאָל טרעפען. ועסטו דאָך ניט קאָנען אָנקוקען מיר גלייך אין די אויגען אויס בזיון.

זיי געזונד! א. ווייטער.

22 יאַנואַר 1914.

---

היינט ערהאַלטען ביידע בריעף — איינעם פון וואַרשוי, דעם צווייטען פון באָברויסק. לערך אין אַ טאָג 5 אַרום לאָז איך זיך אין וועג. — מיט דער פאַריגער פאָסט געשיקט אַ רוסיש קאַרטעל. בריעף ווערען דאָ פערפאַלען מאַסענווייז. מיין איך, אַז אַ רוסיש קאַרטעל האָט מעהר שאַנסען אָנצוקומען. —

מיט דער פאָלגענדער פאָסט שיק איך (פון וועג) אַנ׳אויספיהרליכען בריעף. זייט אַלע געזונד.

אַדאַנק אייך פאַרן קאָסטיום און פאַר די „גוטע זאַכען“. ערהאַלטען וועלן איך זיי, קענטיג, ערשט אין אַ חדשים 2 אַרום.

זייט זשע געזונד. אייער א. וו.

אַלץ ערהאַלטען אַחוץ — בריעף. קיין איינגעטונקטע פעדער! — פאַר אַלץ אַ הייסן דאַנק. דאָס עסענוואַרג איז דאָ אויך צו נוץ געקומען. די וועש — וו געוואונשען. נאָר מיט די בגדים איז שלעכט. דאָס העלע איז לחלוטין שמאָל. דאָס דונקעלע וועל איך אפשר פעררריכטען. נאָך אַמאָל — אַדאַנק.

איך האַלט אין איין עסען — קרויט. די לעבענס־בעדינגונגען זענען דאָ גאַנץ ערטרעגליך. אַבי אַרויסגעריסען זיך פון דער טונדרע.

וואָס איז דער שכל, וואָס דו שרייבסט ניט?

זייט אַלע היים בעגריסט. — א. ווייטער.

---

ליעבער און טייערער!

איך האָב שוין דיר געשריעבען, אַז איך האָב אַלע דיינע דריי פּאָסילקעס ערהאַלטען. דאָס עסענוואַרג אויפגעגעסען, די קאָנפּעטען צוטיילט (איך עס זיי ניט), די וועש אָנגעטון און די בגדים אָבגעטראָגען צום שניידער. שמאָל, ברודער!... דער שניידער איז אַ לא־יוצלח, איך אַליין בין אויך ניט קיין גרויסער מוצלח (צו אַלע אומגליקען, בעדאַרף איך נאָך זיין אַ ברייט־ביינינער!) און דאָך וועל איך גאָר אין גיכען (עס איז געווען פּאַסכאַ, האָט דער שניידער ניט גע־אַרבייט) אומגעהן אין גאַנצע קליידער. און דאָס איז דער עיקר. ווייל די איצטיגע בגדים מיינע האָבען זיך ממש צושאָטען.

פון דיין בריעף (פון דעם $22/_{III}$) זעה איך, אַז איך האָב געהאַט צו דיר טענות. וואָס איך האָב געשריעבען, געדענק איך ניט, נאָר ווי איך זעה, האָב איך פון דיר געמאָהנט בריעף. טאָ זיי ניס בייז. איך בין בכלל געוואָרען אַ נודניק, אָבגעלאָזען זיך, ווי אַנ׳ענדיק, און האָב כסדר טענות צו דער וועלט. נאָר איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל זיך אויסבעסערען. האָב געדולד. און היות ווי עס איז מעגליך, אַז מען זאָל מיר דעם טערמין פערקלענערען אויף אַ יאָהר, וועט אָט די אויסבעסערונג געהען קרעשטשענדאָ. אגב, די פראַגע וועגען מאַני־פעסט איז נאָך אַלץ ניט פערענטפערט, נאָר אין אַ פּאָר וואָכען אַרום, האָף איך, וועל איך ענדגילטיג וויסען, יאָ אָדער ניין.

וואָס עס׳עס בילד איז פערלוירען געגאַנגען, פערדריסט מיר מוראדיג. אייב דאָס איז געשיקט געווען קיין אַלינסק, קאָן געמאָלט זיין, איך זאָל עס בעקומען אין אַ פּאָר חדשים אַרום.

נאָר ווער ווייס! די פּאָסט איז דאָ אַפּערשאָלטענע. יעדענפאַלס, בעט איך דיר („רב״שע, ווידער אַמאָל בריעף — בריעף!״...) טו זיך אָן אַ כח און שרייב מיר אַ נ׳אויספיהרליכען בריעף. שיק איהם רעקאָמאַנדירט, וועט קיין ספק ניט זיין, אַז איך וועל איהם ערהאַלטען, און אין דעם בריעף בעשרייב מיר אויספיהרליך (זאַכליך), וואָס טוט זיך מיט דיר. איך בעט דיר ניט, אַז דו זאָלסט מיר בעשרייבען די גאַנצע צוויי יאָהר, בעשרייב לכל הפחות דעם „איצט״. איך ווייס אייגענטליך אַזוי גוט ווי גאָר נישט. וואָס טוסטו און וואָס ביסטו אין „פריינד״? און ביסטו „אין פריינד״, וואָס זשע זיצטו אין באָברויסק? און בכלל, ווי לעבסטו? לכל הפחות, בעשרייב דאָס אַלטעגליכע, די גשמיות. און אַחוץ דעם, אויב דו וועסט נאָך האָבען געדולד — אויך די רוחניות. — איך וואָלט דיר אויך אַזוי אויס-פיהרליך געשריעבען, ווי איך פערלאַנג פון דיר. נאָר, ערשטענס, איז ניטאָ קיין מוטה צו שרייבען, ווען איך בעקום קיין תשובה ניט. צווייטענס, דו קאָנסט זיך אַליין פאָרשטעלען, ווי איך לעב דאָ. און דאָך בין איך שטענדיג גרייט אַמ׳אויספיהרליכסטען צו שרייבען וועגען זיך. ניט דערפאַר, ווייל איך האָב צו פיעל צייט און האָב ליעב צו שרייבען וועגען זיך (דאָס ערשטע איז ריכטיג, נאָר דאָס צווייטע — לחלוטין ניט: מיר איז צייטענווייז פיינליך-שווער צו שרייבען וועגען מיין איצטיגען לעבען) נאָר בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב סך-הכל עטליכע פריינד און אַפילו אָט די צאָהל צושמעלצט זיך אויך ווי וואַקס פאַר פייער, האַלט איך זיך שטאַרק ביי די איינצעלנע, וואָס זענען נאָך ווי עס געבליעבען. ווילטו זיך האַלטען אָן מיר, טאָ טו עס ווי געהעריג — נאָר גענוג תעגען בריעף!

וואו איז דיין ברודער צאַלע און וואָס איז מיט איהם און וואו איז חיה יון וואָס איז מיט איהר? און אפשר ווייסטו, וואו איז בן-עמי. אגב, ער איז אויך איינער פון די, וואָס האָבען מיר די גאַנצע צייט אַפילו קיין בלויזע קאַרטעל ניט אַריינגעשיקט.—

אויף דעם נייעם אָרט מיינעם איז מיר נאַטירליך בעדייטענד בעסער, ווי אין טורוכאַנסק. און דאָך וואַרט איך מיט מורא אויף דער תשובה וועגען מאַני-פעסט. טאָמער ניט — האָב איך גאָר מורא צו טראַכטען וועגען דעם.—

זייט אַלע בעגריסט. עסיאַ, ליבינקע, שיק מיר נאָך אַמאָל דיין בילד! איך בעט דיר! איך וויל זעהן, ווי דו ביסט אויסגעוואַקסען.

זייט גליקליך. אייער מיטן גאַנצען הארצען

14 אַפּריל 1914. א. ווייטער.

P. S. מיט עטליכע חדשים צוריק האָב איך דיר געבעטען, דו זאָלסט זיך דערוויסען, וואו איז געבליעבען מיין קאַיעט, וואָס איך האָב געהאַט אין ווילנער טורמע, און נעהמען איהם צו זיך, אויב ער געפינט זיך ביי טשער-נאָוויטש׳עס ברודער. ענטפער מיר, וואו האַלט דאָס דערמיט.

טייערסטע מיינע!

דעם 22-ען סעפטעמבער, ד. ה. אין 6 טעג אַרום, בעפריי איך זיך. מיטן עטאַפּ וועל איך ניט ·געהן: בעפרייט זיך דערפון. קום איך אין גיכען — וואוהין? ווייס איך אַליין נים.

ערהאַלטען די טעג דיין בריעף, מענדיל. איך בין די גאַנצע צייט ניט אין טעות. איך שטעל זיך פאָר גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ חורבן עס איז ביי אונז.— אַ „פּראָחאָדנאָיע" וועט מען מיר געבען קיין ווילנא. מיט דער זעלבער גלייכגילטיגקייט וואָלט איך זיך געלאָזען אין אַן'אַנדער שטאָדט. — ווי לאַנג עס וועט געדויערן דער וועג, ווייס איך. עס איז רעכט צוויי וואָכען (דאָס איז דער מינימום) און עס איז רעכט צוויי חדשים —

זייט אַלע, ליעבע מיינע, געזונד און דרייסט.

אייער א. ווייטער.

16 סעפטעמבער 914.

---

*) אַ דאַנק פאַר דער צושריפט, רעוועקאַ סעמיאָנאָוונאַ! „איר ווערט עלטער און מיאוסער"? אין דער הינזיכט שטיי איך פון אייך ניט אָפּ. ניט גוט.

און עס לעבט זיך שלעכט. אַפילו זעער שלעכט. געוויס, ווען-עס-איז וועט ווערן בעסער. דערווייל אָבער איז שלעכט און יוצא.

ע... ליבינקע, איך דערמאָן דיך אָפט און שטעל זיך פאָר, ווי דו ביסט אויס-געוואַקסען פאַר די 2 יאָר. שרייב מיר אָן אַ בריוו, אָבער שרייב אָן ווי אַ גרויסע, באַזונדער פון דער מאַמען און פון דעם טאַטן, נו, טאַקע ווי אַן אמתע גרויסע. שרייב אָן, ווער זיינען דיינע חברטעס — אָליאַ? אַדער אַנדערע? און דעם אַפּטייקערס טאָכטער (איך האָב פאַרגעסן זיין פאַמיליע) — גייט איר נאָך איינע צו דער אַנדערער? שפּאַצירסטו נאָך מיט די חברטעס איבער מוראַוויאָווער גאַס? האָסטו

*) צוליב מיליטער-צענזור זיינען און מיר געבן דאָ די זייער איבערזעצונג.

Спасибо за приписку, Ребекка Семеновна! «Старѣете и дурѣете?» В этом отношенiи и я от Вас не отстаю. Нехорошо.

И живется плохо. Даже очень плохо. Конечно, когда-нибудь лучше будет. Но пока-что—нехорошо да и только.

Э..., милая, я тебя часто вспоминаю и представляю себѣ, как ты выросла за эти два года. Напиши ты мнѣ письмо, но напиши, как большая, отдѣльно от мамы и от папы, ну, совсѣм как большая. Напиши, кто твои подруги—Оля? Или другiя? Бываешь ли ты и бывает ли у тебя дочь аптекаря, у котораго служила Хая (я его фамилiю забыл). Гуляешь ли ты с подругами по Муравьевской? Есть ли у тебя зна-

א טייל בריוו געשריבן אין רוסיש

באַקאַנטע יינגלאַך? און — למען־השם — וואָס ווילסטו זיין? דו ווילסט נאָך אַלץ ניט זיין קיין אַקטריסע? אַ פּיאַניסטין ווילסטו זיין?

ווער לערנט דיך? וואָס לערנט מען דיך? וועלכע פרעמדע שפּראַך? וואָס הערט זיך מיט דער מוזיק? וויאָלאָנטשעל שפּילסטו נאָך? וואו איז ח.? וואו איז דער פעטער צ.? וואָס מאַכט דער זיידע דיינער און די מומעס?

און איך לעב ווייט־ווייט, סאַמע ביים פּאָלאַרן קרייז. און געוואָרן בין איך אַ שרעקליכער, זעער אַ שרעקליכער, אַזוי ווי ראָבינזאָן, אַ פאַרוואַקסענער מיט האָר און אַן אָפּגעריסענער. אָבער אַז איך וועל קומען צו פאָרן אַהיים, וועל איך זיך אָפּשערן, אָפּגאָלן, וועל אויפעסן צוויי מיטאָגן פאַר אַמאָל, וועל זיך איבערטאָן אין נייע בגדים און וועל קומען צו דיר אַ פראַנט וואָס אַ פראַנט הייסט, דיר זאָל ניט זיין מיאוס צו שפּאַצירן מיט מיר אויף מו־ראַוויאָווער גאַס. אָבער דאָס וועט זיין נאָך ניט אַזוי גיך. און דערווייל שרייב מיר בריוו און ניט פאַרגעס מיך.

комые мальчики? И—непремѣнно! — кѣм ты хочешь быть? Все еще не хочешь быть актрисой? Піанисткой хочешч быть?

Кто тебя учит? Чему учат? Какому языку иностранному? Как музыка? На віолончель еще играешь? Гдѣ Х. Гдѣ дядя Ц. Как дѣдушка твой поживает и тетки?

А я живу далеко-далеко, у самаго полярнаго круга. И стал я страшный-престрашный, как Робинзон, худой, обросшій волосами и оборванный. А когда вернусь на родину, я остригусь, обрѣюсь, сразу два обѣда с'ѣм, переодѣнусь в новое платье и пріѣду к тебѣ франт-франтом, чтоб тебѣ не стыдно было гулять со мной по Муравьевской. Но это еще не скоро будет. А пока что пиши мнѣ письма и не забывай меня.

---

איך באַוועג זיך פאָראויס זעער לאַנגזאַם. דער וועג איז אַ שרעקליכער: גריבער, באַרג־אַראָפּן אומבאַשרייב־ליכע. כ׳בין מיד ווי אַ הונט. מיין אַדרעס: יעניסייסק, דאָרף יאַלאַנסקאָיע און א. אז. וו.

א. ווייטער.

19 מערץ.

Подвигаюсь вперед очень медленно. Дорога ужасная: ухабы и раскаты неописуемые. Устал как пес.

Адрес мой: Г. Енисейск. Село Яланское и т. д.

А. Вайтер.

19 марта.

---

טייערער מיינער!

איך האָב שוין לאַנג דערהאַלטן דיין בריוו. געענטפערט נאָר מיט אַ קאַרטל. דאָס איז געווען פאַר מיין באַפרייאונג און פאַר מיין אַוועקפאָרן. איך האָב גערעכנט, אַז מיר וועלן זיך באַלד זעען, דערווייל אָבער בין איך געבליבן שטעקן אין קראַסנאָיאַרסק. די היגע מאַכט זאָגט, אַז מיט מיין עטאַפּ-שיין וועט מען מיר ניט אַריינלאָזן ניט קיין ווילנע און ניט קיין מינסק. איך האָב אָנגעפרעגט מיינע קרובים און פריינד, צי איז עס טאַקע אַזוי. אויב יאָ, וועל איך זיך לאָזן קיין מאָהילעוו. איך ווייס אויסגעצייכנט, וואָס מיך ערווארט, ד. ה. וואָס פאַר אַ נויט, אָבער בלייבן דאָ איז שווער, ווען מען ווייס, וואָס עס קומט פאָר דאָרטן, אין דער היים.

איך בלייב דאָ ביז איך וועל ברענגען אין אָרדענונג מיינע פינאַנסן: ס'האָט זיך געמאַכט אַ שטיקל אַרבעט. בכלל וואָלט איך דאָ מסתּמא געהאַט שטענדיגע פּרנסה, אָבער בלייבן דאָ איז שרעקליך שווער.

גאָט מיינער, ווען און ביי וועלכע אומשטענדן וועלן מיר זיך זעען!

אַ האַרצליכן גרוס אייך, רעוועקאַ סעמיאָנאָוונאַ, און דיר, ע., ליבינקע, האַרציגע. וואָס טוט זיך מיט אייך, טייערע!

אינגאַנצן אייער

א. ווייטער.

7 אָקטאָבער 1914.

מיין אַדרעס...

---

טייערע רעוועקאַ סעמיאָנאָוונאַ!

*) איך שרייב אייך אויף טראַף. אויב דער בריוו וועט דערגיין צו אייך, וועט עס זיין אַ נס.

---

*) גרוי עלקין.

Дорогой мой!

Я давно получил твое письмо. Отвѣтил только открыткой. Это было перед моим освобожденіем и отъѣздом. Я предполагал, что мы скоро увидимся. Но я пока что застрял в Красноярскѣ. Власти здѣшнія утверждают, что меня не впустят (с проходным свидѣтельством) ни в Вильну, ни в Минск. Я запросил родных и знакомых, так ли это. Если так, то я двинусь в Могилев. Знаю отлично, что меня ждет, т. е., какая нужда, но оставаться здѣсь тяжело, зная, что там, в родных мѣстах происходит.

Останусь я тут пока не поправлю своих финансов: подвернулась работишка. И вобще, тут у меня, вѣроятно, был бы постоянный заработок, но оставаться здѣсь ужасно тяжело.

Боже мой, когда и при каких условіях мы с тобой увидимся!

Сердечный привѣт Вам, Ревекка Семеновна, и тебѣ, Э., родная, милая. Что с Вами дѣется, дорогіе.

Весь Ваш А. Вайтер.

7 октября 1914.

Адрес мой: Благовѣщенская 57, Ольгѣ Яковлевнѣ Рейфшнейдер для меня.

---

Дорогая Ревекка Семеновна!

Пишу Вам наугад и если это письмо дойдет до Вас, то это будет чудо. У меня к вам усерднѣйшая просьба. Я отлично знаю, что дѣла-

איך האָב צו אייך אַ גרויסע בקשה.
איך ווייס אויסגעצייכנט, וואָס עס טוט זיך ביי אונז און אַז אַ סך, זעער אַ סך וואָלטן זיך געשעצט גליקליך, ווען זיי וואָלטן געקענט זיין אויף מיין אָרט, ד״י ה. לעבן פריי אין קראַסנאָיאַרסק. אָבער איך קען דאָ שוין ניט לעבן לענגער. צום אומגליק, איז פאַר מיר, ווי פאַר אַ געוועזע־נעם פאַרשיקטן, פאַרבאָטן. דער גאַנצער תּחום המושב, אויסער מאָהילעווער, פּאָל־טאַווער און אַ טייל יעקאַטערינאָסלאַווער גוב. אין די לעצטע צוויי קען איך ניט פאָרן. אין מאָהילעווער וואָלט איך יאָ געפאָרן. אין מאָהילעוו גופא — נאָר אין דעם פאַל, ווען איך זאָל דאָרט האָבן כאָטש אַ וועלכע עס איז פּרנסה; אין די אויעזד־שטעט און שטעטלאַך — אַפילו אָן שום אויסזיכטן אויף פּרנסה. פאַר דער צייט, וואָס איך לעב דאָ, האָב איך אָנגע־זאַמלט אַ געוויסע סומע געלט און אין ניט קיין גרויסער שטאָט וואָלט איך קענען ווי עס איז דערציען ביזן סוף מלחמה. נאָר איך האָב ממש מורא צו קומען אין אַזאַ צייט אין גאָר אומבאַקאַנטע און פרעמדע שטעט. איז אָט: צי האָט איר ניט קיין באַקאַנטע ערגעץ־וואו אין אַ שטאָט אָדער שטעטל פון מאָהילעווער גוב. (אויסער האָמעל — אַהינצו טאָר מען ניט), און אויב יאָ — וועט איר מיך אפשר רעקאָמאַנדירן צו זיי און בעטן, זיי זאָלן מיך גאַסטפריינדליך אויפנעמען. קיין מאַטעריעלע הילף דאַרף איך ניט. אויב איר האָט באַקאַנטע נאָר אין מאָהילעוו גופא, טאָ שרייבט אַהינצו (סוף־כל־סוף בין איך מסכים צו פאָרן אפילו אַהין) און פרעגט אָן פאַראיינס וועגן דער מעג־ליכקייט צו געפינען דאָרטן עפּעס אַן אַרבעט.

ется у нас и что многіе и многіе почитали бы себя счастливыми, еслибы они могли теперь быть на моем мѣстѣ. т. е. жить свободно в Красноярскѣ. Но я тут больше жить не могу. К ужасу, для меня, как для бывшаго ссыльнаго, закрыта вся черта осѣдлости, кромѣ Могилевской, Полтавской и части Екатеринославской губерній. В послѣднія двѣ я ѣхать не хочу. В Могилевскую же я бы поѣхал. В самый Могилев — лишь в том случаѣ, еслибы у меня там был хоть кое-какой заработок. А в уѣздные города и мѣстечки— даже без видов на заработки. За то время, что я тут живу, я накопил нѣкоторую сумму денег и в небольшом городѣ я бы мог, пожалуй, как нибудь дотянуть до окончанія войны. Но мнѣ буквально жутко явиться в совершенно незнакомыя и чужія мѣста время(?). Так вот: нѣт ли у Вас знакомых в каком-либо городѣ или мѣстечкѣ Могилевской губ) (кромѣ Гомеля—туда нельзя. и если есть, то не отрекомендуете ли Вы меня им и попросите, чтобы они меня приняли гостепріимнȯ. Матеріальной помощи мнѣ никакой не нужно.—Если знакомые у Вас есть только в Могилевѣ, то напишите туда (в концѣ концов я согласен и туда поѣхать) и спросите уже за одно о возможности найти там какую нибудь работу.—

אויב איר האָט געוואַרט פון מיר בריוו, טאָ זייט ניט אין כּעס אויף מיר. איר שטעלט זיך קוים פאָר, ווי שווער מיר איז דאָ, ווי איך בין נידערגעשלאָגן פון אונזער אַלגעמיינער לאַגע און וואָס פאַר אַ ביטערער געפיל פון פאַרדראָס ביי מיר איז צו מיינע פריערדיגע פריינד און חברים; ביי אַזאַ געמיט=צושטאַנד איז שרעקליך שווער צו שרייבן.

וואו זייט איר? ע., ליבינקע, ס׳אַר אַ גרויסע דו ביסט שוין מסתמא אויסגעוואַקסן? און אויגן האָסטו, מסתמא, אומעטיגע.

וועגן מענדלען ווייס איך גאָרנישט. אויף מיינע בריוו ענטפערט ער ניט. אַדרעסירט מיינע בריוו אַזוי...

אַלדאָס גוטס.

א. וויטער.

16/v, 15=טער יאָר.

Если Вы ждали от меня писем, то не сердитесь на меня. Вы едва ли представляете себѣ, как тяжело мнѣ тут, как я подавлен нашим обшим положенiем и какое у меня горькое чуство обиды на своих прежних друзей и прiятелей; в таком душевном состоянiи страшно трудно писать.

Гдѣ Вы? Э., родная, какая ты, вѣроятно, выросла уже большая? А глаза, должно быть, у тебя грустные!

О Менд. я ничего не знаю. На письма мои он не отвѣчал.

Адресуйте так: Красноярск, Управленiе Ачинско - Минусинской дор., Станиславу Пет(р)овичу Барыгѣ. Можно без передачи. — Всего лучшаго.

А. Вайтер.

16. V. 15 г

---

ענדליך האָסטו זיך אָפּגערופן! פאַרוואָס דו האָסט אַזוי איינגעשפּאַרט און אַזוי לאַנג געשוויגן — וועל איך, מסתמא, ערשט פאַרשטיין דאַן, ווען איך וועל דיך זעען פּנים=אל=פּנים. —

וועגן זיך, טייערער מיינער, קאָן איך ניט שרייבן און, אייגנטליך, איז ניטאָ וואָס צו שרייבן. כ׳קאָן ניט דערפאַר, ווייל פון וואָס איך זאָל ניט אָנהייבן, וועל איך אומפאַרמיידליך באַרירן דעם אָנגעווייטאָגטן אָרט, וועלכן איך מוז דעליקאַט אויסמיידן — דהיינו, ווי אַזוי עס האָבן זיך פאַרהאַלטן און פאַרהאַלטן זיך נאָך איצט צו מיר מיינע פריערדיגע פריינד און חברים. אַך, דו ביסט אויך ניט גאָר ריין דערפון! און מיר ווילט זיך דעריבער עס אינגאַנצן ניט באַרירן. איבעררייסן מיט דיר — דאָס איז גרינג צו זאָגן

Наконец-то ты откликнулся! Почему ты так упорно и так долго молчал — это я, вѣроятно, пойму лишь тогда, когда увижу тебя лицом к лицу.

О себѣ, дорогой мой, я не могу писать и, в сущности, нечего писать. Не могу, потому что я неминуемо, с чего бы я не начал, задѣну то больное мѣсто, которое мнѣ нужно деликатно обходить — именно, как себя вели и ведут по отношенiю ко мнѣ мои прежнiе друзья и прiятели. Увы! не безупречен и ты. И мнѣ поэтому совершенно не хочется касаться этого. Порвать мнѣ с тобой — это легко сказать, но

אָבער גאָרניט גרינג איבערצוטראָגן, בפרט אין אַזאַ צייט, ווען ביי מיר פערזענליך רייסט זיך אַלץ אָן האָפענונג. — אַגב איז באמת ניטאָ וואָס צו שרייבן וועגן זיך. איך בין זאַט, באַקליידט. באַשוכט *) און גאָר. אַלדאָס איבעריגע איז כסדר שלעכט, פונדערווייטנס ווייזט מיר אונזער לאַגע אויס האָפנונגסלאָז. וואָלט איך געווען אויפן אָרט, געלעבט צווישן מיין פאָלק, וואָלט איך מסתמא געזען אויך די עלע-מענטן פון גייסטיגער און עקאָנאָמישער לעבנספעאיגקייט, וועלכע וועלן אונז געבן די מעגליכקייט צו דערהאַלטן זיך, ניט קוקנדיג אויף קיין שום זאַך. דאָ אָבער, אין דער פרעמד, ווייט אין העק און אין איינזאַמקייט, דאַכט זיך מיר טיילמאָל, אַז אַלץ ווערט חרוב און אַז אונזער אונטערגאַנג איז אומפאַרמיידליך. ווען דו זאָלסט וויסן, ווי שווער, ווי פיינליך דאָ איז צו זיצן!

טייערער מיינער.

ווי אַזוי קלייבסטו זיך עס צו קומען אַהערצו, אַז צייט 1908, דאַכט זיך, האָבן אַלע יידן, אָן אויסנאַם (אַפילו די' וואָס מעגן פריי וואוינען אין גאַנץ רוס-לאַנד) קיין וואוינרעכט ניט אין סיביר אייסער די, וועלכע זיינען ביז דעם יאָר דאָ געזעסן? צי ווייסטו עס? און האָפן דורכלעבן דאָ ווי עס איז אַזוי קאָן מען ביי איצטיגע צייטן בשום אופן ניט.

וועגן פרצס טויט האָב איך זיך דער-וואוסט פון רוסישע צייטונגען! און אין דעם זשורנאַל-ביכל **), וואָס איז גע-ווידמעט זיין אָנדענקען, וועט מיין אַר-טיקל ניט זיין.

*) וויטער איז שוין געווען אויף א שטעלע אין פארוואלטונג פון מינוסינסק-אטשינסקער באן און איז געווען מאטעריעל באזארגט.

**) „ידישע וועלט".

совсѣм не легко это перенести, в особенности в такое время, когда лично у меня все рвется безнадежно. Да и писать о себѣ нечего. Я сыт, одѣт и обут. Вот все. Остальное все скверно. Издали мнѣ наше положеніе кажется безнадежным. Если бы я был на мѣстѣ, жил бы среди своего народа, я бы, вѣроятно, видѣл и тѣ элементы духовной и экономической жизнеспособности, которые дадут нам возможность уцѣлѣть, несмотря ни на что. А тут, на чужбинѣ, вдали и в одиночествѣ, мнѣ иногда кажется, что рушится всо и что гибель наша неминуема. И если-бы ты знал, как тяжело, как мучительно тут сидѣть.—

Родной мой как это ты собираешься сюда, в то време, как с 1908, кажется, года всѣ без исключенія (даже тѣ, которые могут свободно жить по всей Россіи) евреи лишены права жить в Сибири, за исключеніем тѣх, которые до этого времени жили здѣсь? Знаешь ли ты это? Надѣяться же прожить здѣсь как-нибудь — по нынѣшним временам, ни в коем случаѣ нельзя. О смерти Переца я узнал из русских газет! А в книжкѣ журнала, которая посвящена его памяти, моей статьи не будет. Если я смогу простить своим виленским друзьям и коллегам всякія другія непростительныя вещи, то я им никогда не прощу того, как они обошлись со

אויבֿ איך וועל ווען־עס־איז קענען מוחל זיין מיינע ווילנער פריינד און קאָלעגן אַלע אַנדערע אומפאַרמיידליכע זאַכן, וועל איך זיי אָבֿער בשום אופן קיינמאָל ניט מוחל זיין זייער באַגיין זיך מיט מיר בנוגע דעם דאָזיגן שרעקליכן טויט.—

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָבֿ איך געשריבֿן ר. דער בריוו איז, ווייזט אויס, אָנגעקומען. פון אים ווייסטו שוין, אַז איך וויל פאָרן אין מאָהילעווער גובֿ׳ אָדער אין מאָהליעוו גופא. צי וועל איך פאָרן און ווען איך וועל פאָרן — ווייס איך ניט. אי דאָ איז מיר שווער, אי פאָרן אין אַ פרעמדער, אומבֿאַקאַנטער און אומקולטורעלער שטאָט ווילט זיך ניט. אין מינסק אָדער ווילנע וועל איך איצט ניט קענען קומען, אַפילו ווען מען זאָל זיך וועגן דעם משתדל זיין.

אויבֿ דו וועסט אַהער ניט קומען (און איך ווייס אויף זיכער, אַז קומען אַהער טאָרסטו ניט). איז מיר שווער אַפילו צו משער זיין, ווען וועלן מיר זיך זען.

וואָס וועט עס זיין! פאַר דער גאַנצער צייט פון אונזער קיום, פאַר די אַלע יאָר טויזנטער — זיינען נאָך ניט געווען אַזעלכע נסיונות. אין אונזערע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס איז אַלע מאָל געווען דערהייבֿנקייט. און איצט איז קיין דערהייבֿנקייט אינגאַנצן ניטאָ, הגם די קאַטאַסטראָפע איז אומגעהײער, ניט פאָרצושטעלן זיך! וואָס וועט עס זיין!

ליבֿע, טייערע ע., ווי וואָלט איך דיך וועלן זען! — אַ האַרציגן גרוס רעוועקען.

מיין אַדרעס . . . . . . . . . .

אפשר קאָנסטו מיר געבֿן עפּעס אַ פראַקטישע עצה וועגן מיין קומען בכלל און קיין מאָהילעוו בפרט. דיין א. ווייטער.

P. S. אַ פּאַספּאָרט האָבֿ איך שוין.

מאי 1915.

мной в отношенiи вот этой ужасной смерти.

Нѣсколько времени тому назад я писал Р. Письмо, очевидно, дошло. Из него ты уже знаешь, что я хочу ѣхать в Могилевскую губ. или в самый Могилев Поѣду ли я и когда поѣду—я не знаю. Мнѣ и тут тяжело и в чужой, незнакомый и некультурный город ѣхать не охота. А в Минск или Вильно—**теперь** я туда не попаду, еслибы даже хлопотали. И если ты сюда не прiѣдешь (а я же достовѣрно знаю, что тебѣ сюда прiѣхать нельзя), то трудно даже приблизительно предвидѣть, когда мы с тобой увидимся.

Что-то будет! За все время нашего существованiя, за всѣ эти тысячелѣтiя, еще не было **таких** испытанiй. В наших нацiональных катастрофах всегда было величiе. А величiя теперь нѣть вовсе, хотя катастрофа огромна, не вообразимма! Что-то будет!

Милая, родная Э, как бы я хотѣл тебя видѣть!—Сердечный привѣт Ревеккѣ.

Адрес мой: Управленiе Ачинско - Минусинской дор., С. П. Барыгѣ. Без передачи.

Быть может, ты мнѣ что нибудь практически посовѣтуешь на счет моего прiѣзда вообще и прiѣзда в Могилев или Могилевскую губ. в частности.

Твой А. Вайтер.

P. S. Паспорт у меня уже есть.

Дорогой мой!

Я уже тебѣ телеграфировал сегодня, что выѣду при первой возможности. А наступит она в концѣ іюня или в первых числах іюля. Но не ранѣе конца іюня. Дѣло в том, что в Управленіи, гдѣ я служу,. я должен об уходѣ заявить за двѣ недѣли. А главное, у меня тут другая работа, которую я никак не успѣю закончить ранѣе 3-х недѣль. Значит, не позже числа 3-4 іюля я выѣду и числа 11-го я буду... гдѣ? Я себѣ представляю теперешнюю жизнь в наших мѣстах до того необычной, что не представляю себѣ даже возможности заѣхать к тебѣ.

Перед своим выѣздом я тебѣ напишу, да и до этого я еще напишу тебѣ. Ты же, ѣсли удосужишься, можешь мнѣ отвѣтить на это письмо, а твой отвѣт застанет меня здѣсь.

Телеграмма твоя была для меня чрезвычайной неожиданностью. Спасибо, дорогой мой! Знаю, отлично представляю себѣ, как жутко теперь в наших мѣстах. Но здѣсь жить мнѣ совершенно невыносимо. Замучился.

Привѣт Р.

Э., родная, я тебя скоро увижу!

Твой Вайтер.

4. VI. 15.
Красноярск.

---

טייערער מיינער!

איך האָב שוין דיר דעפּעשירט היינט, אַז אַרויספאָרן וועל איך ביי דער ערשטער מעגליכקייט, און קומען וועט מעגליכקייט סוף יוני אָדער אָנהייב יולי, אָבער בשום אופן ניט פריער פון סוף יוני. די סיבה איז, וואָס אין דעם אַמט, וואו איך בין אַן אָנגעשטעלטער, מוז איך מעלדן וועגן מיין אַוועקגיין מיט צוויי וואָכן פריער. און דער עיקר איז, וואָס איך האָב דאָ נאָך אַן אַרבעט, וועלכע איך וועל בשום אופן ניט באַוויזן צו ענדיגן פריער ווי אין דריי וואָכן אַרום. הייסט עס, אַז ניט שפּעטער פון דעם 3־טן — 4־טן יולי וועל איך אַרויספאָרן און אַרום דעם 11־טן וועל איך זיין... וואו? דאָס איצטיגע לעבן אין אונזערע מקומות קומט מיר פאָר אַזוי ניט געוויינליך, אַז איך שטעל זיך אַפילו ניט פאָר די מעגליכקייט פאַרפאָרן צו דיר.

פאַרן אַרויספאָרן וועל איך דיר אָנשרייבן; און ביז דאַן וועל איך דיר נאָך אויך שרייבן. דו, פון דיין זייט, אויב דו וועסט באַוויזן, קאָנסטו ענטפערן אויף דעם בריוו און דיין ענטפער וועט מיך טרעפן דאָ.

דיין דעפּעש איז געווען פאַר מיר העכסט אומגעריכט. אַ דאַנק, מיין טייערער! איך ווייס, און שטעל זיך זייער גוט פאָר, ווי סומנע עס איז איצט אין אונזערע מקומות. אָבער לעבן דאָ איז לחלוטין אומדערטרעגליך. בין פאַרמאַטערט געוואָרן.

אַ גרוס ר.

ע., ליבינקע, אינגיכן וועל איך דיך זעען!

דיין א. וויטער.

קראַסנאָיאַרסק: IV/VI, 15.

---

Дорогой мой!

Выѣду я—если только не будет неожиданных помѣх—не позже 3-4 августа. Ранѣе августа мнѣ во всяком случаѣ выѣхать не удастся. Ты бы поэтому хорошо сдѣлал, если-бы написал мнѣ подробно о том, как я, по твоему, смогу устроиться в Могилевѣ. Об этом я от тебя получил только телеграмму. В письмѣ Нигера, которое я получил не менѣе 5 дней тому назад, говорится о твоем подробном письмѣ, но я его не получил. Нигер пишет так: если, дескать, мнѣ нельзя будет кормиться издательством, то у меня будет мѣсто уполномоченнаго. Из твоей телеграммы, из того, что ты упоминаешь о Б., я заключаю, что ты имѣешь в виду главным образом издательство. Как бы то ни было, я очень прошу тебя по возможности написать мнѣ об этих перспективах. Между прочим, велика ли дороговизна в тѣх мѣстах?

Нѣт никакой возможности писать о главном, что волнует. Приходится молчать. Но чувство у меня такое, что перед нами раскрылась пропасть. Жутко.

Пожалуйста, дорогой мой, отвѣть мнѣ заказным письмом. Я должен ясно знать, что меня ждет там.

Привѣт Эсѣ и Ревеккѣ.

Нигеру тоже пишу сегодня.

Твой А. Вайтер.

23 іюня ,15 г.

---

טייערער מיינער ! אַרויספאָרן וועל איך, אויב ס׳וועלן זיך נאָר ניט מאַכן קיין אומגעריכטע מניעות — ניט שפּעטער פון 4—3 אַווגוסט. פאַר אַווגוסט וועל איך בכל=אופן ניט באַווייזן אַרויסצופאָרן. דו וואָלסט דעריבער גוט געטאָן, ווען דו וואָלסט מיר אָנשרייבן באַריכות, ווי אַזוי וועל איך זיך, נאָך דיין מיינונג, קענען איינאָרדענען אין מאָהילעוו. וועגן דעם האָב איך פון דיר באַקומען נאָר אַ דעפּעש. אין ניגערס בריוו, וואָס איך האָב דער=האַלטן מיט אַ טאָג 5 צוריק, ווערט דער=מאָנט וועגן דיינעם אַן אויספירליכן בריוו צו מיר, נאָר איך האָב אים ניט דער=האַלטן. ניגער שרייבט אַזוי: אויב, הייסט עס, איך וועל ניט האָבן קיין חיונה פון פאַרלאַג, וועל איך באַקומען אַ שטעלע פון אַ באַפולמעכטיגטן. פון דיין דעפּעש, פון דיין דערמאָנען וועגן ב. ווייזט אויס, אַז דיינע אויסזיכטן זיינען דערהויפּט אויפן פאַרלאַג. אַזוי צי אַזוי בעט איך דיר זעער, ווי ווייט מעגליך גענוי אָנ=שרייבן מיר וועגן די פּערספּעקטיוון. אגב, ווי האַלט עס אין יענע מקומות מיטן יקרות ?

ניטאָ קיין מעגליכקייט צו שרייבן פון דעם עיקר, וועלכער לאָזט ניט רוען. מ׳מוז שווייגן. נאָר אַ געפיל האָב איך, אַז פאַר אונז האָט זיך געעפנט אַ תהום. סומנע. איך בעט דיך, טייערער מיינער, ענטפער מיר מיט אַ פאַרמאַכטן בריוו, איך מוז קלאָר וויסן, וואָס וואַרט דאָרט אויף מיר. אַ גרוס עסיען און רבקהן.

ניגערן שרייב איך אויך היינט.

דיין א. וויטער.

23=טער יוני, 1915

21. VII. 915.

Дорогой мой!

Я давно уже послал телеграмму в отвѣт на твое письмо. Я хотѣл тогда еще отвѣтить тебѣ и письмом. Но за это время у меня было нелѣпое приключеніе. Я потерял бумажник с паспортом!... Добивался я его 7 мѣсяцев и теперь пришлось бы столько же времени сидѣть здѣсь в ожиданіи другого. К счастью, случилось нѣчто маловѣроятное: нашедшій вернул его мнѣ. Вернул его мнѣ только вчера. Значит, все по прежнему и я к 15-му пріѣду.

Об‘ясню тебѣ, почему я так колебался и почему я и теперь ѣду далеко не с легким сердцем. Еслибы я мог пріѣхать в Вильно, я бы тут и не остался бы вовсе с самаго начала. И не ждал бы пока найдут для меня опредѣленный заработок. Я еще и теперь, несмотря на весь мой весьма трудный опыт—достаточно беззаботен и увѣрен в себѣ. Но—в Могилев, в это гнилое мѣстечко—туда ѣхать без опредѣленных видов на будущее я рѣшился только в минуты самой глубокой тоски, когда мнѣ представлялось, что дальше оставаться здѣсь я уже физически не могу. Проходил острый припадок тоски и проходило желанье ѣхать в эту глушь.

Но пришла твоя телеграмма, а потом письмо от Нигера, а потом и твое послѣднее письмо. Родной мой, я тебѣ скажу правду. Мнѣ не

חצ/21, יאָר 915.

טייערער מיינער! איך האָב שוין דיר געשיקט אַ דעפּעש אַלס ענטפער אויף דעם בריוו און האָב געוואָלט נאָך דאַמאָלסט ענטפערן דיר מיט אַ בריוו. נאָר פאַר דער צייט האָט מיט מיר פּאַסירט אַ משונהדיגער צופאַל: איך האָב פאַרלאָרן מיין פּאָליאַריס מיטן פּאַס!... 7 חדשים האָט געדויערט, ביז איך האָב אים אויסגעפועלט, און איצט וואָלט אויסקומען נאָכאַמאָל אַזויפיל זיצן און וואַרטן אויף אַ צווייטן. צום גליק האָט געטראָפן אַ אומגלויבליכע זאַך: דער, וואָס האָט עס געפונען, האָט מיר אומגעקערט די אבידה. ערשט נעכטן אומגעקערט. הייסט עס, אַז אַלץ איז ווידער אין אָרדענונג און צום 15=טן וועל איך קומען צו פאָרן. איך וועל דיר דערקלערן, פאַרוואָס איך האָב אַזוי לאַנג געקווענקלט זיך און פאַרוואָס נאָך איצט אַפילו פאָר איך ניט מיט אַ גרינג האַרץ. ווען איך וואָלט געקענט קומען קיין ווילנע, וואָלט איך לכתחילה דאָ ניט געבליבן און וואָלט ניט געוואַרט, ביז מען וועט דאָרט געפינען פאַר מיר אַ באַשטימטע פּרנסה. איך בין נאָך איצט אויך, ניט קוקנדיג אויף מיין זעער שווערער ערפאַרונג, גענוג זאָרגלאָז און איינגעגלויבט אין זיך. נאָר — אין מאָהילעוו, אין דעם דאָזיגן פוילן שטעטל — אַהינצו פאָרן אָן באַשטימטע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט, האָב איך באַשלאָסן נאָר אין די מינוטן פון דעם טיפסטן יאוש, בשעת איך פלעג האָבן דאָס געפיל, אַז לענגער בלייבן דאָ קען איך שוין פיזיש ניט. פלעגט אָבער דער מאָמענט פון שאַרפן יאוש אריבער, פלעגט אויך פאַרשווינדן דער פאַרלאַנג צו פאָרן אין דעם העק.

נאָר אָט איז אָנגעקומען דיין דעפּעש,

вѣрится, чтобы Б. дѣйствительно списывался с кѣм нибудь обо мнѣ, чтоб у него, в лучшем случаѣ, хватало досуга и дѣйственной благожелательности списаться как слѣдует и дѣйствительно обезпечить меня заработком. Не вѣрю. Это результат моего весьма не сладкаго опыта. А твое письмо только укрѣпило во мнѣ мое недовѣріе. Из него ясно, что для меня никто нигдѣ мѣста не оставлял. Тут дѣло, конечно, не в том, что я поздно пріѣду. Я же поздно пріѣзжаю именно потому, что нѣт опредѣленнаго мѣста. Еслибы оно было, я же мог пріѣхать тотчас-же. Значит, и теперь я не увѣрен в том, что у меня будет якобы обѣщанное мѣсто. И всего менѣе я расчитываю, по цѣлому ряду обстоятельств, на издательство. И все таки я ѣду—даже в Могилев.

Я дѣйствительно не могу тут больше сидѣть

Был у меня Г. Явилось было у меня желаніе ѣхать на Абакан на службу. Уйти в лѣс. Предпринял даже коекакія шаги в этом направленіи, но потом окончательно эту мысль оставил.

Значит, к 15 числу я пріѣду.

Обнимаю тебя, родной мой.

Привѣт всѣм: Ревеккѣ и Эсѣ.

דערנאָך ניגערס בריוו און דערנאָך אויך דיין לעצטער בריוו.

ליבער מיינער, איך וויל דיר זאָגן דעם אמת. מיר גלויבט זיך ניט, אַז ב. האָט זיך ווירקליך מיט וועמען עס איז צונויפגעשריבן וועגן מיר, אַז ביי אים זאָל, אין בעסטן פאַל, קלעקן געדולד און אַקטיווע גוטפריינדשאַפט צונויפצושרייבן זיך ווי געהעריג און ווירקליך באַזאָרגן מיך מיט פּרנסה. איך גלויב ניט. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון מיין ניט זיסער ערפאַרונג. און דיין בריוו האָט נאָך פאַרשטאַרקט מיין אומצוטרוי. פון דיין בריוו איז קלאָר, אַז קיינער האָט ערגעץ ניט רעזערווירט פאַר מיר קיין שטעלע. דאָ גייט, נאַטירליך ניט אין דעם, וואָס איך וועל שפּעט קומען צו פאָרן,—איך קום דאָך שפּעט טאַקע דערפאַר, וואָס איך האָב ניט קיין באַשטימטע שטעלע. ווען זי וואָלט געווען, וואָלט איך דאָך געקאָנט קומען תיכף. אַלזאָ בין איך איצט אויך ניט איבערצייגט, אַז איך וועל באַקומען די כלומרשט צוגעזאָגטע שטעלע; און וויניגער פאַר אַלץ פאַרלאָז איך זיך, צוליב אַ גאַנצער ריי טעמים, אויפן פאַרלאַג, — און פונדעסטוועגן פאָר איך—אַפילו קיין מאָהילעוו. איך קען באמת דאָ לענגער ניט בלייבן.

געווען ביי מיר ג. עס איז מיר געוועסט איינגעפאַלן, אָננעמען אַ שטעלע אויף אַבאַקאַן *), אַוועק אין וואַלד. איך האָב שוין אַפילו געהאַט געטאַן טריט אין דער ריכטונג, נאָך דערנאָך האָב איך אינגאַנצן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם דאָזיגן געדאַנק.

הייסט עס, אַז צום 15-טן קום איך. איך נעם דיך אַרום, ליבער.

אַ גרוס אַלעמען: רבקהן און עסיען.

*) אַבאַקאַן איז אַ טייך העכער פון קראַסנאָיאַרסק אַ וויאָרסט צוועלף הונדערט. אַ פּעטערבורגער פירמע האָט דאָרט געהאַט אַ וואַלד-קאָנצעסיע, אין וועלכער איך בין געווען סוף 1915 יאָר און דאָס 1916 פאַרוואַלטער. נאָך פאַר מיין קומען אַהין האָט ווייטער ברע.ה געהאַט אָנגענומען דאָרט אַ שטעלע. מ. עלקין.

טייערער מיינער!

איך פאָר ניט. איך בלייב דאָ נאָך אויף עטליכע חדשים. אויב עס וועלן זיך עפענען אונזערע צייטונגען, וועל איך זיך אומקערן פריער. —

אַ חוץ דיר שרייבט זיך מיט מיר קיינער ניט דורך און דיך בעט איך זעער, שרייבן מיר כאָטש ווען־עס־איז, כאָטש קורץ, אַבי ניט איבעררייסן דאָס איינציגע פעדימל, וואָס פאַרבינדט מיך מיט מיין היים. מיין האַרציגן גערוס אַלעמען.

דיין איס. ד.*)

מיין אַדרעס...

יולי 1915.

*) פאַרקירצט פון איסאַק דעוועניסקי.

Дорогой мой!

Я не ѣду. Остаюсь здѣсь еще на нѣсколько мѣсяцев. Если откроются наши газеты, вернусь ранѣе.

Кромѣ тебя, со мной никто не переписывается. Тебя же я усерднѣйше прошу писать мнѣ хоть изрѣдка, хоть кратко, только не обрывать единственной ниточки, связывающей меня с родиной.

Мой сердечный привѣт всѣм.

Твой Ис. Д.

Адрес мой: Завѣдывающему еврейским училищем, Б. Г. Гигузу, для меня.

---

איך בין כמעט ווי זיכער, אַז דער בריוו וועט צו דיר ניט דערגרייכן.

טייערער מיינער! פאַרגעס ניט וועגן מיר. זע, איך זאָל וויסן, וואו דו ביסט.—

קיינע אַנדערע טעמים, אויסער די, וועגן וועלכע איך האָב דיר געשריבן, האָב איך ניט און פריער ניט געהאַט. איך בין ניט געפאָרן: 1) ווייל איך האָב ניט געגלויבט, אַז מען האָט פאַר מיר באַזאָרגט אַ שטעלע פון אַ באַפולמעכטיגטן; 2) און דערהויפט טאַקע, ווייל מען האָט אונזער פרעסע פאַרמאַכט. איך האָב געהאַט ליטעראַרישע פלענער. וויבאַלד אָבער, אַז פאַרווירקליכן זיי איז געוואָרן אוממעגליך, און זייענדיג כמעט איבערצייגט, אַז קיין שטעלע פאַר מיר איז ניטאָ, און נאָך אַלעם דעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, האָב איך ניט געפועלט ביי זיך צו פאָרן. שרעקליך שווער צו בלייבן דאָ, נאָר פאָרן האָב איך זיך דערווײַלע אויך ניט אַנטשלאָסן. איך שעם

Я почти увѣрен, что письмо не дойдет до тебя.

Дорогой мой, не забывай обо мнѣ. Старайся, чтобы я знал, гдѣ ты.—

Никаких других причин, кромѣ тѣх, о которых я тебѣ писал, нѣт и не было. Я не поѣхал: 1) потому что не вѣрил, что для меня пріискали мѣсто уполномоченнаго; (2 и главным образом, потому что нашу прессу закрыли. У меня были планы литературные. И раз их осуществить стало невозможно, то ѣхать, будучи почти увѣренным, что мѣста нѣт, я в настоящее время и послѣ всего, что я пережил, не рѣшился. Страшно тяжело оставаться здѣсь, но пока что я ѣхать тоже не рѣшаюсь. Сейчас совѣстно распространяться об этом. Такія огромныя со-

бытія и мои маленькія претензіи!...

Родной мой, старайся, чтобы я знал, гдѣ вы всѣ. И еще просьба. Только я страшно боюсь, что письмо не дойдет. Просьба слѣдующая. Я допускаю, что пресса наша будет возстановлена и что, вѣроятно' в каком нибудь центрѣ крупном начнет что нибудь выходить. Так вот, проси Б. от себя и от меня на этот раз меня не обходить. Я согласен на всякія условія. Только не обходите меня. Это так мучительно сидѣть здѣсь и ничего не дѣлать. Вот уже поистинѣ—онѣмѣл. Помни же, передай это Б.— И еще, еслибы мнѣ предложили (опредѣленно) мѣсто уполномоченнаго, вообще какое либо платное мѣсто, связанное с живой дѣятельностью, я бы и сейчас уѣхал отсюда. Судя по твоему письму, ты повидимому и не представляешь себѣ, как мнѣ тут трудно сидѣть. Всѣм Вам, родные мои, сердечнѣйшій привѣт!

Увидимся ли мы?

На днях я тут встрѣтил солдатика из Бобруйска (из Старых-Дорог) и он мнѣ разсказывал, какая ты, Э., выросла большая и я слушал и мнѣ было больно, что я тебя не вижу и не скоро увижу.

זיך איצט צו ריידן וועגן דעם: אַזעלכע אומגעהייערע געשעעניש און איך מיט מיינע קליינינקע פּרעטענזיעס!...

ליבער מיינער, זע, איך זאָל וויסן, וואו איר זייט אַלע. און נאָך אַ בקשה. אָבער איך האָב זייער מורא, אַז דער בריוו וועט ניט דערגיין. די בקשה איז אַזאַ: איך בין זיכער, אַז אונזער פּרעסע וועט ווידער רעסטאַווירט ווערן און אַז ערגעץ אין אַ גרעסערן צענטער וועט, מסתמא, אָנהייבן עפּעס צו ערשיינען; זאָלסטו בעטן ב. אין דיין נאָמען און אין מיינעם, דאָסמאָל מיך ניט אויסצו־מיידן. איך בין מסכים אויף אַלע באַ־דינגונגען, נאָר ניט פאַרמיידט מיך! עס איז אַזוי פּייניך צו זיצן דאָ און קיין זאַך ניט טאָן.

אָט ווען איך בין באמת — שטום געוואָרען.

געדענק־זשע, גיב עס איבער ב. — און נאָך וואָס — אויב מען וואָלט מיר פאָרגעלייגט (באַשטימט) אַ שטעלע פון אַ באַפולמעכטיגטן, בכלל אַ וועלכע עס אי־שטעלע, אויף שכירות, וואָס זאָל זיין פאַרבונדן מיט לעבעדיגער טעטיגקייט, וואָלט איך אַפילו איצטער אַוועקגעפאָרן פון דאַנען. פון דיין בריוו פאַרשטיי איך, אַז דו שטעלסט זיך אַפילו גאָרניט פאָר, ווי שווער מיר איז דאָ. אייך, אַלע מיינע ליבע, אַ האַרצליכן גרוס.

צי וועלן מיר זיך זעען?

די טעג האָב איך דאָ באַגעגנט א סאָלדאַטל פון באָברויסק (פון סטאַריע־דאָראָגי). ער האָט מיר דערציילט, ס׳אַר א גרויסע דו, ע., ביסט אויסגעוואַקסן; איך האָב געהערט און מיר האָט דאָס האַרץ וויי געטאָן, פאַרוואָס אין זע דיך ניט און איך וועל דיך אַזוי גיך ניט זעען. ער

האָט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט זעער אַ לאַנגן צאָפּ.

אייער א. ווייטער.

2 סעפּטעמבער, 1915.

אַדרעס — דערזעלבער.

Он мнѣ сказал, что у тебя очень длинная коса.

Ваш А. Вайтер.

2 сентября 15 г.

Адрес тот-же.

---

טייערער מיינער!

היינטיגע וואָך האָב איך דערהאַלטן פון דיר צוויי בריוו און איינעם פון ראָזנפעלדן. קיין גוטס איז ניטאָ. אויף יעדן פאַל (איך האָב מורא, דער בריוו וועט ניט אָנקומען: עס איז געשריבן אויף יידיש) שיק איך דיר דאָ ראָזנפעלדס בריוו. הייסט עס — פון דער זייט וואַרט איך שוין אויף גאָרנישט. קיין צייטונגען איז שוין אויך ניטאָ. און אויב זיי וועלן זיין (איך בין נאָך איצט אויך איבערצייגט, אַז זיי וועלן זיין), וועט עס מיך שוין אויך ניט איינאָרדענען. דאָס איז שוין קלאָר, אָבער אין מיין לאַגע און אויף דעם דאָזיגן געביט זיינען אילוזיעס די ערגסטע זאַך...

דו דאַרפסט איבעריגנס ניט אָננעמען אויף דיין רעכענונג מיינע „בייזע" בריוו. זיי ווערן אַדרעסירט צו דיר צוליב אַ פשוטן טעם: — דו ביסט דער איינציגער וואָס איז נאָך פאַרבונדן מיט מיר.

מיין ברודער *) וועל איך ווי עס איז דאָ איינאָרדענען. איך בין, ווי פריער, אויף דער שטעלע און בין זעער מצליח.

Дорогой мой!

На этой недѣлѣ я получил от тебя два письма и одно от Розенфельда. Ничего хорошаго. На всякій случай (я боюсь, что оно не дойдет: оно писано по еврейски) я прилагаю письмо Розенфельда. Значит, с этой стороны я больше ничего не жду. Газет уже тоже нѣт. И если они будут (я и теперь убѣжден, что онѣ будут), то это меня тоже не устроит. Это уже очевидно. Но в моем положеніи и в этой области всего хуже—иллюзіи.— Ты не должен, между прочим, принимать на свой счет мои «сердитыя» письма. Они адресуются тебѣ по той простой причинѣ, что ты единственный, еще связанный со мной.

Брат мой, вѣроятно, устроится здѣсь как нибудь. Я же по прежнему на должности и весьма преуспѣваю.

Обнимаю тебя, дорогой мой!

До лучших дней.

Твой Вайтер.

*) ווייטערס איינציגער ברודער, משה דעוונישקי, איז געקומען צו ווייטערן נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען זיין וואוינאָרט — לידע. שפעטער איז ער מאָביליזירט געוואָרן און אַוועקגעשיקט געוואָרן פון קראַסנאָיאַרסק אויפן רומענישן פראָנט, וואו ער איז קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט. אומקערענדיג זיך צוליב זיין קראַנקהייט קיין קראַסנאָיאַרסק, האָט ער שוין דאָרט ווייטערן ניט געטראָפן. (נאָכן אויסבראָך פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע איז ווייטער אַוועקגעפאָרן קיין פעטערבורג). דאָרט איז ער געבליבן אַ לענגערע צייט אין שפיטאָל, וואו ער איז געשטאָרבן אין [illegible] 1918. מיט אים איז אַוועק פון דער וועלט דער לעצטער מיטגליד פון ווייטערס עלטערן-הויז.

איך נעם דיך אַרום, טייערער מיינער.
ביז בעסערע טעג.

**דיין א. ווייטער.**

איך קוש שטאַרק עסיען. אַ גרוס רבקהן.

אַדרעס — דערזעלבער.

P. S. ראָזנפעלדן, ביי אַ געלעגנהייט, גיב איבער מיין האַרציגן גרוס.

11/XI. 15.

Цѣлую крѣпко Эсю. Поклон Ревеккѣ.

Адрес—тот-же.

P. S. Розенфельду при случаѣ передай мой сердечный привѣт.

11-XI 15.

---

*פון א. ווייטער צו דער אַרטיסטין נעמי.*

ליבע „מאַמאַ"!

אחוץ אַלעם איבעריגן (אַלדאָס „איבעריגע" וואָלט איך, נאָכן דערהאַלטן פון אייך דעם דאָזיגן בריוו, גובר געווען, וואָרים איך וויל אייך זען און וויל זייער זען פאַניען) קען איך ביי היינטיגן מאָמענט ניט פאָרן ניט קיין מינסק, ניט קיין באָברויסק — צוליב מאַנגל אין געלט. באַקומען געלט — און אַ סך, לפי-ערך — וועל איך ערשט אין אַ וואָך צוויי אַרום. לייען דאָ איז מיר אוממעגליך.

וואָס איז מיט אייך, מיינע ליבע און טייערע? מענדל שרייבט ניט. וואָס איז מיט אייערע פראָיעקטן? וואוהין פאָרט איר און וואוהין פאָרט פאַניע? פאַרוואָס האָט זי גאָרניט צוגעשריבן צו אייער בריוו און קיין גרוס ניט געשיקט? וואו איז זי?

מיין ליבע. למען-השם שרייבט מיר אָן אויספירליך וועגן אייערע געשעפטן — וועגן דער טרופע. פאַראַן א האָפענונג? אָדער קיין האָפענונג איז לחלוטין ניטאָ? *)

*От А. Вайтера к актрисѣ Нойми.*

Милая «Мама!»

Помимо всего прочаго (это «прочее» я бы, получив от Вас это письмо, превозмог, так как я Вас хочу видѣть и очень хотѣл видѣть Фаню) я в данный момент не могу поѣхать ни в Минск, ни в Бобруйск — за неимѣніем денег. Получу я деньги — и много, сравнительно — лишь недѣли через двѣ. Занимать здѣсь мнѣ невозможно.

Что с Вами мои милыя и дорогія? М. не пишет. Что с Вашими проектами? Куда Вы ѣдете и куда ѣдет Фаня. Отчего это она не приписала ничего к письму Вашему и привѣта не послала? Гдѣ она?

Милая, непремѣнно напишите мнѣ подробно о дѣлах Ваших—о труппѣ. Есть надежда? Или ее совсѣм нѣт? Каковы Ваши планы на буду-

---

*) ווען פּרץ הירשבײנס טרופּע איז אַוועק פֿון באָברויסק און איז זיך אין דווינסק אָדער קאָוונע צעפֿאַלן, האָבן זיך אומגעקערט קיין באָברויסק נעמי, אָרלאָווסקאַיאַ און ב-עמי. ווייטער איז דאַן געווען אויף ראַטשע אין סטאַרעטאַ און פֿלענט אָפֿט קומען קיין באָברויסק.

щее? Непремѣнно напишите. Не полѣнуйтесь. Я вспоминаю о Вас обѣих с радостью и крѣпко люблю. Так напишите же.

Гдѣ нибуть мы, вѣроятно, встрѣтимся. Так—до свиданія!

Ваш—как Вы меня называли?—Мимоза.

Старево, 10|VIII, 1910 г.

צוקונפט? שרייבט למען־השם אָן. ניט פוילט זיך. איך דערמאָן זיך אָן אייך ביידן מיט פרייד און האָב (אייך) שטאַרק ליב. זאָלט איר אָנשרייבן.

ערגעץ־וואו וועלן מיר זיך מסתּמא באַגעגענען. צוםווידערזעען אַלזאָ!

אייער — ווי פלעגט איר מיך רופן? — מ י מ אָ ז אַ.

סטאַרעווא, 10|VIII, 1910.

---

Мамочка милая, как неожиданно пришло твое письмо! Сколько лѣт прошло, как измѣнилось много за это время! я уже не мимоза т. е. внѣшне совершенно не мимоза. Наоборот, чуть ли не „лобуз“, но внутренне? Пожалуй, все еще мимоза.—Да, милая не только тебѣ, но и мнѣ, пишущему по професcіи, не легко писать. С чего начать? Лучше всего—с конца, с сегодняшняго дня.— Я себя очень хорошо чувствую. Неожиданно, правда. Но у меня уже давно—внутренне—восторженное состояніе. Политику оставил давным давно, еще тогда, когда мы с тобою встрѣтились, я уже был далек от политики. Но вот уже болѣе полугода, как я не читаю, совершенно не читаю газет. (Как забавно выходит, что тебѣ передали, будто я редактирую газету! Ничего подобнаго!). Так что я всѣ нынѣшнія политическія событія переношу добро — и

מאַמיטשקע, ליבינקע, ווי אומגעריכט איז געקומען דיין בריוו! וויפיל יאָרן זיינען אַריבער, ס'אַר אַ סך האָט זיך געענדערט פאַר דער צייט! און איך בין שוין ניט קיין מימאָזע, ד. ה. אויסערליך שוין גאָר ניט קיין מימאָזע. פאַרקערט, שיר ניט קיין „לאָבוז“. אָבער אינערליך? אפשר אַלץ נאָך אַ מימאָזע.— יאָ, ליבינקע, ניט נאָר דיר, אַפילו מיר, וואָס שרייבן איז מיין פּראָפעסיע, איז ניט לייכט צו שרייבן. פון וואָס אָנהייבן? די בעסטע זאַך — פון סוף, פון היינטיגן טאָג. — איך פיל זיך זעער גוט.

אומגעריכט, אמת. אָבער איך געפין זיך שוין לאַנג אין אַ — אינערליך — באַגייסטערטן צושטאַנד. די פּאָליטיק האָב איך געלאָזן שוין לאַנג־לאַנג; נאָך דאַמאָלסט, ווען איך האָב זיך מיט דיר באַגעגנט, בין איך שוין געווען ווייט פון פּאָליטיק. נאָר אָט איז שוין אַריבער העכער אַ האַלב יאָר, ווי איך לייען ניט, לייען לחלוטין ניט קיין צייטונגען (ווי קאָמיש דאָס איז, וואָס מ'האָט דיר איבערגעגעבן, אַז איך רעדאַקטיר כּלומרשט אַ צ י י ט ו נ ג! עס הייבט זיך ניט אָן!). אַזוי אַז אַלע איצטיגע פּאָליטישע גע־

שעענישן טראָג איך אַריבער גוטמוטיג און גלייך — דער עיקר — גלייכגילטיג. אַהער, קיין ווילנע, בין איך געקומען מיט אַ חדשים דריי צוריק. פאַר דעם האָב איך אַ חדשים צוויי-דריי געלעבט אין באָברויסק, און נאָך פריער—העכער אַ יאָר אין פעטראָגראַד. קיין פעטראָגראַד בין איך געקומען פון קראַסנאָיאַרסק, וואו איך בין געווען אַ באַאַמטער אויף דער אייזנבאַן. — — ניין, ליבינקע, ס'וועט גאָרנישט אַרויסקומען, איך וועל דיר אין בריוו גאָרנישט קענען דערציילן. און אָפּגעלעבט איז ניט קיין ביסל, און איבערגעלעבט נאָך מער. אגב איז קיין שווערע זכרונות ביי מיר ניט פאַרבליבן. געווען אינטערעסאַנטע נסיונות — און דאָס גאָר.

די טעלעגראַמע מיט אַ גליקוואונטש צום נייעם יאָר (1913), וואָס אויך דו האָסט זי אונטערגעשריבן, האָב איך באַקומען אויף „מאַסליעניצע" אין אַ אָסטיאַקישער יורטע, ווען איך בין שוין אַליין אויף אַ פערטל, אויב ניט מער, פאַראָסטיאַקישט געוואָרן. — וועגן דיר פלעגן צו מיר אַמאָל דערגיין קלאַנגען. דאָ גאָר ניט לאַנג האָט וועגן דיר גערעדט — איינגעהאַלטענערהייט — עַל. איך בין אומבאַשרייבליך צופרידן, וואָס דו שפּילסט. ווען עמיצער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דו ביסט אָוועק פון דער סצענע, האָט עס מיך באַליידיגט און פאַרדראָסן. אַוועקגיין טאָר מען ניט. דאָס הייסט דאָך — פאַרלעשן דעם לאָמפּ, דעם לאָמפּ פון לעבן. —

און זעען דיך וויל איך אומבאַשרייבליך. בכלל וואָלט זיך וועלן אונטערפאָרן קיין וואַרשע, אָבער איך ווייס ניט, צי וועט זיך עס מיר איינגעבן. איבעריגנס

ровно—главное—равнодушно. Сюда, в Вильно, я пріѣхал мѣсяца три тому назад. До этого я мѣсяца два-три прожил в Бобруйскѣ, а еще раньше—больше года в Петроградѣ. В Петроград я пріѣхал из Красноярска, гдѣ я был чиновником на ж. д. — Нѣт, милая, не выйдет, ничего я тебѣ в письмѣ не смогу разсказать. А прожито не мало, а пережито еще больше. Между прочим, никаких тяжелых воспоминаній у меня не осталось. Были интересныя испытанія — и только. Не говоря уже о том, что было вообще интересно. Поздравительную Новогоднюю (1913) телеграмму, подписанную между прочим и тобой, я получил на масляницу в остяцкой Юртѣ, сам уже на одну четеерть, если не больше, обостяченный. — О тебѣ изрѣдка доходили до меня слухи. Совсѣм недавно говорила о тебѣ — сдержанно — Ал. Несказанно рад, что ты играешь. Когда мнѣ кто-то передавал, что ты ушла со сцены, мнѣ было обидно и досадно. Уходить нельзя. Вѣдь это значит — тушить лампу, лампу жизни —А видѣть я хочу тебя несказанно. И вообще хотѣлось бы с'ѣздить в Варшаву, но я не знаю, удастся ли мнѣ. Впрочем, если событія не помѣшают, я к веснѣ буду в Варшавѣ. А... я когда то очень любил, сердечно и искренне, но потом он при-

וועל איך צו פרילינג זיין אין וואַרשע, אויב די געשעענישן וועלן ניט שטערן. א... האָב איך אַמאָל זייער ליב געהאַט, אויפריכטיג און מיטן גאַנצן האַרצן, אָבער שפּעטער האָט ער מיר פאַרשאַפט אַ אומפאַרגעסליכע באַליידיגונג – ער האָט מיך פאַרגעסן אין אַזעלכע טעג, ווען איך האָב זיך מער ווי ווען-עס-איז געניטיגט, אַז די פריינד זאָלן מיך געדענקען — און אַצונד איז ער אַ פּאָליטיקער און אַ צייטונגס-מענטש. און ער איז שוין מיר (ווייניגסטנס פונדערווייטנס) ניט אַזוי – און אפשר אינגאַנצן ניט – נאָענט. מ..., ווי לעבט מ...? לעת-עתה שלעכט, הגם מ׳זאָגט, אַז גאָר אין דער לעצטער צייט זיינען זיינע עסקים אַוועק באַרג-אַרויף. ער איז אַזוי ווי פריער ליב און משונהדיג און אומגעלומפּערט. – אָ..., די באַצויבערנדיגע אָ... געדענק איך דייטליך און דערמאָן זיך אָן איר צייטנווייז מיט אַ האַרץ-צאַפּלען. אָבער וואו זי איז – ווייס איך ניט. עמיצער, דאַכט זיך, מ..., האָט מיר אַמאָל, שוין לאַנג, דערציילט, אַז ער זאָל זי האָבן געזעען ערגעץ, צי אין פּעטראָגראַד, צי אויף אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען קיין איטאַליע. פון דאַמאָלסט אָן, ווען איך דערמאָן זיך אָן איר, זע איך זי אויפן דעק פון אַ שיף, וואָס גייט קיין איטאַליע, אונטער דעם הימל פון דרום. ווען איך בין אַצונד אין פריען האַרבסט געקומען קיין באָברויסק, בין איך געגאַנגען איבער יענע ערטער, וואו מיר פלעגן זיין צוזאַמען, בין געגאַנגען באַקוקן דעם האָטעל „ראָסיאַ“ (אויפן שאָסיי, דו געדענקסט?), קאָוואַלעווסקיס הויף, וואו מ... האָט געוואוינט, און אין דעם טעאַטער־ל, וואו איר האָט געשפּילט... און ס׳איז גאָרניט געווען אומעטיג. פאַר-

чинил мнѣ незабываемую обиду—он забыл обо мнѣ в такіе дни, когда я всего болѣе нуждался в памяти друзей—а сейчас он политик и газетный человѣк. И он уже мнѣ—по крайней мѣрѣ, на разстояніи—не так, или, м. б., вовсе не близок. — М..., как живет М.? Сейчас плохо, хотя, по слухам, в самое послѣднее время дѣла его сразу пошли вверх. Он по прежнему мил и нелѣп и чудаковат. — О..., обворожительную О., помню отчетливо и изрѣдка вспоминаю трепетно. Но гдѣ она—не знаю. Кто-то, едва ли не М..., когда-то, давно уже, разсказывал мнѣ, будто видѣл ее гдѣ-то, не то в Петроградѣ, не то—наораблѣ, идущем в Италію. С тѣх пор, вспоминая ее, я ее вижу на палубѣ корабля, идущаго в Италію, под южным небом. Когда я нынче ранней осенью пріѣхал в Бобруйск, я ходил по тѣм мѣстам, гдѣ мы бывали, ходил смотрѣть гостинницу „Россія“ (на Шоссе, помнишь), дом Ковалевскаго, гдѣ жил М..., и в театрик, в котором вы играли... И, нисколько не было грустно. Наоборот. Так-то, милая.

Что еще написать тебѣ? В письмѣ—особенно при настоящих условіях—ничего не разскажешь при всем желаніи. Вот встрѣтиться бы! Господи, повидать бы тебя! Если бы я сейчас пріѣхал в Варшаву, я бы прежде всего отыскал бы тѣ меблирован-

קערט. אזוי איז דאָס, מיין ליבע!

וואָס זאָל איך דיר נאָך שרייבן? אין אַ בריוו — בפרט ביי די איצטיגע אומשטענדן — קען מען גאָרנישט דערציילן, ביים בעסטן ווילן. אָט, ווען מ'וואָלט זיך באַגעגענען! גאָט מיינער, זעען זיך מיט דיר! ווען איך וואָלט איצט געקומען קיין וואַרשע, וואָלט איך קודם־כל געפונען די מעבלירטע צימערן, וואו איך האָב זיך באַגעגנט מיט אָ... געדענקסט, ערגעץ אויף אַ גאַס, וועלכע קומט ארויס אויף קראַקאָווער פאָרשטאָט. נאָר איך וועל קומען צו פאָרן, אויב ס'וועט נאָר מעגליך זיין.

וואָס נאָך זאָל איך דערציילן וועגן זיך? בין געוואָרן מאָגערער, קליגער, אָבער כ'פיל זיך אויסגעצייכנט — פיזיש און גייסטיג. פאַר די דאָזיגע יאָרן איז אין מיין כאַראַקטער אָפּגעקומען אַ ביסל גוטאַפּערטשע און צוגעקומען מעטאַל. אַלץ איז גוט, זעער גוט. די צייט נאָר איז ניט קיין גוטע. אָבער ביז אַ געוויסן גראַד קען מען אַלצדינג איגנאָרירן.

איך, מיין טייערע, האָב זיך אָפּגעוויינט צו שרייבן רוסיש. דעריבער, ד. ה. אויך דעריבער, קומט עס ארויס אַ ביסל ניט גלאַט. וועגן ע... האָב איך פאַרגעסן. זי איז וואונדערליך שיין. מיר זיינען מיט איר אין אַ גרויסער, זעער אַ גרויסער פריינדשאַפט, ווייניגסטנס ביז מיין אוועקפאָר זיינען מיר געווען זעער באַפריינדעט. אזוי ווייט, אַז זי איז אָן אָנטשרענגונג אריבער מיט מיר היינטיגן זומער אויף „דו" (איך האָב זי אַלעמאָל געדוצט). זי איז זעער באַגאַבט (מוזיקאַליש), זי האָט אַ אויסנאַמליך הערליכן כאַראַקטער, זעער לאַנגע, שיינע האָר, קלייניטשקע, מערקווירדיג קלוגע, טיף זיצנדיגע, לויטערע אויגן, אַ וואונדער-

ныя комнаты, гдѣ я встрѣтил тебя и О... Помнишь, на какой то улицѣ, выходящей на Краков. Предмѣстье. А я пріѣду, если только будет возможно.

Что еще о себѣ сказать? Похудал, поумнѣл, но чувствую себя отлично—физически и нравственно. За эти годы в моем Характерѣ убавилось гуттаперчи и прибавилось металла. Все хоро, шо, очень хорошо. Время только нехорошее. Но—до извѣстной степени можно игнорировать все.

Я, родная, разучился писать по русски. Поэтому, т. е. также поэтому, выходит нѣсколько нескладно. — Об Э... забыл. Она изумительно хороша. Мы с ней в большой, очень большой дружбѣ, по крайней мѣрѣ до от'ѣзда были очень дружны. До того, что она без усилія перешла нынче лѣтом со мной на ты (я ей все время говорил ты). Она очень даровита (музыкальна), у нея исключительно прелестный характер, очень длинные, красивые волосы, маленькіе, умнѣйшіе, глубоко-сидящіе, ясные глаза, замѣчательный такт и прирожденное изящество. Нынче лѣтом у нея был первый, милый, цвѣточный роман с очень странным, но очень симпатичным мальчиком. Роман полудѣтскій, но он ее неописуемо поразил небывалыми, еще неизвѣстными ощущеніями. Она

очень дружна с О... Помнишь ее? Она похорошѣла, но похожа на большую муху (сложеніем). Ей уже лѣт 18, но она еще временами совершенно ребенок, но влюбчива и падка на романы, но все таки романы ея тоже еще дѣтскіе. С ней мы тоже дружны, т. е. были дружны. За эти 3 мѣсяца обѣ могли меня забыть.

А брата М... ты помнишь? Его называли Ц... Косоглазый, с каким то еще—скрытым—физическим недостатком Он глаза свои исправил, недостаток излѣчил и женился. Жена его недурна собой. У нея очень интересный цвѣт лица (смуглый, негритянскій, но мягкій), красивые, большіе черные глаза. У них славный мальчик и жили они до осени очень хорошо (в Тихвинѣ, недалеко от П-да), но потом у них дѣла, кажется, нѣсколько разстроились. — Но был он совершенно счастлив.—О тебѣ, о тебѣ, когда я что нибудь узнаю? Какая у тебя большая дочка! Она очень хороша. Но, Боже мой, у нас же (Э..., напримѣр) скоро внуки будут! — Ну, до слѣдующей счастливой случайности. Цѣлую тебя крѣпко.

Твой А. Вайтер.

P. S Э. меня называет по твоему до сих пор: Вайтерчик.

3. 3 19.

ליכן טאַקט און אַ איינגעפּוירענע עלעגאַנץ. היינטיגן זומער איז בײַ איר געווען דער ערשטער, ליבּער, בּלומיגער ראָמאַן מיט זעער אַ מאָדנעם, אָבּער זעער סימפּאַטישן יינגל. אַ האַלבּ-קינדערשער ראָמאַן, אָבּער ער האָט זי אומבּאַשרייבּליך אָנגעגריפן מיט נייע, נאָך אומבּאַקאַנטע איבּערלעבּונגען. זי איז זעער בּאַפריינדעט מיט אָ... געדענקסט זי? זי איז שענער געוואָרן, אָבּער זי זעט אויס ווי אַ גרויסע פליג (מיט איר קערפּער-געבּײַ). זי איז שוין אַלט אַ יאָר 18, אָבּער צייטנווייז איז זי נאָך גאָר אַ קינד, נאָר איז לייכט אויף פאַרליבּענישן און להוט נאָך ראָמאַנען אָבּער די ראָמאַנען אירע זיינען פונדעסטוועגן נאָך אויך קינדעריש. פאַר די 3 חדשים האָט זי מיך געקענט פאַרגעסן.

און מ...ס בּרודער געדענקסטו? מ'האָט אים גערופן צ... מיט קרומע אויגן, מיט נאָך עפּעס אַ פאַרבּאָרגענעם — פיזישן מום. ער האָט זיינע אויגן פאַרריכט, דעם מום אויסגעהיילט און חתונה געהאַט. זיין ווייבּ איז ניט קיין מיאוסע. זי האָט זעער אַ אינטערעסאַנטן געזיכטס-קאָליר (אַ שוואַרצחנעוודיגן, אַ נעגערישן, אָבּער אַ מילדן), שייני, גרויסע, שוואַרצע אויגן. זיי האָבּן אַ וואויל יינגעלע און געוואוינט האָבּן זיי בּיז האַרבּסט זעער גוט, אָבּער דערנאָך זיינען זייערע געשעפטן, דאַכט זיך, אַ בּיסל קאַליע געוואָרן. אָבּער געווען איז ער פולקום גליקליך. – פון דיר, פון דיר ווען וועל איך שוין עפּעס געוואָר ווערן? ס'אַר אַ גרויסע טאָכטער דו האָסט שוין! זי איז זעער שיין. אָבּער, גאָט מיינער, מיר (למשל, ע...) וועלן דאָך שוין בּאַלד האָבּן איינקלאַך! – נו, בּיז אַ צווייטער גליקלעכער געלעגנהייט. איך קוש דיך שטאַרק

דיין א. ווייטער.

P. S. ע. רופט מיך נאָך אַלץ אויף דיין שטייגער: ווייטערשיק.

.3 .3 .19

### איינער פון די לעצטע בריוו *).

2־טער אפריל 1919.

ליבער און טייערער.

געהערט פון דיין אומגליק. איך האָב קיין ווערטער ניט צו טרייסטען דיך. גאָט זאָל דיך טרייסטען.

האָב קיין פאַריבל ניט, וואָס איך האָב דיר אַזוי לאַנג ניט געשריבען,— איך האָב קיין מוטה ניט געהאַט. ס׳העלפט אָבער ניט, איך מוז אַמאָל ענטפערן אויף דיינע פראַגען.

1. וועגען זיך. כ׳שעם מיך צו זאָגען: גוט, גאָר גוט אויסערליך און מאַטעריעל. איך האָב געגוג פרנסה, אַפילו אַ קאָסטיום אויך געמאַכט. ס׳איז מיר ליב וואָס איך בין אין ווילנא, הגם אַ סך פון איצטיגען ווילנא זעהט מיר אויס ווילד (פאַר דער צייט האָט זיך ווילנא בעדייטענד געענדערט). איך אַרבייט אין אידישען פערלאַג. בין לחלוטין אַפּאָליטיש, געוואָרען אַ ציניק בנוגע צו די באָלשעוויקעס, טו מיין זאַך און גאָר. פיל זיך פיזיש אויסגעצייכענט. אינערליך אָבער — איז ניט גאָר פרעהליך: איך שפיר (בפועל ממש), אַז איבער מיין קאָפּ הענגט אַ קאַטאַסטראָפע, און איך וואַרט, אַז יעדע מינוט זאָל זי געשעהען. פריער אָדער שפּעטער וועט עס געשעהען, איך שפיר עס כמעט פיזיש, עס לאָזט זיך אָבער וועגען דעם ניט רעדען.

2. וועגען טעאַטער. ס׳איז דאָ פיל צו רעדען, נאָר אָן ממשות. לויט מיין מיינונג קען עס קיין קיום ניט האָבען, ניטאָ די פּאַסענדע מענשען. מאָרעוווסקי (געדענקסט?) איז שוין דוכט זיך אַוועק פון טעאַטער. בויען אויף דעם איז ניטאָ וואָס און צוליב דאָס טעאַטער לוינט ניט צו פאָרען.

וואָס זשע רעכענסטו צו טאָן? מיך נעמט אָן פשוט בּיים האַרץ, אַז איך דערמאָן מיך, ווי דו לעבסט איצט אין דער פרעמד, ווייט פון דער היים. איך קען דיר ניט פאָרשטעלען, ווי מיר ווילט זיך קומען צו אייך האָטש אויף עטליכע טעג זעהען זיך. איך האָב אַגב צוגעזאָגט רעוועקאַ ק., אַז איך וועל קומען אויף פסח. צי וועט זיך עס מיר איינגעבען — ווייס איך ניט, דעריבער שרייב, ברודער, ווי דו וועסט באַשליסען וועגען ווילנא.

ניגער געריסט דיר הערצליך.

אַנסקי איז אויך דאָ, ער איז עפּיס ניט גאָר געזונד.

---

*) געווען בײַ אַ קאָפּיע.

# עטליכע ווערטער צו די פארעפנטליכטע בריוו.

די עטליכע בריוו פון מיין טראגיש אומגעקומענעם חבר א. ווייטער, וועלכע איך גיב איבער צום דרוקן אין דעם זאמלבוך, זיינען נאר א טייל פון דעם גאנצן בינטל בריוו זיינע צו מיר.

צום באדויערן זיינען די איבעריגע בריוו, ווי אויך איינינע מאנוסקריפטן זיינע, פארבליבן ביי מיר אינדערהיים (אין פעטערבורג) און איצט איז עס נאך אוממעגליך צו באקומען.

אויב עס וועט מיר באשערט זיין זיך ווידער אומצוקערן אהיים און נאנץ געפינען מיין „שרייבטיש", וועל איך די איבעריגע בריוו און אלע פארבליבענע מאטעריאלען ווייטערס און ווען ווייטערן מיט דער צייט פארעפענטליכן.

דערווייל האב איך געפונען פאר נייטיג פארעפענטליכן באשש דאס ביסל, וואס איז צופעליג מיט מיר.

אין דעם ביסל איז שוין דא אויך גענוג מאטעריאל פארן קריטיקער און פאר דעם ערנסטן פארשער-ביאגראף, פאר וועלכן ווייטערס פערזענליכקייט איז שטענדיג געווען א פארנעפלטע פיגור...

פון דעם ביסל איז אויך צו מערקן, מ'ט וואס פאר אן עקשנות דער מענטש האט געבויט די מאדערנע יידישע קולטור, ווו אזוי ער האט אלץ ארום זיך געשלעפט אין דעם בוי=שטראם...

פון דעם ביסל איז צו זעען, וואס פאר א הייס מענטשליך הארץ ס'האט געקלאפט ביי דעם אויסערליך קאלטן, אויף אלע קנעפ פארשפיליעטן ווייטערן!...

זעלבסטפארשטענדליך, אז ניט האבענדיג ביי זיך אלע מאטעריאלן, איז אוממעגליך געווען צו לאזן דרוקן די בריוו אין א וועלכן עס איז סדר, און דעריבער האב איך זיי צוזאמענגעשטעלט נאר לויט די דאטעם.

גראד אט דאס צוזאמענשטעלן בילדעט אויס בולטע צוויי מאמענטן פון ווייטערס לעבן: 1) זיין טעאטראלע זוכעניש און טעטיגקייט, וועלכע האט זיך פארענדיגט מיט דער באוואוסטער נסיעה זיינע צוזאמען מיט י. ל. פרץ קיין פעטערבורג (1911 יאר) און 2) דער מאמענט פון זיין באוועגן זיך פארווערטס און טיפער קיין סיביר, טורוכאנסק, נאך זיין מעלדן זיך דער צארישער פאליציי אין ווילנע (1912 יאר). 3) זיין באפרייאונג פון טורוכאנסק און די שפורן, וואס די ליבע געגנט האט איבערגעלאזן אין זיין נשמה, וואס איז אזוי בולט אין זיינע באציאונגען צו זיינע קאלעגן און חברים (1914) און 4) זיין רייסן זיך צוריק אהיים און דעם איינדרוק וואס דער הלחמה-חורבן אין ליטע און פוילן האט אויף אים געמאכט (1915).

די בריוו פון י. ל. פרץ צו ווייטערן האט מיר ווייטער איבערגעגעבן אין אנהייב 1916 יאר, ווען מיר האבן צוזאמען געלעבט אין סיביר, צוגעבענדיג: „מיט דער צייט קענסטו מיט דעם טאן, וואס דו ווילסט"...

אויך די בריוו האב איך געפונען פאר מעגליך און נויטיג צו פארעפענטליכן: זיי באלייכטן גאנץ גענוי די באציאונגען צווישן פרצן און ווייטערן אויפן געביט פון ליטעראטור און אפילו פערזענליך, און דאס איז ווידער אמאל וויכטיג פארן קומענדיגן ביאגראף פון א. ווייטער.

מ. עלקין.

פֿון י. ל. פּרץ צו ה. ווייטער.

וואַרשוי, 1908.

ליעבער ווייטער,

איר זייט מיר נאָך ווייטער געוואָרען עס וואָלט אַפּילו אַ יושר געווען מיר צו שרייבען, אַז איהר זייט אַריין אין „פֿריינד". וואָס וואָלט עס אייך געשאַד

אָבער וואָס געווען איז געווען — ווי איהר ווייסט שוין פֿון די צייטונגס־אַנאָנסען, האָב איך איבערגענומען די רעדאַקציע פֿון דער „יודישער וואָכענ־שריפט", וואָס וועט אַרויסגעהן פֿון 7־טען יאַנואַר (אַלטער סטיל), אין וואַרשוי.

די רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע זענען פֿאָלשטענדיג געטהיילט און אָהן שום בעציהונג צווישען איינער מיט דער צווייטער.

קענענדיג מיין ביז אַהעריגע אַרבייט, דאַרפֿט איהר וועגען דער ריכטונג פֿון וואָכענשריפט קיין ערקלערונג נישט. איך דאַרף נאָר זאָגען, אַז די הויפּט געוויכט וועט געלעגט ווערען אויף ליטעראַטור און קונסט.

אָנפֿאַנגס וועלען אַרויסגעהן נור איינבויגענדיגע נומערן. אויב עס וועט גוט געהן, וועט מען קומען צו צוויי און צו דריי, און צו אילוסטראַציאָנען.

די זאַכען מוזען דערווייל זיין זעהר קליינע, ווייל המשכים זענען נישט פּראַקטיש.

איבערזעצונגען פֿון קלאַסיש גוטע זאַכען אויס אַנדערע שפּראַכען (אויסער רוסיש און פּויליש, וואָס אַ גרויסער % לעזט אינ'ם אָריגינאַל), זענען זעהר געווינשען, ווי אויך אַרטיקלען און פֿעליעטאָנען.

האָנאָראַר וועט צאָהלען די רעדאַקציע.

אַ בעסרן אַלס דער פֿריינד, און תיכף ומיד. שיקט מיר זאַכען פֿון 50, 100, העכסטענס 150 שורות. כ'בעט אייך שיקט, ווי אַממשנעלסטען, ווי אממעהרסטען.

ביט מיר אויך אויף גוטע „פירמען" פֿון פּעטערסבורג. איך לעב אַזוי פֿער־איינזאַמט, אַז איך האָב קיין איינציגע אַדרעסע נישט.

שמועסט אייך דורך פּערזענליך וועגען דעם מיט בעקאַנטע.

אָבער אַין זאַך זאָלט איהר זיי זאָגען: קיין מיטעלמעסיגע זאַכען וועל איך נישט דרוקען. גוטע איבערזעצונגען פֿון אויסלענדישע קלאַסישע קליינע זאַכען — רעכט גערן. — ווי געזאָגט, מאַקסימום — 150 שורות — די זאַך.

גאָר פּאַקענדיגע קען געהן אין 2 — 3 המשכים, אויב יעדער המשך וועט זיין אינטערעסאַנט אַן און פֿיר זיך.—

זייט געזונד און שטאַרק

אייער י. ל. פּרץ.

ווארשוי, דעם 5/20 יאַנואַר, 198.

ליעבער ווייטער,

צי איך האָב פון אייך אַ בריעף ערהאַלטען און נישט געענפערט, געדענק איך נישט. מעגליך איז עס. מן הסתם האָב איך אייך נישט געהאַט, וואָס צו ענפערן. און פיללייכט בין איך אין דער היים נישט געווען און דערנאָך, צוריק געקומען, דעם בריעף נישט געפונען. עס איז אָבער שוין צייט, איהר זאָלט אייך מיין שווייגען צום האַרץ נישט נעמען. גלויבט מיר, אַז ווען איך שווייג, מוז איך שווייגען; איז מיר אַזוי שווער, ווי ווען רעדען וואָלט מען פון דער לעבער גערעדט, און דאָס — וויל איך קיינמאָל נישט טהון. און טהו איך עס אַמאָל, און ווערט איהר געוואָהר דערפון, זאָגט קדיש נאָך מיר..

מיין בעציהונג צו אייך און, נאָך זייך, צו אייערע קאָלעגען, דאַרף אייך זיין קלאָר, און איז עס אייך נישט קלאָר, צווייפעלט איהר. איז נישט מיין שולד; איהר צווייפעלט אין אַלגמיינעם, און אַ שאָטען־שטראַהל פון אייער אַלגמיינעם צווייפעל פאַלט אויף דער בעציהונג אויך..

שרייבט און שיקט, וואָס איהר ווילט און קענט...

איהר האָט קיין „פירמען"? איך האָב געשריבען צו ברוצקוס און ח. ד. הורוויץ וועגען עקאָנאָמישע אַרטיקעל, פערבעטען אויך — אַנסקי צו בעלעטריסטיק. רעדט מיט זיי איבער. זיי קענען מיך נישט אַזוי גוט, ווי איהר, און איך וויל קיין מיספערשטענדניס נישט האָבען... ערקלערט זיי, וואָס איך וויל; איך ווייס, אַז איהר ווייסט עס...

מיר איז צונד שווערער צו שרייבען, ווי געוועגליך... איך רעד צו אייך, ווי פון אַ שווערען וואָלקען אַרויס, פיהלט איהר איהם נישט?!

געמוזט דאָך איינמאָל אַרויס צו־אַייך מיט אַ וואונק...

אייער י. ל. פרץ.

נאָך עפּיס, שוין פערזענליך־געשעפטליך.

איך דרוק איבער אַלע מיינע זאַכען מיט די „שריפטען" צוזאַמען. עס וועט זיין איבער 120 בויגען; דאַכט זיך נאָך אויסער סצענישע זאַכען. פעהלען מיר אָבער טהייל זאַכען. מאַנכע פון זיי זענען געדרוקט געווען אין „פריינד" (פאָלקסטימליך), „ליעבע"—אין „דאָס לעבען". האָט דינעסאָן וועגען דעם געשריבען צו פראָפּוס און געבעטען, ער זאָל די זאַכען, וואָס ער האָט איהם פערצייכענט, איבערשרייבען. אייניגע האָבען זיך דערנאָך געפונען, האָט ער איהם געשריבען. וועלכע, אין ביידע בריעף פערזיכערט, אַז די אַרבייט וועט גוט בעלוינט ווערען. פון פראָפּוס איז קיין ענפער נישטאָ, און די זאַכען זענען נייטיג. ווערט, בעט אייך געוואָהר, וואָס דאָס בעטייט, און וויל עס פראָפּוס נישט טהון, זעהט מיר עס צו פערזאָרגען דורך וועמען עס איז. ד׳וועל גוט בעלוינען, נור געשווינד.

אייער יל"פ.

---

ז. רייזען.

# אייזיק־מאיר דעווענישסקי.

(ביאָגראַפישע נאָטיצן).

אייזיק־מאיר דעווענישסקי איז געבוירן געוואָרן, לויט דעם חשבון פון זיינע נאָענטע און פריינד, אַרום 1830 (לויט זיין פּאַס — מיט 6 יאָר פריער) אין דעם קליינעם שטעטל בעניאַקאָני, ווילנער גוב., אין אַ גאַנץ פאַרמעגליכער, באַלעבאַטישער פאַמיליע, וואָס אַ סך מיטגלידער פון איר האָבן־זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע גרויסע פעאיגקייטן, געווען „קאָפּמענטשן". זיין פאָטער, זעער אַ פרומער און אַ ייד אַ למדן, האָט געהאַלטן אַ שענק, אַ מיל, אַ קראָם, געהאַט אויך אייגענע פעלדער. אייזיק־מאירס קינדהייט איז אַריבער אין דער אַ ביסל צו שווערער אַטמאָספערע פון דעם ניט־גוטלעבן, וואָס זיינע עלטערן האָבן געהאַט צווישן זיך. וואָרים די מוטער, וועלכע האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויפן זון, איז געווען צו וועלטליך געשטימט פאַר דעם פאַרצייטיש פרומען שמואל דעווענישסקי. אַ באַזונדערס שטאַרקע השפעה האָט געהאַט אויף אייזיק־מאירן זיין זיידע, וועלכער האָט אין אים אַיינגעפלאַנצט אַ ליבשאַפט צו תורה און צו יידישקייט. נאָך לערנענדיג אין זיין געבורטס־שטעטל, האָט אייזיק־מאיר זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן עילוי און דער זיידע האָט ניט אַנדערש ווי געוואָלט מאַכן פון זיין גערעכטענעם אייניקל אַ רב, ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס די מוטער האָט געהאַט אַ פאַרקערטע מיינונג וועגן דעם און איז גיכער נוטה געווען צו אַ וועלטליכן תכלית פאַר איר זון. אויסגעפירט האָט לכתחילה דער זיידע טאַקע, און נאָך אַלס צוועלפיאָריגן ייִנגל טרעפן מיר שוין אייזיק־מאירן אין דעם נאָענטן שטעטל סעלעטשניק, וואו ער לערנט ביי דעם שטעטלשן רב, וועלכער האָט אַגב זעער אַ גרויסע ווירקונג אויף אים. צו יענער צייט איז שוין דער יונגער דעווענישסקי אַנטוויקלט ניט נאָך זיינע יאָרן, באַקאָנט מיט דער העברעאישער און מיט דער יידישער ליטעראַטור און איז באַזונדערס אַנטציקט פון י. ל. פּרץ, וועלכער אַנטוויקלט דאַן אַ ברייטע ליטעראַריש־פּובּליציסטישע טעטיגקייט. אייזיק־מאירס חברים פון דער קינדהייט גיבן איבער אַלס פאַקט, אַז נאָך אַלס ייִנגל פון 13—14 יאָר האָט ווייטער זיך דורכגעשריבן מיט פּרצן, געשיקט אים זיינע ערשטע פעדער־פּראָבן און באַקומען פון דעם בארימטן דיכטער אויפמונטערנדיגע ווערטער.

אַ ביסל שפּעטער לערנט אייזיק־מאיר אין איישישאָק, אין ראַדין, אין

סמאָרגאָן. ער זיצט נאָך אין בית־המדרש, אָבער מיט אַ סך מער התמדה גיט ער זיך שוין דאַמאָלסט אָפּ מיט „פרייע זאַכן“, געשטיצט בסוד פון זיין מוטער, וועלכע שיקט אים געלט אויף רוסישע ביכער. זיינע גרויסע כשרונות און דער אינדיווידועלער כאַראַקטער פון זיין פערזענליכקייט בלייבן ניט אומבאַמערקט אפילו פאַר די שטעטלדיגע. אין די ערטער, וואו ער לערנט, קויפט ער זיך אַ נאָמען מיט זיינע פעאיגקייטן און מיט זיינע ליטעראַרישע קונדסערייען, פונקט ווי מיט זיין גאַנצער אויסטערלישער באַנעמונג, מיט זיין האַלטן זיך, מיט זיין שטייגערריידן אין געציילטע ווערטער, אין רמזים, וכדומה. צו גלייכער צייט אינטערעסירט ער זיך אַלץ מער און מער מיט ליטעראַטור און פרובט ווייטער זיין פעדער אין שירים אויף יידיש, העברעאיש, רוסיש, גאַנץ רייפע לויט דער פאָרם, וואָס זאָגן עדות וועגן זיין גענוג הויכער אַנטוויקלונגס־מדרגה. אַלס מוסטערן פון די דאָזיגע שירים ברענגען מיר פאָלגנדיגע צוויי, וואָס זיינען אונז איבערגעגעבן געוואָרן דורך זיין יוגנט־פריינד, ה' פאָדגור:

(Ямбическое).

Иди, дитя, по кладбищу,
Отбрось ты страхъ пустой;
Не выйдутъ тѣни блѣдныя
Изъ-подъ земли сырой.

Пусть воетъ буря грозная
Среди могилъ сырыхъ;
Пусть свищетъ вѣтеръ яростный,
Онъ не подниметъ ихъ.

Чемъ привлечетъ ихъ бурная,
Ночная эта мгла;
Что міръ имъ далъ отраднаго,
Что смерть у нихъ взяла?

Зачѣмъ же выйдутъ вновь они
Изъ скрывшей ихъ земли,
Гуда, гдѣ боли жгучія
Терзали ихъ и жгли?

И. С. Девениский.

Май, 96. Сморгонь.

* *
*

אָהן וואָס איז דאָס פיר אַנ'אומגליק
אריטהמעטיקאַ פערגעסען;

צוויי שעה בין איך אויף אַ חבור
גאָר אַ גרינגען אָפּגעזעסען.—

איך פלעג ריעשען גאָר די שווערע
אין אַריטהמעטיקאַ דיא שאלות;
היינט איז שווער אַ גרינגער חבור:
פונעם מענשען זיינע מעלות.—

און אַ גאַנצען בויגען ציפער
האָב איך אָנגעשטעלט דאָרט פול;
און אַם ענדע, דער סך־הכל
איז געוואָרן נור—אַ נול!...

15 אָקטאָבער, 96. א. מ. דעװעניסקי.
אײשישאָק.

אַזוי פאַרגייען זיינע יינגלשע יאָרן אין דער פרעמד. דער פּאָטער גלויבט נאָך אַלץ אין דער רבנישער קאַריערע פון זיין אייזיק־מאיר; ער ווייס ניט פון די אַלע נייע השפעות, וואָס האָבן אויף דער איינדרוקספולער נשמה פון ז״ין זון איבערגעלאָזן אַ טיפע ווירקונג און אים אַרויסגעריסן פון די ענגע ד׳ אמות פון דער בית־המדרש־וועלט. אייזיק־מאיר רייסט זיך מיט אַלע כוחות פון דעם קליינעם שטעטל, ביז וואַנען אים גיט זיך איין צו פועלן ביים פּאָטער אַוועק־צופאָרן קיין קאָוונע, וואו ער וועט ניט פאַרלאָזן די יידישע תורה, וועט אָבער אויך שטודירן די חכמות חיצוניות, כדי צו ווערן ראַבינער.

אין יאָר 1897 טרעפן מיר ווייטערן אין קאָוונע, וואו ער לערנט אין „נייעם בית־המדרש״. דאָרט געפינט ער פאַר זיך קרייזלאַך פון יונגעלייט, וועלכע האָבן מיטן גאַנצן ברען זיך אָפּגעגעבן דער נייער תורה, מיט חשק שטודירט באָקלען און דרעפערן, זיך געקוויקט מיט פיסאַרעוון און בעלינסקין און אויך זיך פאַר־טיפט אין דעם ניי אַרויסגעשלאָגענעם קוואַל פון אחד־העמס שיטה. די סאָציאַ־ליסטישע אידעען האָבן זיך באַגעגנט מיט דעם מאָדערנעם, ערשט אויפגע־וואַכטן יידישן נאַציאָנאַליזם און זיינען געקומען אין אַ צוזאַמענשטויס. דער יונ־גער דעווענישסקי איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין די דאָזיגע קרייזלאַך, וואו ער איז באַלד געוואָרן איינע פון די צענטראַלסטע פיגורן. אין קאָוונע באַגעגנט ער זיך אויך מיט דעם קרייז יידישע שריפטשטעלער, צו וועלכע עס האָבן געהערט אברהם רייזען (וועלכער האָט דאָרט דאַמאָלסט געדינט אין מי־ליטער), ש. ראָזנפעלד, דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער (אַלס רוסישער ריכטער) דמיטרי צענזאָר א. אַנד.

דעווענישסקי ווייזט אַרויס אַ לעבעדיגן אינטערעס צו ליטעראַטור און צו די נייע געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען, ווערט אָנגעשטעקט מיט סאָציאַליסטישע

אידעען, שרייבט שירים אין סאָציאַליסטישן גייסט, וועלכע ער לייענט פאָר מיט גרויס ערפאָלג אין די קרייזלאַך. וואו צו דרוקן זיי האָט ער אָבער ליידער ניט. פרצעס בלעטלאַך, וועלכע האָבן געשפּילט אַזאַ אומגעהייערע ראָלע פאַר די דאָזיגע קרייזלאַך, זיינען שוין מער ניט ערשינען, און קיין אַנדערע אויסגאַבן אין יידיש זיינען אויף זייער אָרט ניט געשאַפן געוואָרן. דעווענישסקי שרייבט שירים אין העברעאיש און שיקט זיי צו אחד-העמען פאַר זיין „השלח". אחד-העמען געפעלן זיי, ער געפינט אָבער ניט פאַר מעגליך זיי צו דרוקן צוליב צענזור-טעמים. האָט, למשל, איז איינער פון די דאָזיגע שירים, וואָס דעווענישסקיס יוגנט-פריינד, י. שאַדאָווסקי, האָט נאָך ווייטערס טויט פאַרעפנטליכט אין „הצפירה" (פון 9-טן יאַנואַר 1920):

גשמים.

הה, חושך-אפלה,
כי נכבו ככבים,
כי קדרו כחרס
שמים מעבים...
כי יורדים בלי הרף
הגשמים הרעים;
כי כל נטף — דמע,
כי בוכים שמים...
הה, בוכים שמים

לארץ ממעל,
ומלאות הדמעות
האלה אך רעל...
כי במו תמצאו
את זעת הפועל,
העבד הנרצע
עד ביאת הגואל, —

את דמעות חעני,
הדמעות המרות,
שיומו אך רעב,
שחייו אך צרות,
הנושא את סבל העשיר
(או העושר?)
על שכם, —
את דמעות ילדיו,

הרעבים ללהם.

הה, חושך־אפלה,
כי נכבו ככבים,
כי קדרו כחרס
שמנים מעבים.

כי קדרו שמים...
הם דמעות מורידים
על צרת העני,
על אושר הנגידים,
על מזבח הרשע,
על קרבן העולה...
הם עדים נאמנים
במריבה הגדולה
בין עושר ועוני,
בין תענוג ורעב
בין עזת אפים
ועגל הזהב.

תעלינה הצעקה,
הדמעה, האנחה,
תגידו: לא יבכו
שמים, איככה?

אם גם חושך על הארץ,
אם סבבנו אמש, —
עוד לא אבדה תקותנו,
יעלה עוד השמש.

אם מסביב עבדות רעב.
מושל אגרוף רשע, —
תזרח עוד החרות, אחי,
תביא פדות וישע.
עוד ישבר עגל הזהב,
יוסר גם הכתר,
ובמקום הקינות עתה
שירת חרות תושר!

יצחק־אייזיק־מאיר דעוועניסקי.

וואָס ווייטער ווערט דעוועניששקי אַלץ מער און מער אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. זיין אַקטיווע נאַטור און דער הויך אַנטוויקלטער אינטעלעקט דערלאָזט אים ניט צו בלייבן נאָר אויף דעם אייבערפלאַך פון דעם נייעם שטראָם ווי אַ מיטלמעסיגער נאָכלויפער פון דער מאָדע-באַוועגונג. ער פאַרטיפט זיך אין די קלאַסישע ווערק פון דער סאָציאָלאָגיע און פּאָליטישער עקאָנאָמיע, שטודירט מאַרקסן מיט דעם אייגענעם ערנסט, מיט וועלכן ער האָט פריער זיך פאַרטיפט אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, פּראָפּאַגאַנדירט אין די אַרבעטער-קרייזלאַך, געווינט אַלץ מער די אָנערקענונג און פּאָפּולאַריטעט אין דער יונגער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און ווערט אויסגעקליבן אין אָרטיגן קאָמיטעט פון דעם ניט לאַנג אָרגאַניזירטן יידישן „אַרבעטער-בונד" אין קאָוונע, וואָס איז צוליב די דאָרט אָפּגעהאַלטענע ערשטע קאָנפערענצן פון „בונד" געוואָרן אַ צענטער פאַר דער יונגער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע. דער „חבר אַראָן"—דעוועניששקיס פּאַרטיי-נאָמען אין יענער צייט (זע וועגן די זכרונות פון א. י. גאָלדשמידט אין דעם דאָזיגן בוך)—פירט אָן אַ ברייטע טעטיגקייט, ווייזט אַרויס גרויס ענערגיע און אַקטיוויטעט און פאַרנעמט איינעם פון די ערשטע ערטער צווישן די טוער פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. ער איז אויך רעדאַקטאָר פון דעם „וועקער", דעם אומלעגאַלן אָרגאַן פון יידישן בערשטער-בונד, און פילט אויס זיינע ערשטע נומערן. דאָס וואַכיגע אויג פון דער פּאָליציי ווערט אַלץ מער אויפמערקזאַם אויף דעם „ונגן, שיינעם, באַגאַבטן רעוואָלוציאָנער, וועלכער זעט זיך געצוואונגען צו ענדערן דעם הויפּט-אָרט פון זיין טעטיגקייט, און פאָרט אַריבער קיין דווינסק. ער זיצט אָבער ניט אויף איין אָרט, נאָר האַלט אין איין אַרומפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך פון יידישן תּחום, אָרגאַניזירנדיג די אַרבעטער-מאַסן אונטער דער פאָן פון „בונד", פאַרשטאַרקנדיג די שוין פונקציאָנירנדיגע אָרגאַניזאַציעס, פּראָפּאַגאַנדירנדיג און אַגיטירנדיג פאַר דעם סאָציאַליזם, וועלכן ער דינט געטריי, בלב ונפש.

אין יאָר 1899 ווערט ער אַרעסטירט אויפן ווילנער וואָקזאַל מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור, זיצט אָפּ אין 14-טן נומער פון אַנטאָקאָל כמעט אַ יאָר און ווערט דאַן באַפרייט אונטער פּאָליציי-אויפזיכט. ער בלייבט אין ווילנע, אַרבעט טעטיג אין דער פּאַרטיי, שרייבט אין „קלאַסן-קאַמף", דעם אָרגאַן פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד". אָבער בעת זובאַטאָווס מאַסנדיגע אַרעסטן אין גאַנצן ראַיאָן פון „בונד" אָנהייב 1901-טן יאָר, ווערט ער ווידער אַרעסטירט אין ווילנע, זיצט אָפּ אַ לענגערע צייט אין מאָסקווער געפענגעניש און ווערט דאַן פאַרשיקט צום ערשטן מאָל קיין סיביר.

די ערשטע צייט האָט ווייטער געלעבט אין דאָרף טאַסייעוואָ, קאַנסקער אויעזד, קראַסנאָיאַרסקער גוב. אַדאַנק זיינע גרויסע גייסטיגע מעלות און דעם טיפן רייץ פון זיין פּערזענליכקייט, איז ער געוואָרן זעער באַליבט און אָנגענומען אין דעם ענגן קרייז פון דער אָרטיגער רוסישער אינטעליגענץ. געוועז

אַן איינגעייער ביי דעם פּריסטאַוו, ביי דעם אוריאַדניק, דעם נאַטשאַלניק פון פּאָסט, דעם גלח, דעם לערער פון דער פּאָלקסשול, וועלכע פלעגן אים איינ־לאַדן אויף יעדער שמחה, אויף יעדן יום־טוב. ער האָט בכלל געפילט זעער אַ גרויסע סימפּאַטיע צו דער אָפענער ברייטער נשמה פון דעם רוסישן מענטשן און האָט געטראָגן אַ טיפע ליבע און אַ ברענענדיגע התפּעלות פאַר דעם פאָלק, וואָס האָט דער וועלט געגעבן אַ טאָלסטאָי, אַ טשעכאָוו.

דאָס לעבן אין סיביר, אָפּגעריסן פון דער יידישער סביבה, האָט אים נאָך מער דערנעענטערט צו דער רוסישער ליטעראַטור און ער האָט אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן אין די פּראָווינציעלע סיבירער צייטונגען, וואו ער האָט געדרוקט פּובליציסטישע און קריטישע אַרטיקלען (אונטערן פּסעוודאָנים אידין), געשריבן אין לירישן טאָן. איינע פון די ערשטע ליטעראַרישע אַרבעטן זיינע אין סיביר איז געווען אַן אַרטיקל וועגן טשעכאָווס פּיעסע „טשאַיקא“.

אָבער צוגלייך דערמיט האָט אין אים אין ווייטן סיביר געלעבט אַ טיפע בענקשאַפט נאָך יידן און יידישקייט און אָפט פלעגט ער זי ברענגען צום אויסדרוק אין זיינע שמועסן מיט דן קאַפּלאַנאָוויטשן, וועלכער האָט אַ געוויסע צייט צוזאַמען מיט אים אָפּגעריכט דעם פּאָליטישן גלות אין טאַסייעוואָ (זע קאַפּלאַנאָוויטשעס זכרונות וועגן ווייטערן אין דעם ווילנער „טאָג“, פון 21־טן מאַי 1919).

אין פרילינג פון יאָר 1904 גייט אויס דער טערמין פון זיין פאַרשיקונג און דעווענישסקי פאָרט אַוועק קיין אויסלאַנד. אַ קורצע צייט פאַרברענגט ער אין זאַקאָ־פּאַנע, וואו ער שליסט זיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער פּוילישער ליטעראַטור און פּוילישע ליטעראַטן. דערנאָך וואוינט ער אין בערלין, וואו ער אַרבעט אין די בונ־דישע קרייזן און פּרובט אויך צו פאַרווירקליכן אייניגע ליטעראַרישע אונ־טערנעמונגען אין יידיש. מיטן ערשטן גרוס פון דער רוסישער רעוואָלוציע נאָכן 9־טן יאַנואַר פון 1905 יאָר קומט ער פרילינג צייט צוריק קיין ווילנע, וואו ער וואַרפט זיך אינגאַנצן אַריין אין דעם הויך געשטיגענעם שטראָם פון דער רוסישער פרייהייטס־באַוועגונג. ער ווערט דער פּאָפּולערסטער רעוואָלוציאָנער אין קאַנט, געווינט אַ געוואַלדיגע השפּעה אויף די מאַסן און דער אינטעליגענץ און ווייזט אַרויס אַן אייזערנעם ווילן און ניט קיין געוויינליכן אָרגאַניזאַציאָ־רישן טאַלענט. אין דער צייט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע שפּילט ער די ערשטע ראָלע אין דער ווילנער באַוועגונג, איז דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון אַ־ע מאַסן־אַרויסטרעטונגען און פון אַלע אָרגאַנען, וואָס די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע האָט דאַן געשאַפן. אַרום זיין נאָמען וועבן זיך גאַנצע לעגענדעס, ווי אַרום דעם פירער פון די מאַסן אין 1905, ווען ער איז אַ קורצע צייט שיר ניט געווען דער פאַקטישער בעל־הבית פון דער הויפּט־שטאָט פון ליטע, דער רעוואָלוציאָנערער „גובערנאַטאָר פון ווילנע“ (זע די דערמאָנטע זכרונות פון גאָלדשמידט און ש. ל. ציטראָנס זכרונות אין דער ווילנער „יידישער צייטונג“ פון 21־טן מאַי 1919).

דער קראַך פון דער ערשטער רוסישער רעװאָלוציע, די בלוטיגע יידישע פאָגראָמען האָבן געמאַכט אַ טיפן רושם אויף דער פיינפילנדיגער נשמה פון אייזיק־מאיר דעװעניטסקי. שוין אין יאָר 1906, זייענדיג אין בערן, וואוהין ער איז געקומען אויף דער בונדישער קאָנפערענץ, ווייזט ער אַרויס סימנים פון אַ גייסטיגן איבערבראָך. די אָפיציעלע פּאַרטיי־לייט זיינען ניט צופרידן פון „חבר אַראָנס" אפּיקורסות, און ער דערווייטערט זיך אַלץ מער פון דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג, וועלכער ער האָט געווידמעט זיינע בעסטע יונגע כּוחות. אָבער אינגאַנצן פאַרלאָזן פאַרלאָזט ער זי נאָך ניט. זוכנדיג אַנטרינונג פון דער רוסישער רעאַקציע, שטאַרק געיאָגט פון דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע קען אים ניט מוחל זיין זיין ראָלע אין די אָקטאָבער־טעג, באַזעצט זיך דע־װעניטסקי אויף אַ געוויסער צייט אין גאַליציע, וואו ער באַטייליגט זיך נאָך אַקטיוו אין דער אַרבעט פון דער אָרטיגער יידיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, האַלט פאָרלעזונגען, טרעט אַרויס אויף פאַרזאַמלונגען און שרייבט אין גאַליציש־בונדישן אָרגאַן „סאָציאַל־דעמאָקראַט". דאָ ווערט אויך פאַרפעסטיגט זיין בונד מיט דער פּוילישער ליטעראַטור, אין וועלכער ער פאַרנעמט די שטים פון נייעם פּוילן. אַ באַזונדערס שטאַרקע ווירקונג מאַכט אויף אים וויספּיאַנסקי, וואָס זיין השפעה קומט צום אויסדרוק אין זיין ערשטער דראַמע „פאַרטאָג" (1907), וואו עס שפּיגלען זיך אָפּ די שטימונגען פון דער יידישער אינטעלי־גענץ נאָך דער רעוואָלוציע. נאָך זיין צוריקקער קיין ווילנע פאַרלאָזט ער די פּראַקטישע אַרבעט אין דער פּאַרטיי ביסלאַכווייז אינגאַנצן און גיט זיך אַלץ מער און מער אָפּ דער פּעדער. פריער דערהויפּט אַ רוסישער זשורנאַליסט, אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון די ווילנער רוסישע צייטונגען (אונטערן פּסעוו־דאָנים אַנין) און אין דער יידישער פּרעסע נאָר אַ צופעליגער גאַסט, הייבט ער אָן צו נעמען אַ מער רעגלמעסיגן אָנטייל אין דער בונדישער „פאָלקסצײ־טונג" (וואו ער פאַרעפנטליכט זיינע ערשטע זאַכן אונטער זיין נייעם פּסעוו־דאָנים א. ווייטער), אין „האָפנונג", איז שפּעטער דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע פון בונדישן וואָכנבלאַט „דער מאָרגענשטערן".

די יונג־יידישע באַוועגונג פאַרנעמט אים אַלץ שטאַרקער, די יידישע לי־טעראַטור ווערט אים אַלץ נעענטער.

צוגלייך דערמיט וואַקסט אויך זיין אינטערעס פאַר דעם מאָדערנעם יידישן טעאַטער.

זייענדיג אין מינסק אין יאָר 1907, באַטייליגט ער זיך אין דער איבער־זעצונג און אויפפירונג פון מאַקס האַלבעס דראַמע „דער שטראָם" (זע די זכרונות וועגן א. ווייטער פון מ. עלקין אין דעם דאָזיגן בוך) און ווירקט אין די קרייזן פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואו זיין השפעה איז זייער גרויס, פאַר דער זאַך פון דער נייער יידישער קולטור.

סוף יאָר 1907 קומט ווייטער ווידער קיין ווילנע מיט דער כּוונה צו געבן אַ קאָנקרעטן אויסדרוק דעם הייסן פאַרלאַנג זיינעם נאָך פּאָזיטיווער קולטור

אַרבעט. ער גייט זיך צונויף מיט זיינע ביזאַהעריגע פּאַרטייאישע קעגנער, ש. ני־גער און ש. גאָרעליק, און צוזאַמען מיט זיי גרינדעט ער די „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען", אַ אונטערנעמונג, וואָס איר באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונזער מאָדערנער יידישער קולטור־באַוועגונג קען ניט אָפּגעלייקנט ווערן.

אין דעם לייטאַרטיקל „צו די לעזער" (אין ערשטן בוך פון די „מאָנאַטס־שריפטען", פעברואַר 1908), וואָס די ענדגילטיגע רעדאַקציע פון אים געהערט דער פעדער פון א. ווייטער, פאָרמולירט ווייטער די צילן פון דעם זשורנאַל. קאָנסטאַטירנדיג, אַז — „די ליטעראַטור קאָן קיין קיום ניט האָבן, קאָן זיך ניט פריי און ברייט ענטוויקלען, אויב זי שטיצט זיך אויף אַ ווייניג־ענטוויקעל־טען לעזער, אויב זי שטעלט צופריעדען די גייסטיג־עסטעטישע בעדערפניסען נור פון די, וואָס האָבען קיין צוטריט ניט צו דער קולטור פון אַנדערע פעל־קער", אַנאַליזירט ווייטער די ביזאַהעריגע באַציאונג פון דער יידישער אינטע־ליגענץ צו די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויפגאַבען פון אייגענעם פאָלק, שטעלט זיך אָפּ אויף די סימנים פון קולטור־רענעסאַנס און קולטור־אויפלעבונג, וואָס ווייזן זיך אַלץ מער סיי צווישן די קרייזן פון דער אינטעליגענץ, סיי צווישן די ברייטע פאָלקשיכטען, און קומט צום אויספיר אַז —

„אַלס רעזולטאַט און סיבה צוזאַמען — עפענען זיך אַלץ נייע קוואַלען אין דער יודישער ליטעראַטור, וואַקסען נייע צווייגען און זייער פרוכט ווערט אַלץ צייטיגער".

און פונקט ווי די „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריטען" זיינען ערשינען „אין נאָ־מען פון דעם אָנקומענדען קולטור־רענעסאַנס, אַלס זיין צייכען און מיטהעלפער", אַזוי ערשיינט דאָ אויך ווייטער פאַר אונז ווי איינער פון די ערשטע אָנזאָגער פון דער קולטורעלער אויפלעבונג, וואָס די ליטעראַרישע „מאָנאַטסשריפטען" זיינען נאָר געווען איינער פון אירע פאַרשיידנאַרטיגע אויסדרוקן.

ווייטערס טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די קולטורנויטן פון דעם יידישן פאָלק קומט צום בולטסטן אויסדרוק אין דעם פאָלגנדיגן טעזיס פון דעם צי־טירטן אַרטיקל:

„די אייגענאַרטיגע אוננאָרמאַלע בעדינגונגען האָבן צוברעקעלט די סאָ־ציאַל־פּאָליטישע ריכטונגען אין יודישען פאָלק, פערשאַרפט זייערע ווינקלען און געמאַכט זיי ניט לפי־ערך פיינדליך איינע צו די אַנדערע. דער ענטשטעהענדער קולטור־רענעסאַנס פאָדערט, אַז אויף זיין באָדען, אויפן באָדען פון דעם קול־טור־שאַפען, זאָלען פאַראייניגט ווערען אַלע לעבעדיגע קרעפטען פון פאָלק. „פער־פעסטיגען אונזערע נאַציאָנאַלע באַסטיאָנען". — דאָס איז דאָס שלאַג־וואָרט, וואָס הענגט אין דער לופט. זאָלען אַנדערע זיי פאַרפעסטיגען פּאָליטיש און עקאָנאָ־מיש, און זייער אַרבייט וועט זיך אונפערמיידליך מוזען שפּאַלטען, לויט זייערע פאַרשידענע וועגען און געגענזעצליכע מיטלען. מיר ווילען דורך די אָנ־שטריינגונג פון אַלע שעפערישע קרעפטען העלפען בויען אונזערע קולטור־פעסטונגען".

בהסכּם מיט דעם ווערן פּאָרמולירט די צילן פון דעם ליטעראַרישן אָרגאַן:

„די ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען שטעלן זיך ניט די אויפגאַבען פון „מפיצי השׂכּלה״־חברות צו וואַרפען קערנדלעך פון פילאַנטראָפּישער קולטור־טרעגעריי, פון פּאָפּולער־געפּעלשטער „פאַרן־פאָלק״־ליטעראַטור. די ליטעראַטור, וועלכע ווערט כּפּעציעל צוגעפּאַסט צו אַ נידעריגער ענטוויקלונגס־שטופּע, איז ניט קיין קינסטלערישע ליטעראַטור״, פונקט ווי די שטרעבונג זיך „אַראָבלאָזען צום פאָלק״ איז לחלוטין ניט קיין דעמאָקראַטישע שטרעבונג. דער ציעל פון די ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען איז צו זיין אַ זאַמעלפּונקט פאַר דעם, וואָס זאָל קאָנען רייכער מאַכען אונזער גייסטיגע וועלט, פּערגרעסערען אונזער קולטור־אייגענס, אויספּיינערען דעם געשמאַק פון דעם אַלטען לעזער און געווינען נייע; ביסלעכווייז קומט ער שוין אָן, דער נייער לעזער, — די ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען ווילען זיין קומען פּערגיכערען און זיין צאָהל פאַרמעהרען״.

די לאָזונגען פון די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטען״ האָבן שוין איצט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אלע די, וואָס מיינען ערנסט מיט דער אויפלעבונג פון אונזער פאָלק. אָבער אין יענער צייט זיינען זיי געווען ניי און האָבן אָפּגעקלונגען אין אַן אַטמאָספערע, אין וועלכער עס איז נאָך ניט געווען דאָס געהעריגע פאַרשטענדעניש פאַר זיי, די פעסטע און זיכערע סימפּאַטיע.

די ערשיינונג פון די „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען״ האָט אַרויסגערופן אַ גאַנצע באַוועגונג אין דער יידישער גאַס. די פאַרביסנקייט, מיט וועלכער מ'האָט זי באַגעגנט פון איין זייט, און די וואַרימע סימפּאַטיע און גרויסע האָפענונגען, וועלכע זיי האָבן געוועקט ביי דעם אַנדערן צד, זיינען געווען דער בעסטער סימן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ וויכטיגער ערשיינונג אויף דעם געביט פון אונזער קולטור־לעבן.

אין די ערשינענע פיר העפטן האָט ווייטער פאַרעפנטליכט בלויז אַן אַרבעט וועגן טעאַטער, אַן איבערזעצונג פון האַמסונס „מלכּת שבא״ און נאָטיצן וועגן דער דאַמאָלסט פּאָפּולערער טעאָריע פון אָטאָ ווייניגגער (ווייטער איז געווען פּערזענליך באַפריינדעט מיט דעם באַרימטן פילאָסאָף פון פרויען־האַס, וועלכער האָט אים זיין בוך „געשלעכט און כאַראַקטער״ געלייענט נאָך אין מאַנוסקריפּט בשעת ווייטערס זיין אין בערלין אין יאָר 1904). אָבער ווייטער איז געווען די נשמה פון דער אויסגאַבע, זיין השפּעה האָט זיך געפילט אין איר גאַנצן טאָן, אין איר געשמאַקפולער, פאַר אַ יידיש בוך גאַנץ אומגעוויינליכער אויסשטאַטונג, פּונקט ווי אין איר מאָדערניסטישן אינהאַלט.

אָבער ס'איז נאָך פאָרט ניט געווען געקומען די צייט פאַר אַזאַ ראַפינירטן ליטעראַרישן אָרגאַן, ווי די „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען״ זיינען געווען. ווייטער דינט דער אויסגאַבע מיט אַ מאָדנער טריישאַפט, מיט אַ אמתן מסירת־נפש, ער איז אומפאַרמאַטערליך אין דער אַרבעט צו זיכערן פינאַנציעל די שיינע און

צוקונפטסרייכע אונטערנעמונג, קניפט אָן פאַרבינדונגען מיט פרצן, כדי צו געפינען מיטלען, ווי אַזוי זי אויפצוהאַלטן ווייטער. אָבער אַלע זיינע באַמיאונגען זיינען אומזיסט. דעם פינפטן בוך פון די „מאָנאַטסשריפטען" געלינגט אים שוין ניט אַרויסצוגעבן. זייער באַדייטונג ווערט אָבער אָפּגעשאַצט און ווייטער ווערט אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון דער באַוועגונג פאַר אַ מאָדערנער יידישער קולטור. און אַז ס'קומט פאָר די ערשטע יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשער־נאָוויץ, צו וועלכער ווייטער קען ניט קומען צוליב פערזענליכע אומשטענדן, ווערט ער אויסגעקליבן פון דער קאָנפערענץ אין צענטראַל־ביוראָ אַלס איר פאָרשטייער פאַר ווילנע.

אין אַ געוויסער צייט אַרום טרעפן מיר שוין ווייטערן אין פּעטערבורג, וואו ער באַטייליגט זיך אין „פריינד" מיט אַרטיקלען אויף ליטעראַריש־געזעל־שאַפטליכע טעמעס. ער איז אויך דער ערשטער פון די יידישע קריטיקער, וועל־כער מאַכט אויפמערקזאַם אויף דעם נייעם טאַלאַנט פון דער יידישער ליטעראַ־טור, דוד בערגלסאָן (אין זיין אַרטיקל „אַ נייער", „פריינד", 1909).

מיט דעם אַריבערגיין פון „פריינד" קיין וואַרשע, קומט אויך ווייטער אַהינצו. אונטער דער צייט לאָזט ער אַרויס זיין צווייטע דראַמע „אין פייער"*) און גיט זיך אַלץ מער און מער אָפּ דעם געדאַנק וועגן דעם נייעם יידישן טעאַטער. אויף דעם באָדן גייט ער זיך צונויף מיט פרצן און ביידע נעמען זיי אונטער אַ טורנע צו שאַפן אַ פאָנד פאַר דעם געפּלאַנטן טעאַטער. דערפון לאָזט זיך אָבער ליידער גאָרנישט אויס. ווייטער רוט אָבער ניט און גיט זיך איבער מיט דעם גאַנצן ברען זיין נייער אידעע — צו גרינדן אַ מאָדערנעם יידישן פאַרלאַג, וועלכער זאָל דינען די אויסגעוואַקסענע באַדערפעניש פון דער יידישער ליטעראַטור אין דעם יידישן לעזער. ער חלומט וועגן אַרויסגעבן שיינע יידישע ביכער, שיין אין אינהאַלט און שיין אויך אויסערליך, אַ פאַרלאַג, וועלכער זאָל ניט אַזוי אויסן זיין קאָמערציעלע רווחים, ווי די אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. אים גיט זיך איין צו פאַרווירקליכן זיין פּלאַן, און אין יאָר 1911 ווערט אַדאַנק זיין איניציאַטיווע געגרינדעט דער „ווילנער פאַר־לאַג פון ב. א. קלעצקין", וועלכער האָט געשפּילט ניט קיין קליינע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער נייסטער יידישער ליטעראַטור. אין דעם דאָזיגן פאַרלאַג איז אַרויס ווייטערס דריטע דראַמע „דער שטומער" (1912). אים אַליין איז שוין אָבער ניט אויסגעקומען זיך צו באַטייליגן אין דער אַרבעט פון „וויל־נער פאַרלאַג". דאָס לעבן די גאַנצע צייט אומלעגאַל און פאַרשיידענע אַנדערע ריין פערזענליכע אומשטענדן האָבן אים ענדליך באַוואויגן צו מאַכן אַ אַנטשיידנ־דיגן שריט: זומער 1912 גיט ער זיך מיטן אייגענעם ווילן איבער דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע און ווערט צום צווייטן מאָל פאַרשיקט קיין סיביר, נאָכדעם ווי

*) צום ערשטן מאָל אויפגעפירט פון דער ווילנער טעאַטער־געזעלשאַפט אין חודש מערץ 1920.

ער זיצט אָפּ לאַנגע חדשים אין אַנטאַרקטישער טורמע. מאַטעריאַל פאַר דעם דאָזיגן טרויעריגן פעריאָד און ווייטערס לעבן וועט דער לעזער געפינען אין זיינע בריוו פון סיביר צו זיין פריינד מ. עלקין, וועלכע ווערן פאַרעפנטליכט אין דעם דאָזיגן בוך.

פון סיביר קערט זיך ווייטער אום ערשט אין עטליכע יאָר אַרום נאָכן נצחון פון דער פעברואַר-רעוואָלוציע פון 1917. ער באַזעצט זיך אין פעטער-בורג, וואו ער זוכט צו פאַרווירקליכן זיין פּלאַן וועגן אַ גרויסער יידישער טעג-ליכער צייטונג. צוליב פאַרשיידענע מניעות לאָזט זיך דערפון גאָרנישט אויס און ער אַרבעט דאַן אַלס פאַרוואַלטער אין דעם „ביוראָ פאַר דעם צונויפרוף פון דעם יידישן צוזאַמענפאָר”. די דעמאָראַליזאַציע פון דעם יידישן מיטלשטאַנד פאַר דער צייט פון דער מלחמה מאַכט אויף אים אַ פּיינליכן רושם און אין אַן אַרטיקל אין פעטערבורגער וועכנטליכן „פאָלקס-בלאַט” גיסט ער אויס זיין צאָרן קעגן דעם אומריינעם גייסט פון שמוכל און ספּעקולאַציע, וואָס האָט ווי אַ מגפה באַהערשט ברייטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע וואוינט ווייטער פעריאָדנווייז אין ניזשני-נאָווגאָראָד, סיביר (וואוהין ער פאָרט אויף דעם קבר פון זיין ברודער, דעם לעצטן מיטגליד פון זיין הויזגעזינט), באָברויסק, מינסק, פאַרנעמט זיך מיט ליטעראַרישע אַרבעטן, זעצט איבער גאָרקיס „קינדהייט”, גרייט צו צום דרוקן זיינע סיבירער דערציילונגען. צוזאַמען מיט ש. ניגער קומט ער אין דעצעמבער פון יאָר 1919 קיין ווילנע, וואוהין ס'האָט אים די גאַנצע צייט געצויגן מיט אַ שטאַרקער מאַכט. צוזאַמען מיט איינינגע ווילנער ליטעראַטן פּרובט ער גרינדן אַ נייע גרויסע יידישע צייטונג. דערפון קומט אָבער גאָרניט אַרויס צוליב דער אומזיכערער פּאָליטישער סיטואַציע. דאַן גרינדעט ער צוזאַמען מיט ניגערן אַ וועכנטליכן אָרגאַן פאַר ליטעראַטור און קולטור-פראַגן „די וואָך”.

אַז ווילנע איז פאַרנומען געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי, ווערט ווייטער צוגעצויגן אַלס פאַרוואַלטער פון דעם גרויסן יידישן פאַרלאַג, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט ביי דעם „קאָמיסאַריאַט פאַר פאָלקסבילדונג פון ליטע און ווייס-רוסלאַנד”. אַדאַנק זיינע גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיגקייטן געלינגט אים צו באַזייטיגן אַלע טעכנישע מניעות און ער שאַפט די מעגליכקייט פאַר אַ גראַנדיאָזער לייכטונגס-פעאיגקייט פון דעם דאָזיגן פאַרלאַג. ער ניצט אויס זיין גאַנצע השפעה, כדי ניט צו דערלאָזן די רעקוויזיציע פון די יידישע דרוקערייען, און ציט זיי אַלע צו צו דער אַרבעט פאַר דעם פאַרלאַג.

ער שטייט אינגאַנצן אָן אַ זייט פון דעם געזעלשאַפטליכן און פּאָליטישן לעבן, אינטערעסירט זיך נאָר אַ ביסל מיט דעם פאַראיין פון די יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין ווילנע, נעמט אַ אָנטייל אין דער אַראַנזשירונג פון זיינע „אינטימע אָוונטן”, אָבער אַליין טרעט ער כמעט קיינמאָל ניט אַרויס אויף זיי. נאָר ווען עס קומט צו זיין האַרציגסטער אידעע, צו דער פראַגע וועגן בויען דעם נייעם יידישן טעאַטער, קען דער אייביגער שווייגער ניט בלייבן גלייכ-

גילטיג און באַטייליגט זיך אין די וויכּוחים, פאָלעמיזירט מיט די אָנהענגער פון דעם אַזויגערופענעם אַקטיאָרן=טעאַטער, זעענדיג דעם שווער=פונקט פון דער טעאַטער=פראַגע אין דער צונויפגעפאַסטער, האַרמאָניזירטער קאָלעקטיווער אַר= בעט פון דעם גאַנצן אַנסאַמבל, באַטייליגט זיך אין דער רעפּערטואַר=קאָמיסיע פון דעם מלוכה=טעאַטער.

גלייכצייטיג פאַרלאָזט ווייטער ניט אויך די ליטעראַרישע טעטיגקייט. אין דער „וואָך" (פון וועלכער עס זיינען אַרויס בלויז 4 נומערן) דרוקט ער זיין לעצט און בעסט דראַמאַטיש ווערק, דעם איינאַקטער „אַן אומגליק", איבער= זעצטע מיניאַטיורן פון באָדלער און אַלטנבערג; אין דעם מאָנאַטליכן זשורנאַל „די נייע וועלט", וואָס ניגער רעדאַקטירט פאַר דעם „קאָמיסאַריאַט פון פאָלקס= בילדונג", פאַרעפנטליכט ער זיין לעצטע ליטעראַרישע אַרבעט—אַן אַרטיקל וועגן דעם נאָר=וואָס געגרינדעטן ערשטן יידישן מלוכה=טעאַטער, אָפּשטעלנדיג זיך אויף דער אויפפירונג פון פרץ הירשביינס „די פוסטע קרעטשמע" און „די נבלה" און אַרויסווייזנדיג זיין טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די פּראָבלעמען פון דעם נייעם טעאַטער. ער טראָגט זיך אויך אַרום מיט פאַרשיידענע ליטעראַרישע פּלענער. זיי איז אָבער שוין ניט באַשערט מקויים צו ווערן. דעם 19 פעברואַר ווערט ווילנע פאַרנומען דורך די פּוילישע לעגיאָנערן. אין שטאָט גייט אַ קאַמף אויף די גאַסן. די זאַמד=גאַס, וואו ווייטער וואוינט ביי ש. ניגער אין אַ צימער, איז נאָך אין רשות פון דער רויטער אַרמיי. אין דעמזעלבן הויז, נומער 7, וואוינט אויך דער דיכטער און ציוניסטישער טוער ל. יפה, וועלכער האָט אין דער ווילנער „יידישער צייטונג" (פון 21=סטן מאַי 1919) אונז באַשריבן ווייטערס לעצטע שעהן:

„אויסערליך איז ער געווען רואיג און געלאַסן. זעלטן נאָר פלעגט מען קענען באַמערקן פון אַ צוק אויף זיין פּנים, אַז ער איז טיף אויפגערודערט, אַז ער באַוועלטיגט זיין אינערליכע אומרו.

אַרום האָבן אָן אַ אויפהער געקראַכט די שאָסן, געקלאַפּט די קולנוואַר= פערס, אין די פענסטער זיינען שוין אַריינגעפאַלן קוילן.

אויפן אָוונט איז שטילער געוואָרן.

מיר האָבן זיך אויפגעקליבן צוזאַמען, כּדי ניט צו בלייבן איינזאַם די נאַכט אין דעם אויפגעברויזטן ים פון מענטשליכער שנאה, וועלכע האָט געוויערט אַרום פון אַלע ווינקעלאַך.

מיר האָבן געזוכט אַ שוץ פאַר די קינדער, פאַרשטעלט די פענסטער, כּדי אַ קויל זאָל ניט אַריינפליען. ווייטער האָט זיך מיט דעם מתעסק געווען. ער האָט אונז נאָכגעגעבן ווי קליינע קינדער, ערפילט אַלע באַפעלן פון די מוטערס, וואָס איינער פלעגט גלייך סותר זיין דעם אַנדערן.

דעם אָוונט האָט ער געלייענט אין אַ העברעאישער כרעסטאָמאַטיע די באַשרייבונג, ווי די כּהנים פלעגן אין בית=המקדש אָפּריכטן יום=כּיפּור די עבודה;

ער האָט באַוואונדערט די גרויסאַרטיגע קינסטלערישע קראַפט און סצענישע באַוועגליכקייט פון דער באַשרייבונג, די רייכקייט פון די בילדער.

מיר האָבן דעם אָוונט באַרירט פאַרשיידענע פראַגן: ווייטער האָט געזאָגט, אַז איצט מוז מען שאַפן אַ יידישע פרעסע, אָן וועלכער די יידישע באַפעלקערונג איז אַזוי לאַנג געווען.

מער ווי אַלץ האָט מען גערעדט וועגן באָלשעוויזם. מען האָט זיך באַמיט פאַרשטיין אים היסטאָריש און פסיכאָלאָגיש, אַלס די שטראָף, וואָס די מענטשהייט לעבט איבער פאַר אירע זינד, פאַר דער מלחמה, וועלכע האָט געמוזט ברענגען צו אַ חורבן פון דער אַלטער וועלט.

וואָס וועט איצט זיין?

איינער פון אונז האָט פרובירט זאָגן נביאות, אַז די פּאָליאַקן וועלן מן הסתם זיך בעסער פאַרהאַלטן צו די יידן, ווי אין אַנדערע ערטער. ס'איז אין זייער אינטערעס צוציען צו זיך די יידן אין ליטע, האָבן זיי פאַר גוטע פרייד.

ווייטער האָט באַמערקט: „ליידער זיינען אָבער די פּאָליאַקן שלעכטע פּאָליטיקער".

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„ס'איז דורכגעגאַנגען די נאַכט. אויף דער גאַס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די מלחמה. גאַנץ פרי האָבן מיר זיך צושיידט.

אַ זייגער 10 אינדערפרי בין איך אַראָפּגעגאַנגען צו די שכנים. ווייטער איז געשטאַנען אין קעמערל מיט די קינדער פון זיינע גוטע פריינד און האָט אַלץ געהאַלטן דעם העברעאישן ספר און געלייענט די „עבודה".

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט מען אונז געטריבן אויפן גאַס אונטער די קוילן, וואָס זיינען געפאַלן אַרום אונז, ווי אַ האָגל, אונטער די ביקסן, וואָס זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף אונז. דורכלויפנדיג האָבן מיר דערזעען ווייטערן ליגן אַ טויטן אויפן גאַס מיטן פנים צום הימל, מיט אָפענע אויגן.

מיר האָבן זיך ניט געקאָנט פאַרביגן פאַר דעם קערפער פון אונזער פריינד, זיך זעגענען מיט אים.

מען האָט אונז געיאָגט און מיר האָבן געוואַרט אויפן טויט"...

ווייטער איז דערשאָסן געוואָרן דעם זיבעטן טאָג פסח (דעם 21 אַפּריל). די טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די אויגן פון דער אַרטיסטין, פר. שערמאַן. דער מאַן, וואָס איז געווען אין די בליענדיגסטע יאָרן, פול מיט לעבן, מיט ענערגיע, מיט האָפענונגען אויף דער צוקונפט, האָט ניט געקענט שלום ווערן מיט דעם גרויזאַמען געדאַנק, אַז דאָס איז דער סוף, אַז אָט קומט זי, די קאַטאַסטראָפע, וועלכע ער האָט ניט אויפגעהערט צו פילן איבער זיין קאָפּ. ער האָט זיך געבעטן רחמים ביי די זעלנער, זיי זאָלן אים ניט טויטן, אים — דעם שריפטשטעלער, וואָס האָט קיין שייכות ניט צו די באָלשעוויקעס. די מערדער זיינען אָבער געווען אומדערבאַרימליך. ער איז געטראָפן געוואָרן אין שלייף. זיין איידל שטרענג געזיכט, וואָס איז פנים-אל-פנים מיט דעם טויט גע-

בליבן רואיג אוןווערדיג, האָט נאָר אַ קליינעם צוק געטאָן. די קויל, וואָס האָט געטויט אויפן אָרט, איז אַרויסגעפלויגן און פאַרוואונדעט די אַרטיסטין, וואָס האָט אים אומזיסט געפּרובט ראַטעווען פון די תּלינישע הענט.

זיין טויטער קערפּער, פון וועלכן מ׳האָט אַראָפּגעצויגן די שיך און די אייבערשטע קליידער, איז געבליבן ליגן אין דער גאַס־רינע קעגנאיבער דעם הויז, וואו ער האָט פאַרבראַכט די לעצטע חדשים פון זיין לעבן. דער פאַרוויל־דערטער, פון בלוט פאַרשיכּורטער המון האָט אים ניט געוואָלט אָפּגעבן די די־נער פון שפּיטאָל פון „רוסישן רויטן קרייץ״. ערשט מיטוואָך אינדערפרי איז דער טויטער ווייטער געבראַכט געוואָרן אין שפּיטאָל.

פרייטאָג איז געווען די לוויה. אין דער אימהפולער אַטמאָספערע פון יענע טעג, ווען דאָס לעבן און דאָס האָב־און־גוטס פון דער יידישער באַפעל־קערונג איז געווען הפקר, ווען אין דער לופט האָבן נאָך געשוועבט די שאָטנס פון די דערהרגעטע, זיך געטראָגן די פאַרשטיקטע קרעכצן פון די געפּייניגטע, האָבן די נאָענטע פריינד פון ווייטערן ניט געפונען פאַר מעגליך צו מאַכן זיין לוויה ברייט עפנטליך. מ׳האָט קיינעם ניט אָנגעזאָגט און קיינעם ניט גערופן צו באַלייטן צו דער אייביגער רו דעם טייערן, הייליגן קרבן. נאָר געציילטע מענטשן זיינען אין שטילן טרויער נאָכגעגאַנגען נאָך דעם ארון.

און אַז מ׳האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קדוש אין דעם פריש־אויסגעגראָבענעם קבר, האָט אַ שטילער שוידער דורכגעצוקט איבער דעם קליינעם עולם און די פאַרשטיקטע גיפטיג־זודיגע טרערן האָבן זיך געשטעלט אין די אויגן.

אַנ—סקי האָט מיט אַ ציטערדיגער האַנט אויפגעשריבן אויף אַ פּראָסט היל־צערן ברעטל:

„אייזיק־מאיר דעווענישסקי (א. ווייטער), גע׳הרג׳ט דורך אַ קויל שביעי של פּסח״.

שטיל איז מען זיך צעגאַנגען פון דעם בית־החיים. אַלץ איז געווען געענדיגט. . .

---

די שרעקליכע בשורה פון ווייטערס טויט האָט ווי אַ דונער געטראָפן אין דער גאַנצער וועלט, וואו עס לעבן און ווירקן די אידעאישע און פערזענליכע חברים און פריינד פון דעם געפאַלענעם. די גאַנצע יידישע פּרעסע האָט זיך אָפּגערופן מיט צענדליגער אַרטיקלען וועגן דעם לעבן און שאַפן פון איינעם פון אונזערע שענסטע און בעסטע, וואָס איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען אין דעם בלוטיגן געראַנגל צווישן דער אַלטער וועלט און דער נייער. אין אַלע גרויסע שטעט פון דעם אַלוועלטליכן יידישן ישוב זיינען אַראַנזשירט געוואָרן טרויער־אָוונטן לזכר דעם געפאַלענעם—אין ווילנע און אין קיעוו, אין מינסק און אין פּעטערבורג; אין וואַרשע און אין ניו־יאָרק, אין ווין און אין יפו. און אומעטום

איז צוזאַמען מיט די טרויער־רעדעס און הספדים אויך געקומען צו אויפפירונג ווייטערס אינטימסטע שאַפונג — „דער שטומער״. וואָס איז אין יאָר 1919 געווען, קען מען זאָגן, די פּאָפּולערסטע פּיעסע אין דעם רעפּערטואַר פון דעם נייעם יידישן טעאַטער.

---

דער פאַראיין פון די יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, וואו ווייטער עליו־השלום איז געווען איינער פון די אַקטיוווסטע מיטגלידער פאַר די חדשים פון זיין לעצטן זיין אין ווילנע, האָט באַשלאָסן דורכצופירן אַן אַקציע אויף צו פאַראייביגן זיין נאָמען דורך דער שאַפונג פון אַ אינסטיטוט, וואָס זאָל ווערט זיין דעם זכרון פון דעם איידעלן מאַן, מיט וועלכן עס איז פאַרבונדן איינס פון די שענסטע קאַפּיטלען פון אונזער נייסטער קולטור־באַוועגונג. צו דעם צוועק איז ביים פאַראיין געגרינדעט געוואָרן אַ „ווייטער־פאָנד״, צו וועלכן עס גייען אַריבער אַלע רעכט אויף ווייטערס ווערק און אויף דער אויפפירונג פון זיינע פּיעסן. דער פאַראיין איז אויך צוגעטראָטן גלייך נאָך ווייטערס טויט אַרויסצוגעבן אַ זאַמלבוך צום אָנדענק פון א. ווייטער.

אַזאַ זאַמלבוך ווערט אויך געפּלאַנט פון די העברעאישע שריפטשטעלער אין ארץ־ישראל. אין ניו־יאָרק איז דערוועקט געוואָרן די איניציאַטיווע צו גרינדן אויף ווייטערס נאָמען אַ יידישע ביבליאָטעק אין דעם שטאָט־טייל האַר־לעם און צו דעם צוועק איז שוין דורכגעפירט געוואָרן אַ אונטערנעמונג, אין וועלכער עס האָבן זיך צווישן אַנדערע באַטייליגט ווייטערס נאָענטסטע פריינד ש. ניגער, אברהם רייזען, פּרץ הירשביין א. אַנד.

עס ווערט אויך פּראָיעקטירט צו עפענען אין דעם יידישן מוזיי אין ווילנע אַ ספּעציעל „ווייטער־ווינקעלע״, וואו עס זאָל געזאַמלט ווערן אַלצדינג, וואָס האָט אַ שייכות צו דעם פאַרשטאָרבענעם: זיינע בריוו, מאַנוסקריפּטן, די אויסגאַבן פון זיינע ווערק, די צייטונגען און זשורנאַלן מיט זיינע זאַכן אָדער מיט אַרטיקלען וועגן אים.

אַלע די, וואָס זיי איז טייער דער זכרון פון א. ווייטער, ווערן אויפגע־פאָדערט צו נעמען אַ אָנטייל אין די דאָזיגע אונטערנעמונגען, צוצושיקן אַלע ווייטער־מאַטעריאַלן, די אַרטיקלען וועגן אים וכדומה, און מיטצווירקן, אַז דער „ווייטער־פאָנד״ זאָל וואָס גיכער קענען דורכפירן די אויפגאַבע צו פאַראייביגן דעם נאָמען פון אייזיק־מאיר־דעווענישסקי — א. ווייטער — אויף אַ ווערדיגן אופן.

---

צום אַרויסגעבן דאָס ווייטער־בוך האָט דער פאַראיין פון די יידישע לי־טעראַטן און זשורנאַליסטן אויסגעקליבן אַ רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע, אין וועל־כער עס זיינען אַריין ש. אַנ—סקי, לייב יפה, ש. ניגער און ז. רייזען. ש.

אַנ—סקי און לייב יפה האָבן אָבער ניט באַוויזן צו נעמען אַ אָנטייל אין דער רעדאַקציע, ווייל זיי זיינען אַוועקגעפאָרן פון ווילנע. אויך ש. ניגער האָט אינ־גיכן פאַרלאָזן ווילנע, איידער דער גאַנצער ווייטער־מאַטעריאַל איז נאָך געווען צוגעגרייט. די פאַקטישע רעדאַקציע פון דעם זאַמלבוך איז דורכגעפירט גע־וואָרן פון ז. רייזען.

---

צו ליב פאַרשיידענע טעכנישע מניעות און כדי דאָס זאַמלבוך זאָל ניט פאַרשפּעטיגן צום ערשטן יאָרצייט פון א. ווייטער, זיינען אין בוך ניט אַריין אַ ריי אַרטיקלען פון ד״ר וויגאָדסקי, חייקל לונסקי, מ. ענגלשטערן, ז. רייזען, ד״ר שאַבאַד און מ. ב. שניידער.



א. י. גאָלדשמידט.

# „חבר אַראָן“.*)

(זכרונות).

## I.

דאָס איז געווען אין זומער פון יאָר 1900. ס׳איז אַ שיינע צייט געווען, אַ צייט פון אויפגעלעבטן באַגייסטערטן געראַנגל פאַר פּאָליטישער פרייהייט אויפן גאַנצן שטח פון דער אומגעהייערער רוסלענדישער אימפּעריע. אין תחום פונם יונגן יידישן אַרבעטער-בונד האָט עס געקאָכט פון אַרבעט — אויפן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן געביט. ס׳האָבן אָבער געפעלט טוער פאַר די נייע ברייטע פּערספּעקטיוון פון אַרבעט,—פלעגן מיר, בלוט-יונגע ענטוזיאַסטן, זיין אין זיבעטן הימל פון גליק, ווען אונז פלעגט געלינגען „מגייר צו זיין“ אַ וועלכן ס׳איז „פאַרבורזשואירטן אינטעליגענט“ אָדער ווען צו אונז פלעגט לויט דער התעוררות פונם אייגענעם האַרצן עמיצער „אַ אינטעליגענט“ אַליין קומען און שטעלן זיך אין אונזערע רייען.

פון מיינע וואַנדערונגען איבער דער פּראָווינץ בין איך דעמאָלט געקומען קיין ווילנע צוליב פּאַרטייאישע ענינים און באַזונדערס צוליב דער פּראַגע וועגן מאַנגל אין „מענטשן“ פאַר דער דאָזיגער פּראָווינץ. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ טאָג צוויי ביי מיין נאָענטסטן חבר און פריינד קלמן קראַפּיווניק, דעם באַוואוסטן ענערגישן בונדישן טוער אין ווילנע, אויף זיין „דאַטשע“ אויף „קאַטשערגינסקיס באַרג אין רוזעלע“.

דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרופּע פון די בעסטע איבערגעגעבנסטע טוער — אַרבעטער און אַרבעטערינס און באַזונדערס פריקאַזטשיקעס און פריקאַזטשיצעס. דאָ איז געווען אַ צענטער, וואו יעדער דורכפאָרנדיגער חבר האָט געפילט אַ נויט אָדער אַ חוב אויף לענגער אָדער אויף קירצער זיך אָפּצושטעלן.

ערב תשעה-באָב האָבן מיר זיך אויפגעקליבן אין אַ היבשן קרייז און געקלערט, ווי אויסצונוצן דעם מאָרגעדיגן טאָג. אין יענע צייטן איז אין אונזערע רייען געווען אַ מנהג אויסצונוצן צו צוועקן פון סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע די באַדייטונג פון איטליכן יידישן יום-טוב און אַפילו פון אַ יומא-דפגרא אָדער אַ תענית, מחמת די אַרבעטער האָבן זיך, לויט אונזער מיינונג, דאַן גענייטיגט אין אַזאַ מין אויפקלערונג.

דער ישוב-הדעת האָט נאָך געהאַלטן ביים אָנהייב, ווי מיר זעען פון

*) אַ קיצור פונם מחבר׳ס גרעסערן ווערק וועגן חייטערן.

די רעד.

באַלקאָן—עס דערנעענטערן זיך דירעקט צו אונז צוויי גאַנץ יונגע בחורים. זייער ערנס־טער אויסזעען האָט אונז אַלעמען שטאַרק פאַראינטערעסירט און מיר האָבן איבער־געריסן אונזער שמועס. באַלד זיינען זיי שוין געווען אויף אונזער באַלקאָן און נאָך קלמנס הייסן באַגריסן זיך מיט זיי ווי מיט אַלטע באַקאַנטע, האָט ער זיי פאַר־געשטעלט פאַר אונז: איינער איז געווען אַ חבר, וואָס האָט ניט לאַנג געהאַט געלערנט ביי ר׳ יצחק־יעקב ריינוש אין לידע און איז נאָכדעם „נתחמץ״ געוואָרן, און דער אַנדערער איז געווען — דער „חבר אַראָן״. זיי זיינען אָקאָרשט ביידע געקומען פון ק אָ ו נ ע צוליב אַ וויכטיגן ענין און מוזן אין אַ פּאָר טעג אַרום אָפּפאָרן צוריק. זיי האָבן אָבער ניט וואו צו נעכטיגן, דעריבער זיינען זיי גע־קומען אַהער.

מיר זיינען דעמאָלט געווען פרילינג־יונג, אָן אויפהער באַגייסטערט און פול התפעלות פון יעטווידער נייער ערשיינונג און געשעעניש און אפילו פון איטליכער פרישער באַגעגעניש און באַקאַנטשאַפט. זיינען מיר געווען מלא שמחה פון דער באַקאַנטשאַפט מיט די צוויי נייע „וויכטיגע פערזענליכקייטן״, באַזונ־ פון דער באַקאַנטשאַפט מיטן חבר אַראָן, וועגן וועמען קלמן האָט אונז נאָך פריהער געהאַט אָנדערציילט הוילע נפלאות...

ער האָט שוין געהאַט הינטער זיך „אַ גאַנצע פאַרגאַנגענהייט פון קאַמף, איז געווען זייער ערנסט ניט נאָך זיינע יאָרן און אַן עכטער ניהיליסט. אַ הויכע־שלאַנקער ברונעט מיט אַ הויכען ברייטן קלאָרן שטערן, ווי ביי אַן עילוי, מיט אַ פולן געזיכט, מיט אַ פיינגעשניצטן עכט־אָריענטאַלישן נאָז און שטרענג פאַרמאַכטע ליפּן און מיט אַ פּאָר טיף־קלוגע, דענקענדיגע, שטרענגע און דאָך מאָדנע צערטליך־גוטע אויגן, וואָס האָבן געקוקט שטאָלץ, פריי און מונטער אויף דער וועלט — אין דער ווייטער צוקונפט אַריין, האָט זיין פּנים און זיין גאַנצע פיגור, זיין שטיין, זיין גיין, זיינע באַוועגונגען און זיין אַרט ריידן גע־עטעמט מיט שטאַרקן ווילן און ענערגיע.

ער האָט פון דער ערשטער מינוט אָן געמאַכט אויף אונז דעם בעסטן איינדרוק.

דער לידער און אַראָן האָבן זיך געזעצט מיט אונז, זיך באַטייליגן אין אונזער באַראַטונג.

איינער פון אונז — דאָס איז, דאַכט זיך, געווען דער חבר סאַם. פערסאָן — האָט זיך אַריינגעלאָזן אין אַ לאַנגער חקירה וועגן דעם, אַז די יידישע ימים־טובים בכלל און די טרויעריגע בפרט האָבן שוין אָנגעוואָרן זייער באַדייטונג. „גענוג — האָט ער אויסגעשריען — צו טרויערן און צו האָפן אויף עפּעס אַ גאולה על פּי נס! מ׳דאַרף דערווייזן די מאַסן, אַז מיר מוזן אינגאַנצן איבעררייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, אינגאַנצן אָפּזאָגן זיך פון דער אַלטער וועלט און אָפּ־טרייסלען איר שטויב פון אונזערע פיס. אַמאָל האָט מען געקענט בלויז וויינען, טרויערן. פאַר אונז שיינט אָבער אַנייע צוקונפט מיט נייע ימים־טובים, מיט פייערונגען פון אַ נייער אייביג־ליכטיגער פרייד אין אַ לעבן פון אינטערנאַציאָ־נאַלער און סאָציאַלער פרייהייט...

אים האָבן אונטערגעהאַלטן אַ סך אַנדערע חברים און איטליכער מיט אַלץ אַ גרעסערן פּאַטאָס.

— איר האָט אַ גרויסן טעות, חברים, — האָט זיך צום. סוף אָפּגערופן דער חבר אראָן, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, — איר לערנט פאַלש פשט: מיר קענען ניט איבעררייסן דעם. פאָדים פון דער געשיכטע, מיר קענען בשום ניט אָפּזאָגן זיך פון אַלע דערגרייכונגען פון דער גאַנצער פאַרגאַנגענער מענטשליכער קולטור. מיר וועלן פאַרלירן דעם וועג צום עתיד, ווען מיר וועלן אינגאַנצן איבעררייסן מיטן עבר... די דיאַלעקטיק רייסט ניט איבער דעם פאָדים פון דער געשיכטע, נאָר שפּינט אים ווייטער... נאָכמער, דווקא אונזער נאַציאָנאַלע געשיכטע פירט אונז צום זעלביגן געגאַרטן ענדציל פון אַלמענטשליכן און אַלפעלקערליכן גליק. אונזער געשיכטע ווייס ניט בלויז פון וויינען און טרויערן, נאָר אויך פון מסירות־נפשדיגן קאַמף פאַר פרייהייט, וואָס האָט זיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע פון פעלקער... אונזערע זיידעס האָבן געקענט שטאַרבן פאַר פרייהייט, פאַר סאָציאַל־פּאָליטישער פרייהייט און פאַר פרייהייט פון געוויסן... לאָמיר נעמען, למשל, די ערשטע מאקאַבייער, די קנאים, די סיקאַריער, בר־כּוכבאָ׳ן מיט זיינע חברים, די עשרה הרוגי מלכות, די קרבנות פון דער אינקוויזיציע... מיר האָבן נאָך אַ סך צו לערנען זיך פון זיי... מיר וועלן פאַרבינדן די פעלזנשטאַר־קייט פון זייער גייסט מיט אונזער ברענענדיגן ווילן און מיר וועלן גיין מיט אונזער אייגענעם וועג, באַלויכטן מיטן פייערדיגן זייל פון אונזער געשיכטע, פאָראויס צום אַלגעמיינעם ציל פון דער מענטשהייט...

מיר זיינען אַלע אַנטשוויגן געוואָרן, מיר האָבן געשפּירט, אַז ער איז גערעכט, אַז ער איז אַן אָריגינעלער דענקער, וואָס גייט מיט זיין אייגענעם וועג.

מיר האָבן אים ליב באַקומען פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט אונזערער אונזער אַכטונג צו אים איז געשטיגן אַלץ מער און מער.

מיט פרייד האָבן מיר זיך אַלע אונטערגעגעבן דעם היפּנאָז פון זיין ענערגישער, באַפעלערישער, און דאָך חבריש־ליבער פּערזענליכקייט. מיר האָבן תיכּף דאַן דערשפּירט, אַז ער קען ניט ווערן געפירט, אַז ער קען נאָר פירן.

## II.

נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעפירט מיין ענין, בין איך באַלד צוריק אָוועקגעפאָרן פון ווילנע. בכן געדענק איך ניט, צי חבר אראָן איז דענסטמאָל שוין פאַרבליבן אין ווילנע „אַרבעטן” אָדער ער איז אויף אַ קורצער צייט צוריק אוועקגעפאָרן און ערשט נאָכדעם איז ער געקומען קיין ווילנע אויף לענגער. בכל אופן, נאָך מיין קומען קיין ווילנע אויף ווינטער 1900/01, האָב איך שוין געטראָפן אַראָנען „אין דער אַרבעט”.

אַרבעט איז געווען אַ סך. ט׳איז געווען אַ שטורימדיגער יאָר און אין דער פּערספּעקטיווע האָט זיך געזעען אַ נייער יאָר נאָך אַ שטורימדיגערער. ס׳האָט געקאָכט ניט בלויז דער עקאָנאָמישער קאַמף, נאָר אויך דער פּאָליטישער. האָט חבר אַראָן געאַרבעט ענערגיש און אַ סך. געאַרבעט האָט ער מיט אויסוויייניגסטער

ריאיגקייט, אָבער מיט אינעווייניגסטער התלהבות. ער איז געוואָרען איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער אין אונזערע רייען. ער איז ניט געווען קיין אַגיטאַטאָר, ער האָט דעם ענין אַגיטאַציע בכלל פיינט געהאַט תכלית שנאה; ער האָט טיף פאַראַכט יענע ניט אויפריכטיגע נאַטורן, וואָס האָבן האָלט בלויז צו לאָזן פייערווערק, ריידן מיט אַפּלאָמב און וואַרפן אויגן אויף די זייטן צו זעען דעם רושם, וואָס זיי מאַכן... ער האָט די ריינע וויסנשאַפטליכע טעאָריעס געלערנט, די פילאָסאָפישע שיטות שטודירט און ער האָט אויף אַ ריין-וויסנשאַפטליכן אופן רואיג און זיכער איבערגעגעבן זיינע אוידיטאָריעס אין די געהיימע פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרייזן — אין די קעלערן פון די ייִדישע געסלעך אין שטאָט און אין די בוידים-שטיבלעך און כאַלופּעס אויף נאָוויגאָראָד — זיינע טיפע ידיעות און ער האָט זיך אין האַרצן געפרייט, זעענדיג די גוטע פעולה...

מיט רעדעס פלעגט אַראָן אַרויסטרעטן זייער זעלטן און מיט זייער קורצע, אָבער יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט אַרויסטרעטן, פלעגט ער מאַכן אַן איינדרוק. באַזונדערס האָט ער זיך עטליכע מאָל אויסגעצייכנט מיט זיינע פּאָלעמיקעס מיט די פּ. פּ. ס. און מיט די ערשטע „פועלי-ציון".

אַראָן האָט בכלל ליב געהאַט פּאָלעמיק. דאָ איז ער געווען שאַרף, וויציג, בייסנדיג, אָבער אין דער זעלביגער צייט מאָדנע איידל, שאַנעווענדיג דעם קעגנער. ער האָט דעם קעגנער פריער רואיג און אויפמערקזאַם אויסגעהערט, קיינמאָל אים ניט איבערגעריסן אין מיטן, האָט זיך באַמיט אַריינצודרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פונם קעגנער, אין זיין שטייגער דענקען, פילן און אויסדריקן זיך, כדי גוט צו פאַרשטיין אים, און ערשט דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן זיינע השגות אויפן יסוד פון ריינער לאָגיק. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרטומלט דעם קעגנער, האָט אים קיינמאָל ניט אונטערגעשטעלט קיין פּאָלעמיש פיסל, איז צו אים שטרענג ערליך געווען. ערליכקייט און אויפריכטיגקייט איז בכלל געווען דער הויפּט-שטריך פונם כאַראַקטער זיינעם. ער האָט זיך אָבער צייטנווייז אויך איראָניש און אַפילו סאַרקאַסטיש באַצויגן צו געוויסע פאַרשוינען, וואָס האָבן מיט קליינליכער פאַלשקייט און חניפהדיגע שמייכעלעך געוואָלט אויסקליאַנטשען ביי אים חן און אָנערקענונג... פאַר אַזוינע לייט האָט ער שטענדיג בלויז איין וואָרט געהאַט:

— קאָמיקער!

ער איז געווען אומברחמנותדיג קאָנסעקווענט אין זיין דענקען און אין זיינע מעשים, קוים איז ער געקומען צו וואָסער-ס'איז אינעווייניגסטער איבערצייגונג. ער איז געווען גייסטיג בכוח איבערצורייסן אַ וועלכן-ס'איז וויכטיגן ענין אָדער אַ וויכטיגע אַרבעט אינמיטן, אויב ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז שעדליך אָדער איבעריג, — ער האָט ניט געקוקט אויף דער אָנגענומענער מיינונג פון דער סביבה און האָט ניט געבוקט זיך צום המון.

III.

אין סוף 1900 איז אין דער ערשטער קאָאָפּעראַטיווער קיך פון די פּרי־קאַזטשיקעס אויף רודניצקער גאַס אין ווילנע (געגרינדעט דורך קלמן קראַ־פּיווניק) געווען אַ באַראַטונג פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע וועגן דירעקטיוון צום פּערטן צוזאַמענפאָר פון „בונד“. די ויכּוחים זיינען געווען לאַנגע און הייסע. דערעיקרשט האָט זיך צעפלאַקערט אַ שטרייט וועגן עקאָנאָמישן טעראָר און וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דער פּראָגראַם פון בונד. ס'זיינען געווען הייסע אָנהענגער פון עקאָנאָמישן טעראָר קעגן בעלי־בתּים און שטרייקברע־כער (שלאָגן, אָפּגיסן מיט אָלעם, ברעכן שויבן). אַראָן איז אַרויסגעטראָטן מיט פייער קעגן אַזאַ אופן פון קאַמף, וואָס פאַרדאַרבט די מידות פון די אַרבעטער, דיסקרעדיטירט די אַרבעטער־באַוועגונג אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט, וואָס מיר נייטיגן זיך אין אירע סימפּאַטיעס, און שוואַכט אָפּ דעם סאָציאַלדעמאָקראַ־טישן באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער־מאַסן, וועלכע פאַרלאָזן זיך אויף די „באָיע־וויקעס“, וואָס „וועלן שוין אַלץ גוט מאַכן“.

— דער איינציגער און ווערדיגסטער מיטל—האָט געזאָגט אַראָן—איז די אויפ־קלערונג! מ'מוז אָן אויפהער וועקן דעם קלאַסנבאַוואוסטזיין און דעם אחדות־געפיל פון די אַרבעטער. דאַן וועלן קיין שטרייקברעכער ניט זיין.

כמעט מחמת די זעלביגע טעמים האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט אויך קעגן פּאָליטישן טעראָר אַלס מיטל קעגן גוואַלד־מעשׂים פון דער פּאָליציי און קעגן שפּיאָנעס.

די דאָזיגע מיינונגען זיינע האָבן געוואונען אַ גרויסן רוב־דעות און זיינען צום סוף אָנגענומען געוואָרן אויך אויפן צוזאַמענפאָר.

אויך אויף דער אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דער פּראָ־גראַם פון בונד האָט חבר אַראָן געהאַט אַ גרויסע השפּעה. אמת, זיינע מיינונגען זיינען פון דער פּאַרטייאישער אינטעליגענץ אָפּט ניט אָנגענומען געוואָרן, אָבער אַלעמאָל האָט מען זיך געמוזט מיט זיי רעכענען, ווייל גראָד די אַרבעטער זיינע ס'רוב געשטאַנען פאַר זיי.

די אינטעליגענץ איז בכלל געווען געקומען צום יידישן אַרבעטער ניט פון די מאַסן, נאָר פון די העכערע שיכטן, און האָט זיך נאָך ניט געהאַט איינ־געלעבט מיט זיי, האָט גאָר אייגנטליך נאָך ניט געקענט דעם יידישן אַרבעטער, האָט אפילו ניט גערעדט אויף זיין שפּראַך... די אינטעליגענטן בכלל זיינען געווען אַסימילירט־רוסיפיצירט. יידיש איז ביי זיי ניט געווען קיין עיקר אין דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון „בונד“, נאָר אַ מיטל פון אַגיטאַציע צווישן די אַר־בעטער, וואָס קענען נאָך ניט קיין רוסיש. זיי האָבן מורא געהאַט צו באַטאָ־נען דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעט און אַרויסצושטעלן ספּעציעלע פאָדערונגען פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, מ'זאָל זיי חלילה ניט חושד זיין אין „שאָוויניזם“, „סעפּאַראַטיזם“ וכדומה. אויפן דריטן צוזאַמענ־

פאָר פון „בונד״ (אין קאָוונע אין דעצעמבער פון יאָר 1899), בעת די אָרגאַניזאַציעס זיינען נאָך ניט געווען גענוג ברייט, האָבן מנצח געווען די דאָזיגע אינטעליגענטן און ס'איז אָנגענומען געוואָרן אין פראָגראַם בלויז אַ פונקט וועגן גלייכע בירגערליכע רעכט. אין משך פונם שטורמיש־רעוואָלוציאָנערן יאָר 1900 האָבן די אָרגאַניזאַציעס אַרומגענומען אַלץ ברייטערע אַרבעטער־מאַסן און עס איז אויפגעקומען די נייטיגקייט איבערצוקוקן די אָנגענומענע פראָגראַם פון דריטן צוזאַמענפאָר. די בירגערליכע גלייכבאַרעכטיגונג האָט די אַרבעטער ניט באַפרידיגט. אין אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציעס און אויף פאַרזאַמלונגען (פאַרשטייט זיך, געהיימע) האָט זיך הייס דעבאַטירט די פאָדערונג פון גלייכע נאַציאָנאַלע רעכט. אַ גרויסער טייל פון די אינטעליגענטן האָט מורא געהאַט צו פאַרבייטן דעם פונקט וועגן בירגערליכער גלייכבאַרעכטיגונג אויף אַ נייעם פונקט פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיגונג, דאָס זאָל ניט פאַרטונקלען דעם קלאַסנבאַוואוסטזיין פון די יידישע אַרבעטער. דער חבר אַראָן איז געווען איינער פון די יחידים צווישן דער אינטעליגענץ, וואָס זיינען געשטאַנען אויף אַ גאַנץ אַנדער פאָזיציע. ער האָט געהאַט צו טאָן מיט די לעבעדיקע מאַסן יידישע אַרבעטער און ער האָט גוט געוואוסט זייערע געדאַנקען, פאַרלאַנגען און געפילן,—און ער איז ענערגיש אַרויסגעטראָטן דערפאַר, אַז אויפן פערטן צוזאַמענפאָר זאָל קאַטעגאָריש געפאָדערט ווערן, מ'זאָל אָננעמען אַ קלאָרע אָפענע נאַציאָנאַלע פראָגראַם. און ער האָט זיין פאָדערונג באַגרינדעט און גלענצנד פאָרמולירט און דוקא פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן שטאַנדפונקט.

די טעאָריע פון דעם חבר אַראָן און זיינע אָנהענגער וועגן דער וויטיגקייט פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַוטאָנאָמיע פאַר דער יידישער נאַציע איז אין יענער צייט געווען ניי און אָריגינעל און פאַר די אַסימילאַטאָרן פון אַלטן חדר אפילו משונהדיג־פּאַראַדאָקסאַל און זי איז ניט אָנגענומען געוואָרן אינגאַנצן; צוזאַמען מיט אַנדערע קעגנערישע מיינונגען איז זי אַריינגעטראָגן געוואָרן אויפן צוזאַמענפאָר און—איז ניט דורכגעגאַנגען. זי האָט אָבער געהאַט אַ נאַציאָנאַליזירנדיגע באַדייטונג, איז ביסלעכוויז אַריינגעדרונגען אין די מוחות פון די מאַסן. נאָכמער, אפילו אויפן צוזאַמענפאָר איז אונטער איר השפּעה פאָרט אָנגענומען געוואָרן אַ פונקט וועגן אַ קאַמף פאַר פאַרניכטן דעם נאַציאָנאַלן דרוק און פאַר אַ פעדעראַציע פון די נאַציאָנאַליטעטן מיט אַ פולשטענדיגער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע בכלל, הגם ניט אַרויסגעשטעלט באַזונדער די יידן. דאָס איז שוין אָבער געווען אַ טריט פאָרויס צו דער פולשטענדיגער אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע אין דער פראָגראַם פון „בונד״. און אין אַ גרויסן טייל האָט די דאָזיגע פראָגראַם צו פאַרדאַנקען דעם חבר אַראָן.

ווייטער האָט חבר אַראָן געהאַלטן, אַז יידן זיינען אַן אַלוועלטליכע נאַציע און דער יידישער פראָלעטאַריאַט איז אַן אַלוועלטליכער יידישער פראָלעטאַריאַט, ניט קוקנדיג אויף די צייטווייליגע גרעניצן פון די בורזשואַזע מלוכות. דעריבער איז ער געשטאַנען דערפאַר, אַז דער „בונד״ זאָל הייסן: „דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד״, ניט אָנרופנדיג דערביי קיין נאָמען פון אַ וואָסער־

ס'איז לאַנד. די דאָזיגע מיינונג איז כּמעט פון קיינעם ניט געוואָרן אונטערגע-האַלטן, זי איז בלויז פאַרנאָטירט געוואָרן. אפילו קלמן קראַפּיוניץ, אַראָנס שטענ-דיגער אָנהענגער, איז געווען קעגן איר.

איינער (ד. צ.) איז צו צו אַראָנען און האָט אים אַ וואָרף געטאָן:

— פּאָלעמיזירנדיג אָן אויפהער מיט די „פּועלי-ציון" האָט איר זיך נישקהדיג אָנגעשטעקט פון זיי...

און אַראָן האָט אים געענטפערט:

— און איר וועט אַוועקגיין פון די רייען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט — צו די פרעמדע!..

אין יאָרן אַרום זיינען די דאָזיגע ווערטער, ווי אַן אמתע נבואָה, טאַקע מקוים געוואָרן...

## IV.

חבר אַראָן האָט קיינמאָל ניט געקאָנט זיין פון די געפּירטע, — ער איז דערצו געווען צו אָריגינעל, צו אינדיווידועל. ער האָט געזוכט אַן אַרבעט, וואו ער זאָל קענען זיין זעלבּשטענדיג, פריי, וואו ער זאָל קענען אַנטפּלעקן אַלע פאַרבאָרגענע כּחות פון זיין עילויישער נשמה. שוין פון זיין ערשטן אַרויסטריט אין דער אַרבעטער-באַוועגונג האָבן זיך אַרויסגעוויזן זיינע גרויסע אָרגאַניזאַטאָ-רישע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע פעאיגקייטן. ער האָט אָרגאַניזירט מאַסן אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכן און גאַנצע בראַנזשעס, באַזונדערס אין בערשטער ראַ-יאָן. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג מיטן גאַנצן פייער פון זיין יונגער נשמה און איז איר געווען איבערגעגעבן בלב ונפש. די יאָרן 1899 און 1900 זיינען געווען דער שטורים-און דראַנג-פּעריאָד פון זיין לעבן. ער רוט ניט און ראַסט ניט, קען ניט איינזיצן אויף איין אָרט. אָט פירט ער אַ פּראָפּאַ-גאַנדע אין קאָוונע, אָט פירט ער דורך גלענצנדע און צילטרעפנדיגע פּאָלעמי-קעס אין ווילנע און אָט האַלט ער פייערדיגע רעדעס אין דווינסק; באַלד האַלט ער אָפּ „מאַסאָווקעס" אין קרעסלאַווקער און פּאָנעוועזשער וועלדער און מיט אַמאָל גיט ער זיך אַ וואָרף קיין קאַלוואַריע און ווילקאָווישקי, קיין וויסטינעץ און ווערזשבאָלאָווע, פון דאָרטן צוריק קיין ווילקאָווישקי, קיין ווילנע, קיין מינסק, קיין וויטעבסק, און אַזוי אָן אַ סוף. דאָ פאַרפעסטיגט ער אַלטע „קאַסעס" און „פאַראיינען" און דאָ אָרגאַניזירט ער נייע, דאָ גרינדעט ער אַ „קרייזל" פאַר זעלבּסטבילדונג און דאָרטן אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישן „קרייזל".

און אומעטום טראָגט ער אַריין עפּעס אַ מאָדנע וואַרימקייט און ליבליכ-קייט. דער „חבר אַראָן" איז גאָר ניט גלייך צו אַלע איבעריגע חברים: אַזאַ געזעצטער, איינגעהאַלטענער און דאָך אַזאַ האַרציגער, פלאַמענדיגער, אַזאַ מאָדנע שטרענגער און דאָך אַזאַ מאָדנע ליבער. אַזוי האָט מען פון אים גערעדט

אין אונזערע קרייזן. דער עיקר איז ער געווען באַוואוסט און באַליבט ביי די בערשטער.

דער פאַך בערשטער איז געווען צעוואָרפן ווי ווייט אָפּגעזונדערטע אינזלען אויף אַ גרויסן שטח פון וויטעבסקער, מינסקער, ווילנער, קאָוונער און סוּבאַלקער גובערניעס. דעריבער איז ער געצוואונגען געווען צו שאַפן אַ „בונד״ פון אַלע שטעט און שטעטלעך פונם אַזויגערופענעם „בערשטער־ראַיאָן״. דערצו האָבן אים געצוואונגען די טרויעריגע עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון די אַרבעטער אין דער בערשטער־אינדוסטריע, וואו די עקספּלואַטאַציע האָט איבערגעשטייגט יעדע גרעניץ און די היגיענישע תּנאים זיינען געווען די ערגסטע. האָט זיך דער בערשטער־בונד צעבליט אין דער ברייט און אין דער טיף, איז געוואָרן אַ מעכטיגער פאַרבאַנד פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז געווען אַ מוסטער מיט זיין אָרגאַניזירטקייט (די צאָל אָרגאַניזירטע מיטגלידער האָט דערגרייכט די ציפער 60 פּראָצ. פונם גאַנצן פאַך), מיט זיין באַוואוסטזיניגקייט און קאַמפלוסט אַפילו פאַר די אַרבעטער פון אַנדערע פעלקער. די דאָזיגע אַלע מעלות האָבן אָבער געפאָדערט אַ סך אינטעליגענטע כוחות. די בעסטע טוער פון דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג האָבן געהאַלטן פאַר אַ באַזונדערן כבוד צו דינען מיט וואָס ניט איז דעם בערשטער־בונד. חבר אַראָן האָט דעם בערשטער־בונד, ווי בכלל דעם בערשטער־אַרבעטער, פשוט ליב באַקומען — פאַר זיין אמתער פּראָלעטאַרישקייט, פאַר זיין מסירות־נפשדיגן קאַמף לטובת אַ בעסערן שענערן לעבן, פאַר זיין אויפריכטיגער שטרעבונג צו פרייהייט און סאָציאַליזם.

חבר אַראָן איז זעער באַפריינדעט געוואָרן מיט „אַבראַם דעם בערשטער״ (ער איז איצט אין אַמעריקע), וועלכער איז געווען די נשמה פונם בערשטער־בונד, און האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער אַרבעט אין די רייען פון דעם דאָזיגן בונד, וואָס איז געווען אַן אַווטאָנאָמער מיטגליד פונם „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד״. דער בערשטער־בונד האָט זיך פריי אַנטוויקלט אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך גענומען נייטיגן אין אַ ספּעציעלן פאַך־אָרגאַן. די יונגע „אַרבעטערשטימע״ איז געווען דער אַלגעמיינער אָרגאַן פון „בונד״. די בערשטער־אַרבעטער זיינען אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון דעם געדאַנק צו האָבן אַן אייגענעם געדרוקטן אָרגאַן, אַז זיי האָבן ניט געזשאַלעוועט קיין כוחות און קיין מיטלען אויף צו שאַפן אים. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן די נייע צייטונג „דער וועקער״. און חבר אַראָן איז איינגעלאַדן געוואָרן אים צו רעדאַקטירן. אין דעצעמבער פון יאָר 1898 איז אַרויס דער ערשטער נומער.

„דער וועקער״ איז אָבער ניט געווען קיין ענגער פאַך־אָרגאַן. ער איז געווען זייער באַלערעוודיג און אינטערעסאַנט פאַר יעדן אַנדער יידישן אַרבעטער בכלל, פונקט ווי די „אַרבעטער־שטימע״, און דאָס איז געווען אַדאַנק — אַראָנען.

אַראָן האָט געליבט דעם ענין אָרגאַניזירן, שאַפן, בויען. ער פלעגט נאָכאַנאַנד ריידן צו אונז: „קינדערלעך, מ'מוז אָן אויפהער אָרגאַניזירן, מ'מוז שאַפן און בויען, שאַפן און בויען קלוגס, גוטס און אייביגס!״ ער האָט ליב געהאַט די

פּראָפּאַגאַנדע, — ער האָט אונז ערקלערט: „די פּראָפּאַגאַנדע, ניט די אַגיטאַציע, נאָר די פּראָפּאַגאַנדע איז דער אמתער וועקער צו שאַפן און בויען“. ער האָט דעמאָלט ליב געהאַט די פּאָלעמיק, — ער האָט אונז געזאָגט: „די פּאָלעמיק, דאָס הייסט די ערליכע, די אויפריכטיגע פּאָלעמיק, רייניגט דעם שכל פון די ווילדע אָנוואוקסן“. און ער איז געווען אַ גלענצנדיגער פּראָפּאַגאַנדיסט און זיינע „קרייזלער“ זיינען געווען פון אים פשוט באַגייסטערט; ער האָט דערצויגן אַ גאַנצן דור וויכטיגע אַרבעטער-טוערס. ער איז געווען אַ פייערדיגער פּאָלעמיקער, וואָס האָט אַלע מאָל אימפּאָנירט און אָפט אַרויסגערופן בייפאַל. ער איז עס אַלץ געווען, ווייל ער האָט עס געליבט. אָבער מער פון אַלץ האָט ער געליבט די ליטעראַטור — אויך די פּרעסע געמיינט — און די קונסט — דעם טעאַטער געמיינט. ער האָט ליב געהאַט אָפט אויסצודריקן זיך: „די ליטעראַטור, קינדערלעך, און דער טעאַטער זיינען די בעסטע וועקער צו בויען און שאַפן, — זיי זיינען שוין אַליין שאַפונג“. מיר, דעמאָלטיגע טוער פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, זיינען אין דעם פּרט געווען ווילדע ניהיליסטן; מיר האָבן געהאַלטן, אַז די ליטעראַטור און דער טעאַטער זיינען ניט קיין זאַך פאַר זיך, נאָר מוזן האָבן אַן אויסגעשפּראָכענע טענדענץ צו דינען דירעקט דער אַרבעטער-זאַך; קיין שיינקייט פאַר שיינקייט און קיין קונסט פאַר קונסט האָבן מיר ניט אָנערקענט. דעריבער האָבן מיר שוין דעמאָלט וויפיל מאָל געקאַפּט דעם חבר אַראָן אין „אַפּיקורסישע הבלים“, וואָס שטימען ניט מיט זיינע אייגענע מאַרקסיסטישע אָנשויאונגען. מיר האָבן ניט מסכים געווען, אַז די ליטעראַטור און דער טעאַטער „זיינען שוין אַליין שאַפונג“. ער האָט אונז דערמאָנט, אַז מאַרקס אַליין האָט ליב געהאַט שעקספּירן. דער אַרגומענט האָט אַפילו געווירקט, אָבער מיר האָבן גענומען אַיינלערנען פּשטלעך און שעקספּירן, אַז זיינע ווערק זיינען אַ בייסנדיגע קריטיק אויף דער גאַנצער אַלטער וועלט פון שקר און צעפוילטקייט. דערמיט האָט ער אויך אַיינגעשטימט, און מיר זיינען אַלע געבליבן צופרידן. אָבער נאָך מער צופרידן זיינען מיר געבליבן פון זיינע פּעקלעך כתבים, וועלכע מיר פלעגן ביי אים צופעליג „טשאַטעווען“.

חבר אַראָן פלעגט אַלע מאָל שרייבן, אָבער ער פלעגט זיינע כתבים מיט מער חשק שיקן אין בריוו צו נאָענטע אינטימע חברים איידער אין די רעדאַקציעס. אַגב האָט ער דעמאָלט ניט געהאַט וואו צו דרוקן זיך. ס'איז דאַן אַרויסגעגאַנגען אַ שיינער ליטעראַרישער וועכנטליכער זשורנאַל „דער יוד“, אָבער אַראָן דער בונדיסט האָט אַהין ניט געוואָלט שיקן זיינע ווערק איבער דער דאָרטיגער פּובליציסטיק. „דער וועקער“ איז פאַר אים געווען ווי אָנגעמאָסטן, איז ביי אים אַ ליבלינג געוואָרן. אַראָן האָט געמאַכט דעם פאַך-אָרגאַן פון די בערשטער פאַר אַ שיינעם ליטעראַרישן זשורנאַל. ער האָט אין אים געשריבן אַרטיקלען און פעליעטאָנען פון אַרבעטער-לעבן, וואָס האָבן געבליצט מיט פונקען פון טאַלענט. צו מיין באַדויערן, האָב איך איצט ניט קיין מיגליכקייט צו באַקומען כאָטש איין נומער „וועקער“, כדי צו קענען אילוסטרירן עס. איך געדענק ניט, צי האָט ער זיך אונטערגעשריבן מיט אַ פּסעוודאָנים אָדער צי ער האָט זיך בכלל אונטערגע-

שריבן. אויך געדענק איך ניט, וויפיל נומערן ער האָט רעדאַקטירט, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז פיר.

ער האָט זיך אַ סך מצער געווען, וואָס די דעמאָלטיגע שווערע אומ-לעגאַלע באַדינגונגען האָבן ניט דערלויבט אַרויסצולאָזן דעם „וועקער" פּעריאָדיש. פון איין נומער ביזן צווייטן פלעגט זיך אָפּציען פון זעקס ביז אַכט און אפילו ביז צען-עלף חדשים. ס'פלעגן אים אויך דערנערווירן די סך גרייזן און די „טל-ומטר"-אותיותלעך, וואָס פלעגן אינמיטן-דרינען אַריינפאַלן אין טעקסט-ווערטער. אין ענגע קרייזן האָט מען דאַן איבערגעגעבן, אַז אַראָן דרוקט אַרטיקלען אויך אין דער „אַרבעטער-שטימע", וואָס איז ביי אונזערע אַרבעטער דאַן געווען פשוט פאַרהייליגט. און אויף איינעם, וואָס מ'האָט אים חושד געווען, אַז ער איז אַ מיטאַרבעטער פון דער „אַרבעטער-שטימע" אָדער פון „וועקער" אָדער אַפילו פון אַ וואָסער-ס'איז לאָקאַלן „פלוגבלאַט", האָט מען געקוקט מיט אַן אמתן יראת-הכבוד.

אַראָן האָט אויך אָנגעשריבן איניגע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס האָבן זיך אויסגע-צייכנט מיט אַ באַזונדערער פּאָעטישקייט.

מיט אַ באַזונדערער ליבע האָט זיך חבר אַראָן אַלעמאָל באַצויגן צום טעאַטער. ער האָט געחלומט וועגן אַ טעאַטער, וועגן אַ ריינעם, אַ שיינעם, אַ קינסט-לערישן טעאַטער פאַר די יידישע אַרבעטער. ער פלעגט אונז חברים אַלעמאָל מעורר זיין צו באַציען זיך צו ד'ער טעאַטער-פראַגע גאַנץ ערנסט. ער האָט געוואָלט, אַז דער טעאַטער זאָל וועקן און ערציען דעם עסטעטישן געשמאַק פונם יידישן אַרבעטער. און די אַרבעטער פלעגן זיך אונטערגעבן זיין השפעה און פלעגן זיך פון צייט צו צייט נעמען פאַר דעם ענין און פלעגן אויך דורכפירן געוויסע ספּעקטאַקלען.

באַזונדערס פּאָפּולער זיינען דאַן געווען ביי די יידישע אַרבעטער אַ אינסצענירונג פון אַן—סקיס „מלחמה פאַרן לעבן" (געדרוקט אין רוסיש אין „וואָסכאָד" און איבערגעזעצט אין יידיש, דאַכט זיך, דורך דעם פאַרשטאָרבענעם י. ז. בן-אריה — קרייער, דעם מחבר פון אַ „וועלט מיט וועלטעלעך") און הויפּטמאַנס „די וועבער" (אין יידיש דאַן נאָך אַ כתב-יד), וואָס איז שוין געשטעלט געוואָרן אין לעוואָנישאָק ביי ווילנע נאָך אין פסח פון יאָר 1897, ווען ס'איז אַרעסטירט געוואָרן דער גאַנצער „טעאַטער" מיט די צושויער (דערינען אויך דער באַוואוסטער ווילנער לערער ג. פּ. און זיין חבר ג. ב.). אַראָן האָט געראַטן שטעלן נאָך אַמאָל „די מלחמה פאַרן לעבן" און „די וועבער". קיין יידישער רעפּערטואַר האָט דאַן כמעט ניט עקסיסטירט, האָט אַראָן געזוכט פּאַסיגע ווערק צו איבערזעצן פון די אייראָ-פּעאישע רעפּערטואַרן און האָט אַפילו אַליין געפּרובט זיינע כוחות אַלס דראַמאַ-טורג. זיינע יידישע שריפטן פון יענער צייט זיינען בלי שום ספק פאַרלאָרן גע-גאַנגען אין די מאַסן הויזזוכונגען, אַרעסטן, פאַרשיקונגען און וואַנדערונגען, וואָס ער האָט נאָכדעם אין זיין קורצן לעבן איבערגעלעבט.

אויף אַזאַ אופן איז אַראָן געווען איינער פון די ערשטע פּיאָנערן אויפן געביט פון דער ערנסטער פּרעסע פאַר די יידישע אַרבעטער, ווי אויך אויכן גע-

ביט פון ערנסטער יידישער דראַמאַטורגיע און יידישן רייגעם קינסטלע-רישן טעאַטער.

V.

אַראָנס נאָמען איז צוגלייך מיט די נעמען פון אַ סך אַנדערע יידישע אַרבעטער-טוער באַוואוסט געוואָרן דער זשאַנדאַרמעריע. זובאַטאָוו האָט זיך פאַרנומען אין בונדישן ראַיאָן אויף כּרייט און דער שפּיאָנאַזש איז געוואָרן אומגעווייגליך גרויס איינצלנע אַרעסטן האָבן ניט אויפגעהערט אין משך פונם גאַנצן יאָר 1900, אָבער דאָס האַרץ האָט אַזוי ווי געזאָגט, אַז עס גרייט זיך עטוואָס גרעסערס קעגן דער יידישער פּאָליטישער אַרבעטער-באַוועגונג.

איינמאָל אין סוף דעצעמבער 1900 אָדער אין אָנהויב יאַנואַר 1901 איז זיך צונויפגעקומען אונזער אַ קרייזל פון די נאָענטסטע מענטשן אויף אַ שטיקל „ליאַמע" לכּבוד דעם טייערן גאַסט „חבר אַראָן", וואָס איז דורכגעפאָרן פון ערגעץ דורך ווילנע אין זיין קרעסלאַווקער אָדער דווינסקער ראַיאָן. מיר זיינען געזעסן אין אַ בוידים-שטיבל ערגיץ אויף „פלאָשטשאַדקע". דאָס פענסטער איז געווען אויף העלפט פאַרווייט מיט שניי און אויף דרויסן און אין קוימען האָט געוואויעט עפּעס אַ באַזונדערס בייזער ווינט, ווי אַ הונגעריגע חיה, וואָס זוכט אַ קרבן. ס'האָט געברענט אַ צרהדיגער לאָמפּ מיט אַ שלעכטן קנויט און אין צימער איז געווען ניט איבעריגס וואַרים. ס'איז אומהיימליך געוואָרן און דער שמועס האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט.

— איר ווייסט חברים, — האָט זיך אומגעריכט אָפּגערופן חבר אַראָן, — מיר דוכט זיך, אַז אין דעם צימער האָט אַמאָל געוואוינט דער חבר אַברהם אַמסטערדאַם, וואָס איז דערטרונקען געוואָרן...

אַן אָבערגלויבערישער ציטער איז אַריבער אַלעמען איבערן לייב און מיר יינען ווי פאַרגליווערט געוואָרן... מיר האָבן זיך זעער געחידושט אויף אים און אויף זיך, אָבער מיר האָבן קיין וואָרט ניט געפונען און געוואַרט, וואָס וועט ער ווייטער זאָגן. ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און נאָכדעם ווייטער גערעדט, און מיט אַזאַ ערנסט, ווי מיר האָבן אַפילו פון אים נאָך קיינמאָל ניט געזען.

— אַ מענטש לעבט און קעמפט, גייט-דורך דורך שפּיאָנעס און פּאָליציי, דורך טורמע און דורך סיביר, דורך פייער און דורך שווערד, און — ווערט פלוצלונג דערטרונקען... אַזוי נאַריש און אַזוי טראַגיש... עס כאַפּט אַ שוידער אָן... מיר דוכט זיך, ליבינקע, אַז אונזער גאַנצער יונגער דור וועט אַזוי צי אַנדערש אומקומען אָן אַ צייט... אונזער דור איז זינדיג און דאָס אומקומען לייטערט פון די זינד... וואָלט עס גאָר ניט שלעכט געווען... די פראַגע איז נאָר, צי דער דור נאָך אונז וועט ריינער זיין און בעסער, צי וועט ער ווערט זיין אונזערע קרבנות...

קלמן קראַפּיוויניץ, וואָס איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָפּגעקילטן בלעכענעם איווועלע, האָט מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגן אין ברילן געקוקט אָנגעשטרענגט, ווי

פּאַרוואונדערט, אַראָנען גלייך אין די אויגן אַריין ... אונזער שטימונג איז געוואָרן אַ טרויעריג-מיסטישע, ווי מיר וואָלטן זיך געפונען ערגיץ אין אַ קאַטאַקאָמבע, פון װעלכער מיר וועלן שוין ניט אַרויס. נאָר איינער אַ חבר אַ בערשטער האָט איבער-געריסן דעם קאָשמאַר, וואָס איז אויף אונז פּלוצלינג אַרויף, בזה הלשון:

— אַן אומגליק מיט די אינטעליגענטן! נאָכאַנאַנד זיי גריבלען יך און חקירהן זיך און קריכן אויף די גלייכע ווענט... מיר האָבן זיך דאָך צונויפ-געקליבן צוליב אַ „ליאַמע" און דאָ וועלן זיי זיך באַלד צעפלאַנכען איבער אַ וואַסער, וואָס איז נאָך, ברוך-השם, פאַרפראָרן און מ'קען אים נאָך אַריבערגיין אָן אַ סכנה פאַרן נפש ... מיר זיינען דאָך בונדיסטן און מיר ווייסן פון אַפריער, אַז אונזער וועג איז פול מיט שטעכעדיגע דערנער, און דעריבער - „חבר בעל-הבית", אַרויס מיט די גוטע זאַכן" !...

חבר אַראָן האָט אַ קוק געטאָן אויפן בערשטער מיט אַ מאָדנער וואַרימקייט און ליבשאַפט און האָט אַרויסגעזאָגט:

— יע, דער יידישער אַרבעטער איז גייסטיג גאַנצער און געזינטער ווי דער יידישער אינטעליגענט!

מיר זיינען אַלע מונטערער געוואָרן און האָבן פאַרבראַכט גוט דעם אָוונט, אָבער נאָר אין ריידן. געזונגען האָבן מיר ניט, גאָר ניט ווי אונזער געוויינהייט איז געווען, — עס האָט זיך עפּעס ניט געזונגען...

ביים געזעגענען זיך האָט אַראָן געזאָגט:

— די רעגירונג האָט זיך מיט איר גאַנצן פּאָליצייאישן כּוח אָנגעלייגט אויפן „בונד", זי וויל אים פאַרטיליגן... איך פיל אַ סמ'ענדיגע שטיקע:יש אין דער אַט-מאָספערע... מיר צעשיידן זיך איצט, ליבינקע! מיין איינציגער וואונטש איז — מיר זאָלן זיך נאָך זעען, און אין בעסערע צייטן!

מיר האָבן זיך צעזעגנט מיט אַ שווערן האַרצן, זינגענדיג דאָס ליד: „מיר װערן געהאַסט און געטריבן"...

אַז מיר זיינען אויפן גאַס אַרויס, האָבן מיר דייטליך דערזעען אַ פּאָר דורכ-שלייכנדיקע פינסטערע סילועטן, וואָס האָבן געזוכט צו באַהאַלטן זיך, ווי פּלוצלונג איבערגעשראָקענע אויסשפּירער פון אָנגעמערקטע קרבנות...

## VI.

אין דער נאַכט פון 29 אויפן 30 יאַנואַר 1901 און אויף מאָרגן האָט ד דערשטיקטע אַטמאָספערע זיך אויפגעריסן מיט אַ דונער איבער די קעפּ פון „בונד". אין ווילנע זיינען געמאַכט געוואָרן גרויסע אַרעסטן, וואָס האָבן אויפ-געטרייסלט די שטאָט.

איך האָב זיך אַרויסגעריסן פון אונטער די זשאַנדאַרמס הענט און האָב געמוזט אויף לאַנג עוקר זיין פון ווילנע. אין וועג האָב איך דערהערט וועגן גרויסע אַרעסטן אין וואַרשע, קאָוונע און דווינסק. דאָ האָב איך זיך אויך דער-

חאוסט, אַז אין קאָוונע צי אין דווינסק איז אַרעסטירט געוואָרן אונזער ליבער טייערער אַראָן, — און פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך מיט אים לאַנגע יאָרן ניט געזען.

באַגעגנט האָבן מיר זיך מיט אים—ווידער אין דער אַרבעט און ווידער אין ווילנע, וואָס האָט אים ווי אַ מאַגנעט צו זיך געצויגן. דאָס איז געווען אין פרילינג 1905, נאָך זיין קומען פון אויסלאַנד, וואו ער האָט פאַרבראַכט נאָך זיין אומקערן זיך פון סיביר.

פון די חברים פונם לעצטן אָוונט פון אונזער געזעגענען זיך מיט אַראָנען זיינען שוין אַ סך ניט געווען מער אויף דער וועלט: ווער עס איז אומגעקומען אָן אַ צייט פון די טיראַנענס הענט, ווער עס האָט זיך דאָס לעבן אַליין גענומען..

איך בין געווען אָקאָרשט אַרויס פון אַ טורמע...

מיר האָבן זיך איפריכטיג דערפרייט, אַז מיר זעען זיך נאָך ווידער.

איך האָב זיך מאָדנע געשעמט, וואָס ער איז געווען אין סיביר און איך—ניט... אין געוויסע קרייזן אונזערע איז טורמע און סיביר אין יענע יאָרן געווען כמעט אַ אידעאַל... מ׳ווערט עפּעס אויסגעלייטערט... האָב איך גענומען ריידן, נאָכפרעגן זיך וועגן סיביר און אַרויסזאָגן דעם דאָזיגן געדאַנק און דעם דאָזיגן געפיל. אַראָן האָט אַ שמייכל געטאָן, אָבער אין דעם דאָזיגן שמייכל איז געלעגן אַזוי פיל ביטערקייט, אַז איך וועל אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ער האָט מיך געבעטן ניט ריידן וועגן סיביר,—ס׳איז ניט ווערט! ער וואָלט וועלן פאַרגעסן סיביר, אַלץ וואָס דאָרטן איז געווען און איז נאָך... מיר דאַרף ניט פאַרדריסן, איך האָב זיך ניט וואָס צו שעמען, וואָס איך האָב „ניט זוכה געווען אַריינצופאַלן אין ססילקע״... מ׳ב בט אפשר גאָר ריינער...

מיר איז אַ געדאַנק געקומען, אַז מיט אים האָט דאָרטן עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט אַ באַזונדערן שטעמפּל אַרויפגעלייגט אויף זיין „איך״, עפּעס אַן אומהיילבאַרע וואונד אין האַרצן געמאַכט...

פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך אויסגעהיט צו באַרירן מיט אים די דאָזיגע טעמע.

ער האָט געשוויגן האַרט...

אַראָן איז פאַר דער צייט פון דער פאַרשיקונג נאָך מער פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין זיין רעוואָלוציאָנערן ברען און אַנטשלאָסנקייט צו פירן אַן אַנטשיידענעם געראַנגל קעגן דעם „פינסטערן פוח, וואָס האָט פאַרפייניגט און אומגעבראַכט אַזוי פיל שיינע בליענדיגע לעבנס״.

איינמאָל זיינען מיר געזעסן אויף אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער באַראַטונג, דאַכט זיך, וועגן אַוועקשטעלן בעסער דעם ענין פון באַקומען און פאַרשפרייטן ליטעראַטור, באַזונדערס פון די „לעצטע פּאַסירונגען״, וואָס האָבן אָקאָרשט גענומען אַרויסגיין אין יידיש און וואָס פלעגן אָנקומען נאַטירליך מיט פאַרשפּעטיגונג. „אפילו וועגן די וואַרשעווער געשעענישן האָבן מיר ניט קיין ריכטיגע ידיעות״. מיט אַמאָל גייט אַריין אַ חברטע, נאָר וואָס אַ געקומענע פון וואַרשע, און ברענגט די סרו־

עריגע ידיעה און די פּרטים וועגן דער דעמאָנסטראַציע פון 20 מערץ און וועגן דער בלוט=באָד, וואָס די צאַרישע דינער האָבן דאָרטן געמאַכט, וועגן דער לאַנ=גער גסיסה פון דער חברטע פּראַניע גראַבעלסקאַ, וואָס איז געפאַל'ן אַ קרבן פון דער דאָזיגער בלוטבאָד, וועגן איר העלדישער האַלטונג און אירע לעצטע מוטיגע רייד און וועגן די שוידערליכע הריגות פון אַנדערע חברים... דער חבר אַראָן האָט זיך פלוצלינג אַ הייב געטאָן פון אָרט, זיך רעטענישפול איבערגעקוקט מיט דער, חברטע „נאַדיע" (אסתּר ריסקינד), פאַרביסן די ליפּן און איז אַרויסגעגאַנגען שטילשווייגנדיג, ניט געזעגנט זיך מיט קיינעם. עטליכע טעג האָט מען אים ניט געזען. אַז ער איז צום סוף געקומען אויף איינע פון די קוואַרטירן אויף נאָווי=גאָראָד צו אַ באַשטימטער באַראַטונג, איז זיין ערשטער וואָרט געווען:

— מ'טאָר זיך ניט לאָזן אויסקוילענען אַזוי ווי די שעפסן, ווי פאַרצייטן די חסידים אין דער הייל' ביי מודעית! מיר מוזן טאָן, ווי ס'האָט געטאָן מתתיהו און זיינע זין!

און דער דאָזיגער וואָרט האָט זיך דורכגעטראָגן ווי אַ לאָזונג.

באַלד איז די יידישע וועלט דערציטערט געוואָרן פון דער פירכטערליכער ידיעה וועגן דעם פּאָגראָם אום פּסח אין זשיטאָמיר.

אַראָן איז אומגעגאַנגען אַ שווייגנדיגער מיט פאַרפּרעסטע ליפּן און מיט פעסטע, ענערגישע, אַזוי ווי כעסדיגע טריט. ער האָט אָנגעוואָרן דעם חשק צו דער טאָגטעגליכער פּראָזאַאישער פאַרטייאישער אַרבעט. צו קליינליך איז זי ביי אים געוואָרן אין די אויגן.

— קאָמיקער זיינען מיר! מיר עסק'ן זיך צופיל מיט רייד און מיר טוען גאָרנישט! — האָט ער געענטפערט אויף אַ פריינדשאַפטליכן פאָר־וואורף פון איינעם אַ חבר — מיר מוזן אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ — דאָס איז אונזער איצטיגע ערשטע אויפגאַבע. אָן דעם האָבן אַלע שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס אונזערע, וואָס וואַקסן איצט טאָגטעגליך ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן, אַ גאַנץ קליינע ממשות.

באַלד איז לויט זיין איניציאַטיווע דורך דער אָרגאַניזאַציע צונויפגערופן געוואָרן אַ ישוב=הדעת „וועגן די אויפגאַבן פון איצטיגן מאָמענט".

דאָס איז געווען אַ שיינער שבתדיגער פרימאָרגן נאָך פּסח. מיר האָבן זיך אויפגעקליבן אין אַן אַריסטאָקראַטישער קאָמפאָרטאַבעלער קוואַרטיר אויף שאָפּען=גאַס.

— דאָס איז אַ מופת פון דער צייט! — האָט עמיצער פון אונז פילדייטנדיג אַרויסגעזאָגט, ווייזנדיג אויף אונזער באַראַטונג אין דער דאָזיגער קוואַרטיר.

צווישן אַנדערע זיינען דאָ געווען די חברים: אַראָן, „פרידריך" (לנו—ש. גאָזשאַנסקי), „דער יונגער לאַסאַל" (וולאַדעק—ברוך טשאַרני), „נאַדיע" (אסתּר ריסקינד), „וואַסילי" (ראָזנטאַל, — דעם נאָמען האָב איך פאַרגעסן) און רפאלטשיק דער „זנאַקנמאַלער" (איצט אין אַמעריקע).

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע. ווי ס'איז געווען דער מנהג ביי יענער

צייט אויף אַלע זיצונגען, ישוב-הדעתן, פאַרזאַמלונגען, דיסקוסיעס, האָט מען אויך דאָ אָנגעהויבן פון 9-טן יאַנואַר.

געעפנט די דיסקוסיע האָט חבר „פרידריך", ווי דער עלטסטער און אין יע-נער צייט געאַכטסטער צווישן אונז. ער האָט אַכריער געגעבן אַ קורצן איבער-בליק איבער דער געשיכטע פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער באַוועגונג ביזן 9-טן יאַנואַר, האָט נאָכדעם מיט אַ גענויעם סדר איבערגעגעבן דעם גאַנג פון די געשעענישן פון 9-טן יאַנואַר ביזן „איצטיגן מאָמענט" און איז געקומען צום אויספיר, אַז אַלץ גייט און אַנטוויקלט זיך דיאַלעקטיש-לאָגיש לויט ווי ס'האָט פאָרויסגעזאָגט די מאַרקסיסטישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דעריבער טאָרן מיר ניט פאַרלויפן פאָרויס, מיר מוזן אָפּוואַרטן די געשעענישן און דאַן וועלן מיר ערשט קאָנען אָננעמען געוויסע טאַקטישע באַשלוסן בנוגע צום ווייטערדיגן קאַמף.

אַראָן האָט געענטפערט, אַז מחמת דעם גופא טאַקע בלייבן מיר הינטער-שטעליג הינטער די פאַקטן און גייען אין עק און ניט בראש פון דער באַוועגונג. אונזער שטרענגער דאָגמאַטיזם האָט געבראַכט דערצו, אַז די באַוועגונג זאָל אָננעמען אַ מיסטישן כאַראַקטער, אַז פון די געהיימנישן פונם פאָלקסלעבן זאָל זיך באַווייזן גאָר אַ פּאָפּ און פירן נאָך זיך, ווי אַ הערט, אַ מחנה צאן-קדשים, אַן אַרמיי פון הונדערטער טויזנטער אַרבעטס-לייט פון פאַבריקן און זאַוואָדן מיט הייליגע בילדער, קירכן-פאָנעס און קייזערליכע פּאָרטרעטן אין די הענט און מיט תחנונים אויף די ליפּן... די „פּאַרטיי" האָט ניט געפונען דעם שליסל צום פאָלקס-האַרץ און צום פאָלקס-שכל, האָט זיך עוסק געווען בלויז מיט אינעווייניגסטע רייסעניש איבער אַ קוצו של יוד,—און האָט דערווייל פאַרזען די פּער-ספּעקטיווע און אַרויסגעלאָזט פון האַנט איר נאַטירליכסטע אַרמיי, וואָס אַ שטאַר-קע אומגעווייניליכע, געהיימניספולע פּערזענליכקייט האָט איר אַריינגענומען אין די הענט...

ס'איז אַוועק אַ לעבעדיגע דיסקוסיע וועגן דער אויסגעהאַלטנקייט פון דער מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק אין די „לעצטע רוסישע געשעענישן" און וועגן דער ראָלע פון דער פּערזענליכקייט אין דער געשיכטע און מ'האָט זיך באַמיט צו דערווייזן דעם חבר אַראָן, אַז ער דענקט ניט מאַרקסיסטיש, אויב ער גיט אָפּ די דאָמינירנדיגע ראָלע דער פּערזענליכקייט...

אַראָן האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט, אַז ער פאַרשטייט דעם מאַרקסיזם ברייטער און טיפער, אַז סוף-כל-סוף קען דער כלל ניט האָבן אַזוינס, וואָס עס זאָל לחלוטין ניט האָבן דער פּרט, אַז די פּערזענליכקייט, דער ווילן, די שטרעבונג און דער גלויבן זיינען אויך פאַקטאָרן אין לעבן און אין דער גע-שיכטע, און אָפט פאַקטאָרן, וואָס קערן באמת וועלטן איבער... אונזער אינטעלי-גענץ האָט מער מוח און ווייניג האַרץ, ס'פעלט איר די אמתע אמונה און די אמתע באַגייסטערונג פאַר איר אייגענעם אידעאַל,—דעריבער איז זי ניט בכוח געווען אָנצוצינדן מיט איר אידעאַל די פּשוטע גלויביגע מאַסן, וואָס זיינען אַוועק נאָך דער פּערזענליכקייט, וואָס האָט זיך געפרייט מיט זייער פרייד און געליטן מיט

זייערע ליידן... מיר מוזן קודם כל אַליין פּערזענליכקייטן ווערן, כּדי צו קענען ווירקן. מיר מוזן אַליין שטאַרק גלויבן, שטאַרק ליבן און האַסן, שטאַרק וועלן, מיר מוזן אויפריכטיג זיין, כּדי די מאַסן זאָלן צו אונז צוטרוי דערפילן. מיר טאָרן ניט קומען צו די מאַסן מיט אָפּיציעלע אמתן, ווי אויך ניט בלויז מיט אמתן פון שכל, נאָר אויך מיט אמתן פון האַרצן. מיר, בונדיסטן, זיינען אַ סך גליקליכער פון דער „פּאַרטיי“, ווייל מיר האָבן אַלעמאָל געהאַט און מיר האָבן ביי זיך די מאַסן, מיט וועמען מיר זיינען שטענדיג געווען ענג פאַרבונדן. מיר דאַרפן דעריבער קיין מורא ניט האָבן פאַר אַ פאַרטתקלונג פון זייער קלאַסן־באַוואוסטזיין, ווען מיר וועלן זיי, למשל, דערקלערן, אַז מיטן אונ־טערגאַנג פון יידישן פאָלק וועט ממילאָ שוין אויך זיין אונטערגעגאַנגען דער יידישער אַרבעטער־קלאַס... מיר מוזן אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ, און דוקאָ אין קאָנטאַקט מיט אַנדערע יידישע פּאַרטייען, כּדי ניט צו צעברעקלען די כּוחות און כּדי ניט צו לאָזן אויפקומען קיין טרויעריגע געפילן ביי די יידישע אַרבעטער, וואָס וועלן מחמת דעם סוף־כּל־סוף אַוועקגיין פון אונז...

ער האָט זעער שטאַרק פאַרטיידיגט דעם דאָזיגן געדאַנק זיינעם וועגן קאָנטאַקט, אָבער ער איז, דאַכט זיך, ניט אָנגענומען געוואָרן.

אַראָן האָט גערעדט לאַנג. קיינמאָל האָב איך אים ניט געהערט אַזוי לאַנג ריידן. ער האָט געפיבערט פון גרויס אויפרעגונג, וואָס ער האָט זיך מיט אַלע כּוחות באַמיט צו האַלטן אין שטרענגע גרעניצן.

## VII.

שבועות איז דורכגעפאַלן דער ווילנער קאָמיטעט. אַ טייל מיטגלידער זיינען אַרעסטירט געוואָרן און אַ טייל איז צופעליג געלונגען אויסצומיידן דעם אַרעסט, צווישן זיי אויך די וואוילע איידעלע אסתּר ריסקינד. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק, אָבער דער טויט האָט זי נאָכגעיאָגט. דעם 30 יולי האָט אַ ווילדער אַנאַרכיסט געוואָרפן אַ באָמבע אויף דער אַרבעטער־בירזשע און צווישן אַנדערע איז דערהרגעט געוואָרן אויך אונזער טייערע אסתּר ריסקינד, וואָס האָט ליב געהאַט די יידישע ליטעראַטור און איז געווען אַן אַיינגייערין ביי פּרצן.

אויף אַראָנען האָט איר שוידערליך־טראַגישער טויט געמאַכט אַ טיפן רושם, אַ טיפע וואונד אין האַרצן. אין צייטן פון טיפן טרויער פלעגט ער אַוועקגיין אינ־גאַנצן אין זיך, פלעגט אויסמיידן באַקאַנטע און פלעגט שוייגן איינזאַם און אַליין. דאָס איז געשעען מיט אים אויך איצט. אַ געוויסע צייט האָט מען אים ניט געזען, ער איז אַזוי ווי אינגאַנצן אַוועק פון דער טאָג־טעגליכער קאַמף־אַרענע, פון דער טאָג־טעגליכער פּאַרטייאישער אַרבעט. אָבער די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס הייבן זיך אַלץ העכער־העכער און די רעאַקציע גרייט זיך אַלץ ברוטאַלער און טייוו־לאָנישער, צוויי מעכטיגע קעגנער פאַרמעסטן זיך מיט די כּוחות, — און אַראָן באַ־ווייזט זיך ווידער אויף דער סצענע. ער וואַרפט זיך אינגאַנצן אַריין אין דעם שטראָם פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

ער איז אַ אינדיווידואַליסט, אַ ראָמאַנטיקער. אים ציט־צו ניט דאָס וואָכע־דיגע, נאָר דאָס שבתדיגע, דאָס נשמה־יתירהדיגע, — דער „אומזין" פון מסירת־נפש...

אָבער צוקוקנדיג זיך טיפער צו דעם אופן פון זיין אַרבעט, פלעגט זיך מיר אַמאָל דוכטן, אַז ער וויל גאָר דערטרינקען אינם רעוואָלוציאָנערן שטראָם עפּעס אַ פיינליך־שאַרפן, ניט געשטילטן ווייַ פון האַרצן, וואָס ער האָט געבראַכט פונ׳ם עינויימדיגן לעבן אין סיביר...

ער אַרבעט ווי אין אַ פיבער. ער אָרגאַניזירט, אַגיטירט, — ער האָט אַלע־מאָל פיינט געהאַט די אַגיטאַציע, אָבער איצט אַגיטירט ער, האַלט ענערגיש־שאַרפע רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען, אויף פאַקמאַכטע און באַלד אויך אויף אָפענע, אין סעפטעמבער פילט זיך שוין אינגאַנצן „דער מופת פון דער צייט". ס׳ווערן אויפגערופן מיטינגען אין גאַרבערייען, אַפילו שוין אונטערן פרייען הימל אויף לוקישקעס, אין זווערינעץ. ס׳טרעטן אַרויס אַלץ נייע און נייערע רעדנער, ס׳הייבן אָן ווערן פאָפּולער אַלץ נייערע און פרישערע נעמען, יידן און ניט־יידן, אָבער מער ווי אַלע קלינגט דער נאָמען „אַראָן", מער ווי וועגן אַלעמען רעדט מען וועגן אים. מ׳רופט אים שוין אין שטאָט ניט אַפילו „חבר אַראָן", ווי ביז אַהער אין די רייען פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, נאָר מיט זיין פאַמיליע „אַראָן דעווענישסקי", —ווער ווייס, ווי אַזוי מ׳האָט זיך דאָס דערוואוסט. ער ערגערט זיך תּחילת זייער פאַר דער אויפדעקונג פון זיין אמתן פאַמיליענאָמען, וואָס קיינער, ווי אים האָט זיך געדוכט, האָט ביז אַהער קיינמאָל ניט געוואוסט, ער קוקט אויף די, וואָס רופן אים מיט דער פאַמיליע, ווי אויף אומבאַוואוסטזיניגע מוסרים, אָבער באַלד גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: אַלץ איינס, — און טונקט זיך אינגאַנצן אַ׳פּ אינם ים פון רעוואָלוציע, וואָס האָט אויסגעבראָכן נאָך דער פּראָקלאַמירונג פונם שטרייק אויף די אַייזנבאַנען אין אָקטאָבער.

שבת דעם 15 אָקטאָבער האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע ניט גערוט. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זי דורכגעפירט מאַסן פאַרזאַמלונגען, שוין כמעט אָפן, אָן דער מינדסטער מורא, אין בנינים און אונטערן פרייען הימל, און אומעטום — אַראָן אינמיטן, אַראָן אַ„בנאָן, אַראָן איינער פון די ערשטע רעדנער, אַראָן דער ערשטער רעדנער! אָט איז ער אין דער גרויסער שטאָטשול, אָט אויף נאָוויגאָראָד, אין זווערינעץ, אין אַייזנבאַן־דעפּאָ...' און דער עולם האָט גע־שלונגען זיינע ווערטער, ווי דאָרשטיגע וואַנדערער אין אַ טרוקענעם פאַרברענטן מדבר, וואָס האָבן פלוצלינג דערזעען אַ שפרודלענדיגן קוואַל און צוגעכאַפּט זיך צו אים צו דערקוויקן די פאַרחלשטע נשמה מיט זיין פרישן באַלעבנדיגן וואַסער. וואָרים אַראָן האָט גערעדט ניט ווי אַלע רעדנער, ער האָט גערעדט אויף גאָר אַ באַזונדערן אייגענעם שטייגער — פשוט, קלאָר, יידישליך־האַרציג, פאַרשטענדליך און אינטים, צום שכל און צום האַרץ. ער האָט גערעדט איידל, מיט אַ טיפן נאַ־טירליכן אַריסטאָקראַטיזם און מיט פיינע מאַנערן, ריטמיש און מוזיקאַליש. ער האָט צוגעצויגן, פשוט אָפּגעקויפט זיינע צוהערער. מ׳האָט אים טיף געאַכט און

פון הארצן ליב באקומען. ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מ'וועט פאָלגן וואָס ער וועט נאָר הייסן. ס'איז יענעם טאָג געווען אַ מאָמענט, ווען די באַגייסטערונג פון די מאַסן האָט דערגרייכט די מדרגה פון „התפשטות היש", ווען זיי וואָלטן געגאַנגען אין פייער און אין וואַסער, אויב דער חבר אַראָן וואָלט זיי נאָר געהייסן — — —

VIII.

אויף מאָרגן זונטאָג, דעם 16 אָקטאָבער, איז אין אַייזנבאַן-קרייזל געווען צונויפגערופן אַ גראַנדיאָזער מיטינג. דער הימל איז פון פרימאָרגן געווען שטאַרק פאַרוואָלקנט, ס'האָט געטריפט אַן אומאויפהערליך-איינגעגעסן רעגענדל. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט דעם עולם גיין צום מיטינג. די גאַסן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין משונהדיגע שוואַרצע מענטשן-שטראָמען, וואָס האָבן זיך אַלע געצויגן אין איין ריכטונג—צום אַייזנבאַן-קרייזל. מ'איז געגאַנגען פראַנק און פריי, לייענענדיג אָפן און דרייסט פרישע פראָקלאַמאַציעס פון אַלע פאַרטייען אויף אַלע היגע שפראַכן, וואָס האָבן גערופן צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק און צו גראַנדיאָזע דעמאָנסטראַציעס. דאָס יונגוואַרג איז געגאַנגען פריילין, מיט ליכטיגע אויגן און שיינענדיגע פנימער, ערטערווייז אונטערזינגענדיג אונטערן נאָז התחלות פון רעוואָלוציאָנערע לידער און מאָטיוון אָן ווערטער. איין גרופּע, וואָס איז בעגאַנגען דורך ווילנער גאַס, האָט אַנטקעגן גובערנאַטאָרס הויז געוואָלט מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע מיט אַלע הידורים,—מיט אַמאָל איז ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסן דער חבר אַראָן און האָט אויסגערופן אין אַן ענערגישן באַפעלערישן טאָן:

— חברים, אָרדנונג! ניט אָרגאַניזירטערהייט און פאַר דער צייט—וועט איר ברענגען צו אַ דורכפאַל! מיר מוזן וויסן, ווען אַרויסצוווייזן אונזער צאָרן און ווען—געדולד. דערין איז אונזער כוח! — — —

און ער האָט געווירקט. די גרויסע היציגע יוגנט האָט זיך כהרף-עין באַרואיגט, אַרויסזאָגנדיג אַלע ווי איין מענטש:

— ריכטיג, חברים! חבר אַראָן איז גערעכט!

און אַזוי אומעטום. אויף אַלע גאַסן, געסלעך און פּלעצער, אין אַלע גרופּעס און רעדלעך פלעגט אַלע ווילע ווי פון אונטער דער ערד אויסוואַקסן—אַראָן. ער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם גראַנדיאָזן מיטינג און זיין בייסט האָט געשוועבט אומעטום — — —

דער אימפּראָוויזירטער מאַסן-מיטינג אונטערן פרייען הימל איז אים ניט באַר געפעלן געוואָרן און לויט זיין השפעה איז עס אָרגאַניזירט געוואָרן דער מיטינג אין אַייזנבאַן-קרייזל. דער אַייזנבאַן-קרייזל איז געווען פול געפּאַקט, ענג, אַז מ'האָט זיך ניט געקאָנט אַריר טאָן. טויזנטער מענטשן האָבן ניט געקענט אַריין און זיינען פאַרבליבן אין דרויסן. גאַנץ כערסאָנער געסל און אַ גרויסער

טייל פון געאָרג=פראָספעקט איז געווען פול מענטשן. אַלע האָבן געוואָלט וויסן, וואָס רעדט מען, וואָס טוט זיך אין אַייזנבאַן=קרייזל, וואָס איז דענטטמאָל געוואָרן דער נערוו, דער צענטער פונם רעוואָלוציאָנערן לעבן פון שטאָט. און דאָרטן —זיינען אין דער זעלביגער צייט אויף דער טריבונע געגאַנגען רעדעס. אַ רעדנער אַראָפּ און אַ רעדנער אַרויף. דעם ערשטן מאָל האָט מען דערהערט דאָס וואָרט „די גרויסע רוסלענדישע רעוואָלוציע", צום ערשטן מאָל דערהערט קאָפּשווינדלדיגע ווערטער וועגן סאָציאַלער רעוואָלוציע. ס'האָבן גערעדט צענדליגער, אפשר הונדערטער מענטשן, ווער עס האָט נאָר כוח געהאַט אַרויפצוכאַפּן זיך אויף דער טריבונע, ס'האָבן גערעדט פאַרטרעטער פון כל המינים פאַרטייען און פאַרטייעלעך... ניט גערעדט האָט פון די געשוואָרענע רעדנער בלויז איינער—אַראָן.

— ניין, ס'איז ניט דאָס,—האָט ער זיך אָפּגערופן אין אַ גרופּע חברים אַזוי ווי פאַר זיך,—ניט אַזוי רעדט מען, ניט אַזוי דאַרף מען זיך האַלטן — מ'האָט צעשפּאָלטן די רעוואָלוציע — — — מ'איז נאָך לחלוטין ניט אָרגאַניזירט און מ'צעשמעטערט שוין דאָס ביסל כוחות — — —

און ער איז אַוועק פון מיטינג—אַוועק היטן די אָרדענונג אַרום מיטינג...

— היצקעפּ! — האָט ער געמורמעלט—גאָט ווייס, וואָס זיי וועלן נאָך אָנמאַכן.

אַז דער מיטינג האָט זיך געענדיגט, האָט איינער זיך אַרויפגעוואָרפן רייסן דער קייזערס בילד און אין אַ צווייטן ווינקל אין זאַל האָט זיך דערהערט אַ שאָס.. ס'איז געוואָרן אַ טומל, אַ גערודער, אַ מהומה... מ'האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר... מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ מעכטיגע באַפעלערישע שטים:

— רואיג, אָרדענונג, חברים און בירגער!

דאָס האָט אַראָן געשטעלט זיך ביי דער טיר און געמאַכט אָרדענונג. און ס'איז אים געלונגען. אַז דער עולם איז אַרויס אויף דרויסן, איז אים אוממעגליך געוואָרן צו רירן זיך פון אָרט און אַרויסצוגיין אויף געאָרג=פראָספּעקט...

עמיצער האָט שוין באַוויזן איבערצוגעבן וועמען מ'דאַרף, אַז אויפן מיטינג האָט מען צעריסן דעם קייזערס פּאָרטרעט אין מ'האָט געשאָסן, אַז דער עולם פון מיטינג איז כלומרשט באַוואָפנט, און—דער פּראָספעקט מיט די דערבייאיגע גאַסן זיינען תיכף באַוואַכט געוואָרן פון מיליטער. ס'איז אַרויסגערופן געוואָרן דער גובערנאַטאָר גראַף פאַלען, וואָס איז בכבודו ובעצמו געקומען אַליין צופאָרן אויף כערסאָנער געסל. איינציגע היצקעפּ האָבן גענומען ברעכן די אייזערנע כּטאַכעטן פונם גאָרטן=צאַם, כדי דערמיט אָפּצווערן זיך פון די באַוואָפנטע שיסער און קאָזאַקן. אַ סך מי האָט געקאָסט די אָנפירער פונם מיטינג צו באַרואיגן דעם המון, וואָס האָט געזעען פאַר זיך דעם טויט אין די אויגן: אָבער זעער שווער איז געווען צו באַרואיגן דעם גובערנאַטאָר. דער רעדנער ש ט ע ר ן, די פרוי וואַסילעווסקאַיאַ, אינזשענער פּראָזאָראָוו און אַנדערע האָבן אומזיסט אַריינגעטענהט מיט פאַלענען, אַז דער עולם איז אומבאַוואָפנט, אַז דער שאָס איז געוויס געווען אַ פּראָוואָקאַטאָרישער, אַז דער עולם וועט זיך פרידליך צוגיין אַהיים; אומ-

זיסט האָבן זיי אים געבעטן, ער זאָל צונעמען פון די גאַסן דאָס מיליטער, כּדי צו באַרואיגן דאָס פאָלק,—קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. דאַן איז צו צום גובערנאַטאָרס קאַראָט—אַראָן און האָט צו אים געווענדט זיך מיט עטליכע קורצע, פּשוטע, אומגעריכטע אייגנאַרטיגע ווערטער, אַזוי טיף פון האַרצן אַרויסגעזאָגטע, ער זאָל ניט איבערחזרן די געשיכטע פון 9 יאַנואַר, אַז פאַלען איז גערירט געוואָרן און האָט געמאָלדן, אַז ער איז מסכּים, דער עולם זאָל דורכגיין די גאַסן אין רואיג אויסגעשטעלטע רייען, אָבער ער מוז דאָך איבערלאָזן אַ וואַך צו היטן די אָרדענונג. נאָר ער איז מבטיח, אַז אויב מ'וועט אים ערב זיין פאַר דער אָרדענונג, וועט קיין זאַך ניט געשען. די דערמאָנטע פּערזאָנען, און אַראָן אויך צווישן זיי, האָבן ערב געווען—און די פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבן. שטיל און פייערליך האָט זי זיך געצויגן אין מיטן גאַס און אויף די טראָטואַרן. די באַלקאָנעס און די אָפענע פענסטער, אפילו די דעכער זיינען געווען באַזעצט מיט מענטשן. ס'איז געווען אַן אויסטערליש בילד, אין וועלכן ס'האָט זיך געפילט עפּעס אַ מאָדנע טראַגישע געשפּאַנטקייט, וואָס האָט געשראָקן מיט עפּעס אַ שוידערליכער דערוואַרטונג — — —

פאָראויס דער גובערנאַטאָר אין קאַראָט צוזאַמען מיט די אויסגעוויילטע דעלעגאַטן פונם מיטינג און נאָך זיי די פּראָצעסיע פון מאַסן טויזנטער, אפשר צענדליגער טויזנטער מענטשן—מאַנסביל, ווייבער, אַלט און יונג און אפילו קליינע קינדער... און אַרום און אומעטום אַ גרויסע שמירה פון באַוואָפנטן מיליטער... מיט אַמאָל, ניט ווייט פון ראָג פּראָספּעקט און טאָטערשער גאַס, ערגעץ פון אַ באַלקאָן—ווידער אַ שאָס!.. און אַלס ענטפער דערויף—אַ זאַלפּ, און אַ צווייטער און אַ דריטער,—און אַ גיהינום איז געוואָרן די ברייטע, לאַנגע שיינע גאַס... מענטשן זיינען געפאַלן ווי די סנאָפּעס... דער ברוק איז געוואָרן רויט פון בלוט—פון עטליכע דערהרגעטע און צענדליגער פאַרוואונדעטע... אַלע—יידן... אַ בגידה פון גובערנאַטאָר... אַ תל, אַ חורבן און אַ תוהו ובוהו...

---

נאָכדעם האָבן מיר, די גאַנץ געבליבענע, גענומען ציילן די געפאַלענע חברים, פאַרבינדן די פאַרוואונדעטע די וואונדן... קיין פורן זיינען ניט געווען, האָבן מיר די הרוגים צונויפגעלייגט אין געאָרג-גערטעלע, די פאַרוואונדעטע אַריינגעטראָגן אין נאָענטע הייזער, איבערגעלאָזן ביי זיי „שוועסטער און ברידער" און אַוועקגעלאָזן זיך אויף שטאָט נאָך דאָקטוירים, מעדיקאַמענטן און מיטלען פון דערקוויקונג...

איך האָב פאַר אַ פּאָר פאַרוואונדעטע ניט געקראָגן קיין דאָקטאָר. איך בין אַריין צו איין דאָקטאָר, צו אַ צווייטן, צו אַ דריטן—ניטאָ, אַלע פאַרנומען — ביי פאַרוואונדעטע. איך בין אַריין צו דאָקטאָר פּאָטשטער, ערשט ער איז—אין שטאָט-דומע אָדער אין אופּראַווע. איך בין אַחעק אַהין. זאָגט מען מיר, אַז איצט איז אַ זיצונג פון די „פאָטערס פון שטאָט" און ס'איז שווער צוצוקומען. איך האָב

ד״ר פאָטשטער פערזענליך ניט געקענט, בין געווען שטאַרק אויפגערעגט, צורודערט. דערצו איז שוין געווען פינסטערליך, פאַרנאַכט. צום סוף בין איך אַריין אין זאַל פון דער זיצונג... לאַנגע טישן אַרומגעזעצט מיט שיינע לייט און פאַר זיי שטייט און רעדט מיט האַרץ, מיט פייער און מיט שטורים—חבר אַראָן! איך האָב אים, פון דרויסן אַלעמאָל אַזאַ רואיגן, נאָך קיינמאָל ניט געזעען אין אַזאַ אויפגע־רעגטן צושטאַנד... ער האָט גערעדט וועגן פאָלק, וועגן פעלקער און קלאַסן און זייער אייביג־גערעכטן קאַמף פאַר פרייהייט, וועגן אומגעקומענע פאַר זייער אידעאַל, וועגן אומשולדיגע קרבנות פון מענטשליכער אַכזריות און פון בגידה... ער האָט מיט פייער, מיט אַ ברען, מיט נאָך ניט געזעענער מוט און שטאָלץ געפאָדערט, אַז די „אדונים" זאָלן תיכף ומיד אַוועק צום גובערנאַטאָר, צום גענע־ראַל־גובערנאַטאָר און פועלן אַראָפּצונעמען די מיליטערישע שמירה פון שטאָט, כדי רואיג און זיכער דורכצופירן די לוויה פון די קרבנות פון דער זעלבסטהערשונג. און ער האָט שטרענג גערופן די „גלאַסנעס" אָנטיילצונעמען אין דער אָרגאַני־זירונג פון דער טרויעריגער פּראָצעסיע איך וועל דאָס דאָזיגע בילד, פּונקט ווי נאָך אַזוינע בילדער, קיינמאָל ניט פאַרגעסן!

אַז אַראָן האָט מיך דערזעען, האָט ער זיך מאָדנע דערפרייט...

— אָט איז דער חבר אָקאָרשט געקומען פון דעם שחיטה־פּלאַץ — הערט אים אויס!

איך האָב דערציילט אַלץ, וואָס איך האָב געזעען...

— איר הערט, מיינע הערן, אַ באַשטעטיגונג פון אַן עד־ראיה? אויב איר וועט מיך ניט הערן, וועט דאָס אומשולדיג פאַרגאָסענע בלוט פאַלן אויף אייער קאָפּ! דאָס איז מיין לעצט וואָרט! — — —

די פּריצים זיינען געווען דערשיטערט און זיינען אינגאַנצן אַרונטער אונ־טער אַראָנס השפעה.

אַראָן האָט מיט זיין ערנוואָרט ערב געווען „פאַרן פאָלק" און גענומען אויף זיך די אחריות פאַר דער פולשטענדיגער רו און אָרדענונג אין שטאָט. און די פּריצים האָבן אים געגלויבט, האָבן אים געטרויט — — —

דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פאָן־פרעזע האָט אַראָפּגענומען די מיליטערישע שמירה פון שטאָט און אַראָן האָט אויסגעאַרבעט און אויפגעגעבן דעם גאַנצן פּלאַן פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער טרויער־פּראָצעסיע אין אַלע פּרטים. ער האָט אַליין צעטיילט די אַרבעט פון דעם איינאָרדענען די פּראָצעסיע, האָט ניט געשלאָפן די נאַכט פונם 16 אויפן 17 אָקטאָבער, געאַרבעט אָן אויפהער און איז גאָר ניט מיד געוואָרן. ער האָט געאַרבעט, האָט זיך אויסגעדוכט, פאַר הונ־דערט. אומעטום איז ער געווען די נשמה. פון אַלע זייטן האָט מען זיך גע־ווענדט צו אים מיט אָנפראַגעס, נאָך אינסטרוקציעס און ער האָט איטליכן אָנ־געוויזן געניי זיין פּלאַץ, זיין צייט און זיין פונקציע. אַלעמענס אויגן זיינען געווען געווענדט צו אים. ניט בלויז דער "בונד" האָט געוואַרט אויף חבר אַראָנס פאַראָרדענונגען און דירעקטיוון, נאָר אפילו אַלע אַנדערע פּאַרטייען

האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון אייגענער איניציאַטיוו און אָנגעשטרענגט געוואַרט וואָס וועט ער זאָגן, וואָס וועט ער הייסן, וואָס וועט ער טאָן, — — —

## IX.

ביז 9 אַ זייגער דעם 17 אינדערפרי האָט אַראָן געהאַט שוין אויסגעשטעלט אין אַ מוסטערהאַפטן סדר שפּאַלערן פון די בוי-אַרבעטער, מעטאַליסטן און לעדער-נאָדעל-פאַך, די פּאַרטייען מיט זייערע פאָנעס און בענדער און דעם גאַנצן עולם, וואָס איז באַשטאַנען, ווי מ'האָט געשאַצט, פון פערציג טויזנט מאַן. נאָכדעם האָט ער געגעבן אַ סיגנאַל און די פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קייט פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון אַלע פּאַרטייען. אַראָן איז געגאַנגען פאָראויס און האָט אַלע ווײַלע זיך אומגעקערט מיטן געזיכט צו דער פּראָצעסיע, האָט אָן אויפהער סיגנאַליזירט מיט אַ רויטן טיכל צום לעגיאָן אָרדענער וועגן די פּונק-ציעס און דער האַלטונג. אויב ער פלעגט ערגעץ-וואו באַמערקן עפּעס ניט גאָר אין אָרדענונג, פלעגט ער כהרף-עין, ווי אַ פייל פון בויגן, ערשײַנען אויף דעם נייטיגן אָרט און ס'פלעגט דאַן הילכן אין דער לופט זײַן העלע שטימע:

— שטרענגסטע דיסציפּלין! מוסטערהאַפטע האַלטונג! היינט איז מײַן טאָג! היינט מוזט איר, ליבינקע, ווילנדיג ניט ווילנדיג מיר פאָלגן! פאָלגט די אָרדע-נער'ס—לטובת אונזער כלל! — — —

און מ'האָט געפאָלגט, מ'האָט זיך אונטערגעגעבן דעם האַרציג-מאַגישן וויברירנדיגן טאָן פון דעם גרויסן אָרגאַניזאַטאָר, וואָס האָט זיך יענעם טאָג דערוואָרבן די אויפריכטיגסטע ליבע און אַכטונג פון גאַנץ ווילנע בפועל-ממש!..

— אָט דאָס איז דער אמתער אידעאַלער רעוואָלוציאָנער! מ'זעט בחוש, ער איז פעאיג אויף מסירת נפש! אַזאַ חכם, אַזאַ אַדל, אַזאַ האַרציגער! — האָט זיך געהערט פון אַלע זײַטן.

די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן פון יידישן שפּיטאָל (זאַוואַלנע) דורך טראָקער, יאָן-גאַס, ברייטע, באָטאַנישע, הייליגע אַננאַ אין משך פון לאַנגע שעהן און די קייט פון ביידע זײַטן איז קיינמאָל ניט איבערגעריסן געוואָרן. נאָר אַז מ'איז געקומען אַריבער זאַרעטשיער בריק, האָט זיך פּלוצלינג פון ערגעץ דער-הערט אַ חשודיגער קנאַל... די מאַסע האָט געטאָן אַ ציטער, האָט אויפגעשוידערט און די אײַזנפעסטע קענטשן-קייט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, האָט געהאַלטן שיר ניט ביים צעריסן ווערן, די קאַטאַסטראָפע איז געווען, האָט זיך געדוכט, אומ-פאַרמיידליך... אָבער דאָ האָט ווידער געראַטעוועט—אַראָן! און די פּראָצעסיע איז אַוועק ווייטער איר וועג און קיין בייז איז מער ניט געשעען... אַ זייגער 4 אָדער 5 פאַרנאַכט איז די פּראָצעסיע געקומען אויפן בית-עולם, וואו ס'זײַנען געהאַלטן געוואָרן רעדעס ביז נאַכט... אַראָן האָט ניט גערעדט — — —

דער גאַנצער וועג צוריק איז געווען באַלויכטן מיט פאַקעלן — אויך אַראָנס אויפטו—און דער עולם איז געקומען צוריק אין שטאָט בשלום אַרום

צען אַ זייגער אין אָוונט און האָט פון האַרצן געבענטשט „אַראָן דעווינישסקין״, דעם אידעאַלן אָרגאַניזאַטאָר פון דער פּראָצעסיע, דעם אמתן „גובערנאַטאָר״ פון ווילנע, וואָס האָט גאָר זיינע כּוחות מקריב געווען דער אָקטאָברישער רעוואָ־לוציע. זיין נאָמען איז געווען ביי אַלעמען אויפן צונג, אַ קינד אין וויג האָט אים נאָכגעזאָגט, ער איז געוועזן דער פּאָפּולערסטער נאָמען אין שטאָט.

אַז אַראָן איז געקומען אין שטאָט, האָט ער זיך תּיכּף דערוואוסט, אַז עס איז געשטאָרבן פון די וואונדן איינער פון די פאַרוואונדעטע. האָט ער באַשלאָסן אויף מאָרגן, דעם 18, צו אָרגאַניזירן אויך די לוויה. זי האָט זיך אים ווידער איינגעגעבן פונקט ווי די ערשטע. אין מיטן פּראָצעסיע איז אָנגעקומען די דע־פּעש וועגן דעם מאַניפעסט פון נעכטן, פון 17 אָקטאָבער,—און די לוויה האָט שוין פאַרלאָרן אַ סך פון איר טראַגישער שיינקייט און באַגייסטערנדיגער שטי־לער הייליגקייט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פייערליכער פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע... דער עולם האָט שוין פאַרגעסן אָן די הייליגע מאַרטירער פון דער רעוואָלוציע, פונם עולם האָט זיך די שכינה אָפּגעטאָן... אַ מחנה יונגעלייט האָט שוין באַוויזן אַריינצוכאַפּן זיך אין דרוק אויף טראָקער גאַס, וועמען דער פּאַר־איניגטער שטרייק־קאָמיטעט האָט ערלויבט צו דרוקן די דעפּעש, און האָבן עקספּראָפּריאירט אַ פּעקל בלעטלעך, וואָס זיינען ווי פייל פון בויגן אַריבער פון האַנט צו האַנט. אַלע האָבן גערעדט וועגן דעם נצחון פון דער רעוואָלוציע, אַלע האָבן גערעדט צווישן זיך, מ׳איז געגאַנגען ריידנדיג, די פּראָצעסיע איז אינ־גאַנצן וואָכעדיג געוואָרן — — —

אַראָן האָט נאָך אַלץ אָנגעפירט די אָרדענונג, ער האָט נאָך אַלץ געגעבן אינסטרוקציעס, סיגנאַלן די אָרדענערס, ער האָט נאָך אַלץ מיט אַ הויך־אויפגעהויבענעם קאָפּ געמאַכט אין דער הויך מיט זיין רויטן טיכל, — בקיצור, ער איז נאָך אַלץ געווען דאָס, וואָס נעכטן—דער גאָט־געבענטשטער פירער פון די מאַסן, די נשמה פון דער באַוועגונג, פון דער רעוואָלוציע אין ווילנע, אין ליטע, וואָס האָט געהאַט צו זיך בלויז איין־איינציגן גלייכן—דעם ח׳ מ אַ ק ס י ם אין ריגע, אָבער ביי אים אין האַרצן האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן... אַלע האָבן זיך געפרייט מיטן מאַניפעסט,—אַראָן האָט אָבער דער ערשטער דערשפּירט, אַז ס׳איז ניט דאָס, און ער האָט אונז, זיינע נאָענטסטע גלידער פון דער „קייט״, וואָס פוןביידע זייטן גאַס, אַרויסגעזאָגט די קלאָרע ווערטער:

— ס׳איז ניט דאָס, חברים!

און נאָכדעם האָט ער צוגעגעבן שטיל, אַזוי ווי ריידנדיג פאַר זיך:

— ניט אַזוי האָב איך געמיינט... ס׳איז ניט קיין נצחון, בכל אופן אַ ניש־טיגער נצחון...

אַלע האָבן כמעט ווי פאַרגעסן, ווי און וואוהין מ׳גייט, אַנדערע האָבן שוין אפילו געלאַכט, געוויצלט זיך, ניט זעלטן אפילו צינישליך... די פּראָצעסיע האָט שוין געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ טרוקענער צערעמ...יע, זי האָט שוין ...געוואָרן די נשמה ...

אַראָן איז זעער אויפגערעגט געוואָרן און האָט אויסגעשריען צו אַ גרופּע:
— קאָמיקער! מיר גייען דאָך אויף אַ לוויה! מיר באַגלייטן דאָך דעם אומגעקומענעם חבר אברהם!!!
און איז אַנטשוויגן געוואָרן — — —

---

קיין אינצידענטן זיינען ניט געווען און מ׳איז ווי נעכטן, דעם 17, געקומען בשלום אויפן בית־עולם.

קיין הספּדים זיינען שוין ניט געווען,—אָן דעם, וואָס איז אַוועק פאַר אַלעמען אַ קרבן, האָט מען לחלוטין גאָר פאַרגעסן. מ׳האָט געהאַלטן ריין־פּאָליטישע רעדעס וועגן דער ״באַדייטונג פון מאַניפעסט, מ׳האָט אים שאַרף קריטיקירט, מ׳האָט אויפגעוויזן זיין צביעותדיגן כאַראַקטער, מ׳האָט אויפגעדעקט דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון די הנחות, וואָס דער מאַניפעסט האָט געגעבן, און מ׳האָט גערופן צום ווייטערדיגן קאַמף.

ס׳האָבן גערעדט טאַלענטפולע און האַרציגע רעדנער, מענטשן מיט אַ שיינעם רעוואָלוציאָנערן עבר, און ס׳האָבן גערעדט רעדנער פרישגעבאַקענע, וואָס האָבן מיט אַ וואָסער דריי־פיר טעג צוריק מורא געהאַט דעם נאָז אַרויסצושטעקן, טאַלענטלאָזע און קאַלטע שרייער, וואָס האָבן נאָר אָנגעמאַכט אַ פלאַנטער און אַ טומעל... מ׳האָט אויפגעדעקט, קריטיקירט, און שאַרף קריטיקירט, אָבער די אמתע סיבה פון דער מפלה האָט מען ניט געוואוסט און ניט פאַרשטאַנען...

אַראָן האָט אַ וואָרט ניט גערעדט, ער האָט זיך בלויז צוגעקוקט, צוגעהערט—מיט עפּעס אַ מין מעלאַנכאָליע...

אפשר האָט ער נאָך געוואַרט אויף עפּעס, וואָס זאָל אים קלאָר מאַכן די זאַך?

X.

באַלד זיינען אָנגעקומען דעפּעשן — וועגן מאוימדיגע שחיטות אויף יידן כמעט אין גאַנצן תחום... די רעדנער האָבן זיך ניט פאַרלאָרן, זיי האָבן קלאָר און דייטליך געמאָלדן, אַז זיי אָריענטירן זיך זעער גוט אין דער סיטואַציע און אין דעם סוד פון די פּאָגראָמען. זיי האָבן אויפגעוויזן דעם ערשטן מקור—די זעלביגע רעאַקציע, וואָס וויל אין יידיש בלוט דערטרינקען די רעוואָלוציע, און האָבן דעם לבבות זייערן באַרואיגט... ניט באַרואיגט זיך האָט נאָר איין אַראָן... ער האָט ווייניג גערעדט, ער איז אומגעגאַנגען פאַרטראַכט, מיט פעסט צונויפגעפרעסטע ליפן...

איינער פון די אונזעריגע, אַ קליינער ידען אין הלכות פּסיכאָלאָגיע, האָט זעער ניט דעליקאַט געפרעגט אַראָנען, פאַרוואָס איז ער אין דער הייליגסטער מינוט געבליבן אָן אַ זייט.

אַראָן האָט אים כהרף־עין געענטפערט:

— ווייל זי איז פאַרשוועכט!..

— מיט וואָס?—איז יענער ניט אָפּגעטראָטן.

— מיט טויזנטער געשענדעטע יידישע טעכטער, מיט דערהרגעטע יידישע עופעלעך, מיט ימען יידיש בלוט און טרערן...—איז געווען דער ענטפער.

— שולדיג איז אין דעם אַלעם דער נידערטרעכטיגער רעזשים...

— אויך די אינטעליגענץ, און אפשר אויך—דאָס „פאָלק"—דער גוטער באָדן!..

די וואונד איז געווען פריש, און מיר זיינען אַנטשוויגן געוואָרן.

* *

*

ניט קוקנדיג אויף דעם וואָרים פון ספקות, וואָס האָט גענומען נאָגן זיין מוח און זיין הארץ, האָט אַראָן דאָך געשפּירט, אַז אין אַזאַ צייט טאָר ער ניט צוועקגיין... ער מוז זעען מיט כל אַמצי כוחות ראַטעווען דאָס, וואָס עס וועט זיך נאָך לאָזן,—און ער איז ווידער אַריין אין דער אַרבעט. אין משך פון די „פרייע טעג" איז ער געגאַנגען אויף מיטינגען, האָט געהאַלטן קלוגע, פּקחותדיגע און דאָך וואַרימע, האַרציגע רעדעס; האָט אין „סעווערא-זאַפּאַדנאָיע סלאָוואָ", וואָס איז באַלד איבערגעביטן געוואָרן אויף „סעווערא-זאַפּאַדני גאָלאָס", געשריבן אונטערן פסעוודאָנים אַ נ י ן שאַרפע, בייסנדיגע אַרטיקלען קעגן דער בורזשואַזיע און דער „דעמאָקראַטישער" אינטעליגענץ, וואָס איז געלאָפן „קיין איידקונען"; האָט מיט וואָרט און שריפט דערוויזן, אַז די רעוואָלוציע איז אַ ליבעראַל-בורזשואַזע, און אַז דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אייגנטליך נאָך כמעט ווי גאָרניט אָרגאַניזירט און לחלוטין ניט דיסציפּלינירט, איז פיזיש און גייסטיג פשוט ניט ביכולת אויסצוטראָגן אַליין אויף זיינע פּלייצעס די רעוואָלוציע, און אַז דאָס גופא צווינגט אים ניט צו פאַרלויפן פאָרויס די געשיכטע, וואָס באַשטראָפט ביטער פאַר טאַקטישע פעלערן,— בקיצור, ער האָט ווידער געאַרבעט, און ענערגיש געאַרבעט, אָבער מ׳האָט שוין אונטערגעמורמעלט, אַז ער רעדט און שרייבט ווי אַ אידעאַליסט און ניט ווי אַ מאַטעריאַליסט, ווי אַ מאַרקסיסט...

אויף דער זיבעטער בונדישער קאָנפערענץ אין בערן אין אַפּריל 1906 האָט חבר אַראָן אַרויסגעוויזן סימנים פון אַ גייסטיגן איבערבראָך.

ביסלעכווייז האָט ער זיך אַלץ מער דערווייטערט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן זיינע בעסטע יונגע כוחות און איז צום סוף אינגאַנצן אַראָפּ פון דער פאַרטייאישער סצענע,—ער, חבר אַראָן, וואָס אַרום זיין פּאָפּולערסטן רעוואָלוציאָנערן נאָמען זיינען אין ליטע אין סוף יאָר 1905 געשאַפן געוואָרן גאַנצע לעגענדעס — — —

## XI.

עס זיינען אָבער דאָ באַווייזן, הגם גאַנץ מטושטשע, אַז ניט דער קראַך פון דער רוסישער רעוואָלוציע אַליין און ניט די טאַקטישע פעלערן פון די פּאָליטישע פאַרטייען זיינען געווען די איינציגע סיבות פון אַראָנס גייסטיגן איבערבראָך.

אין זיין פערזענליכן לעבן האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס איז נאָך לחלוטין ניט אויפגעקלערט געוואָרן, עפּעס געהיימניספולס און טראַגישס, וואָס האָט פאַרסמט זיין לעבן אויף אַלע מאָל און וואָס האָט אים באַוואויגן צו פאַר־געסן זיך, צו דערשטיקן זיין טיפן־טיפן, אפשר פאַר קיין שום פריינד ניט אַרויס־געזאָגטן וויי פון האַרצן...

ער האָט זיך מיט אַ חסידישן ברען אָפּגעטובלט אינם רעוואָלוציאָנערן שטראָם און ער האָט זיך אויף אַ געוויסער צייט פאַרגעסן. אַז דער שטראָם איז שוואַך געוואָרן און האָט זיין מאַגישקייט פאַרלאָרן, האָט זיך אַראָן אין זיך פאַר־טיפט און האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז שוין מער ניט „חבר אַראָן״, אַז ער איז גאָר ווייט פון אים... ער האָט אָבער שטיל און טיף געליטן — געליטן פאַר זיין פאָלק און פאַר אַלע פעלקער, געליטן פאַר זיין דור און פאַר די אומ־געקומענע און פאַרפייניגטע פון אַלע דורות... עס האָט אים ס׳האַרץ געדריקט ס׳האָט אים דאָרטן טיף געגאָגט און ער האָט שוין מער אויסהאַלטן ניט גע־קענט... ער האָט דערשפּירט, אַז ער נייטיגט זיך אין השתפכות הנפש... האָט ער זיך צו דער פעדער גענומען, וואָס ער האָט איר שוין אַ צייט יאָרן געהאַט פאַרוואָרפן...

און ער איז אויפגעטראָטן אין אונזער שיינער ליטעראַטור, מיט אַן ערציילונג „אין וועג״—„פאָלקסצייטונג״ נומ׳ 203, פרייטאָג ו׳ כסלו תרס״ז, 23—10 נאָוועמבער 1906—אונטער אַ נייעם, תחילת אומפאַרשטענדליכן נאָמען: א. ווייטער

---

מיר איז נאָך אַ סך מאָל אויך שפּעטער אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט אים און צו פאַרברענגען ביי אים, אָבער דאָס האָט שוין קיין שייכות ניט צו דער עפּאָכע פון „חבר אַראָן״.

איינמאָל האָב איך ביי אים געבעטן ערלויבעניש צו דערמאָנען אים אין מיינעם אַן אַרטיקל וועגן אונזער בשותפותדיגן פריינד קלמן קראַפּיווניץ, האָט ער עס מיר בשום אופן ניט דערלאָזן...

— איך וואָלט וועלן, חבר, פאַרגעסן אַלץ, אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט מיין נאָמען „חבר אַראָן״...

אַן אַנדער מאָל האָב איך, לויט מיין אַלטער געוואוינהייט, זיך געווענדט צום אים, אָנרופנדיג אים „חבר אַראָן״, — האָט ער מיר דערויף געענטפערט בזה הלשון:

— אַז איר זאָגט אַרויס „אַראָן״, פאַרשטיי איך, אַז איר מיינט דאָס מיך, אָבער מיין אמתער נאָמען איז יצחק־מאיר! איר קענט מיך אויך רופן אַייזיק־מאיר אָדער אפילו איטשע־מייער, — איז עס מיר גלייך ליב, אָבער בשום אופן ניט „אַראָן״...

אַז איך האָב אים אין אַ טאָג אַרום געפרעגט, אַנטשולדיגנדיג זיך פאַר מיין שאלה, פאַרוואָס האָט ער זיך גערופן „אַראָן״, האָט ער מיר געענטפערט:

— אויפן נאָמען פון אהרן ליבערמאַן.

דעם לעצטן מאָל האָב איך זיך מיט אים געזעען פרייטאָג, חול-המועד פסח תרע״ט, און האָב אים געגעבן אַ מתנה מיין ביכל „ליטע״, וואָס ער האָט װער געוואָלט לייענען,—האָט ער מיר געענטפערט:

— אַן עבירה, ליבינקער, איך האָב עס שוין דורכגעלייענט און קיין מתנות דאַרף איך ניט; איך דאַרף בכלל גאָרנישט, איך האָב אפילו די אייגענע זאַכן אויך ניט, בכלל אופן אַלע זאַכן ניט, איך בין אַן ערער בערבה,—איך וועל דעם ביכל בעסער איבערגעבן ניגערן...

ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט, אַז ער דאַרף שוין גאָרנישט, אַז פונקט אין דריי טעג אַרום וועט ער שוין גאָרנישט דאַרפן...

שלאָף רואיג, טייערער, האַרציגער, אייביג ליידנדיגער, הייליגער חברן וואָס מיט דיר זיינען פאַרבונדן די שענסטע זכרונות וועגן די שענסטע מאָמענט פונם פרילינג פון מיין לעבן!

צום ערשטן יאָרצייט פון א. ווייטער.



מ. עלקין.

# פראגמענטן פון אָפּגעריסענע זכרונות.

ווי פון אַ נעפּל אַרויס ערשיינט מיר מיין ערשטע באַגעגעניש מיט ווייטערן. ווי פאַרהילט אין עפּעס געהיימס שטייט פאַר מיר די שלאַנקע, פעסטע ברייט־פלייציגע פיגור פון ווייטערן אין די ערשטע טעג פון אונזער באַקאַנטשאַפט.

אָנהייב 1907 יאָר (אין חודש מערץ) אין מינסק. איך רעדאַקטיר אַ רוסישע ציימונג, וועלכע ערשיינט אָנשטאָט דעם פאַרמאַכטן „סעווערא־זאַפּאַדני קראַי“.

אין אַ שיינעם, נאָר אומרואיגן פרימאָרגן (דער גובערנאַטאָר ערדעלי איז עפּעס ברוגז געווען פאַר אַ לייטאַרטיקל...), באַגלייט פון די זשורנאַליסטן אָקונעוו און י. אַלפּעראָוויטש, גייט אַריין צו מיר אין צימער אַ יונגערמאַן. מען שטעלט מיר אים פאָר:

— „הער גורעוויטש“.

– זעער אָנגענעם. זיצט.

זעצט ער זיך און נעמט זיך מיט חשק צום באַרג ציימונגען, וואָס ליגט אויפן רעדאַקציאָנעלן טיש, ניט ריידנדיג אַ וואָרט.

די באַגלייטער זיינען אַוועק.

פון צייט צו צייט קוק איך נאָך מן־הצד מיין באַזוכער: אויגן שאַרפע, נאָכשפּירנדיגע, נייגעריגע, אַן אייגנאַרטיג אויסזען, אַ גאַנץ אינדיווידועלע פיגור, קענטיג אַ פאַרשלאָסענע, אויף דורך אַ פאַרקנעפּלטע...

ער, משמעות, קוקט מיר אויך נאָך: אונזערע בליקן באַגעגענען זיך.

– דאָס זייט איר ניט מסכים מיט סטאָליפּינס אַגראַר־פּאָליטיק, מיט דעם רוש פון די דערפער אין די „כוטאַרעס“ אַריין ?...

— יאָ, איך.

— אַזוי ?...

אַ לייכטער שמייכל באַווייזט זיך אויף זיין פּנים און אין איין הרף־עין ווערט ער ווידער ערנסט און זיין קאָפּ איז ווידער איינגעגראָבן אין די ציימונגען. פויזע.

— דאָס האָט איר דאָ געגרינדעט דעם פאַראיין פון די דרוקער און זעצער ?

יאָ, איך.

— דאָס איז פיין, גאָר פיין...

אין אַזאַ מין שמועס פון אָפּגעריסענע פראַזן בלייבן מיר ביי אַ שעה. לסוף־סוף מיך דער יונגערמאַן אַ פרעג:

— ווען זייט איר פריי ? קען מען אייך באַזוכן אין דער היים ?

איך זאָג אים, ווען מיר קענען זיך טרעפן, און ער זעגנט זיך, צוגעבנדיג:

— מיך רופט מען ראובן גורעוויטש. אָפט פאַרגעסט מען ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט, חזר איך עס אייך איבער...

נאָך זיין אַוועקגיין פרעג איך י. אַלפּעראָוויטשן, ווער דער יונגערמאַן איז און ער דערציילט מיר בסוד, אַז דאָס איז דער באַוואוסטער „אַראָן" פון ווילנע; זיין פאַמיליע איז דעוועניסקי און דער ליטעראַרישער פסעוודאָנים—א. ווייטער. אין מינסק זיצט ער אונטערן נאָמען ראובן גורעוויטש.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ראובן גורעוויטש ווידער געקומען אין רעדאַקציע און מיר זיינען אַוועק צו מיר אין מיין קליין מאַנסאַרדע־צימערל, וואו מיר זיינען געבליבן עטליכע שעה.

אונזער הויפּט־שמועס איז געווען וועגן „פּאַרטיי־ענינים" — ער האָט זיך דאַן אַ פּנים נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער פּאַרטיי־אַרבעט, און געוואָר געוואָרן פון מיין שייכות דערצו, האָט ער דעם שמועס פאַרפירט.

קאָנקרעט האָט זיך גערעדט וועגן אָרגאַניזירן אַ פאָרשטעלונג לטובת אַ ענין כמוס...

— מ׳זאָגט, אַז איר זייט אַ טעאַטער־מענטש, — אפשר וואָלט איר עס נעמען אויף זיך. איך וואָלט פאָרגעלייגט אויפפירן „דעם שטראָם" פון מאַקס האַלבע. מ׳דאַרף עס נאָר איבערזעצן.

איך בין מרוצה, און אין אַ פּאָר טעג אַרום נעמען מיר זיך צו דער איבערזעצונג — ווייטער, שרה רייזען און איך — יעדערער צו אַקט..

אין דריי טעג אַרום איז די איבערזעצונג פאַרטיג, גורעוויטש־ווייטער בעסערט זי אויס און מיט טרעטן צו צו פּראָבן.

ווייטער באַטייליגט זיך אין שפּילן אויך, ער רעפּעטירט די ראָל פון — הערמאַן.

דאָס אויג פון דעם באַאָבאַכטער האָט תּיכף באַמערקט, וואָס אַזוינס ווייטער איז פאַרן טעאַטער...

ווי נאָר ער איז אויפגעטראָטן אויף די ברעטער פון דער בינע — איז ער אַן אַנדער מענטש געוואָרן, — פול רעספּעקט צו יעדן ווינקעלע, אויפמערקזאַם צו יעדער קלייניגקייט און באַגייסטערט... פון די אויגן האָבן פונקען געשאָטן און ביי דער העכסטער שפּאַנונג אויף דער בינע פלעגט זיך ביי אים פון האַרץ ווי אַ וויי־געשריי אַרויסרייסן: אַך, אַך! ...

נאָך די ערשטע פּראָבן האָבן זיך אָנגעהויבן שמועסן איבער טעאַטער, וועלכע פלעגן ביי אונז אָפט גאַנצע טעג צונעמען.

מיט אַמאָל איז גורעוויטש־ווייטער נעלם געוואָרן. שוין עטליכע טעג, אַז ער קומט ניט צו די פּראָבן, מ׳הערט ניט פון אים. איך באַקום אַ צעטעלע אָן אַ אונטערשריפט, אין וועלכן מ׳וואָרנט מיך, איך זאָל נישט וואַגן קומען צו גורעוויטשן אויף דער דירה, ווייל זי איז „דורכגעפאַלן"...

די לעצטע טעג זיינען אין מינסק פאָרגעקומען אַרעסטן. פאַרשטיי איך,

אַז מיין ראובן גורעוויטש איז אַריינגעפאַלן בתוך הקרואים, און איך הייב אָן זוכן מיטלען, ווי אַזוי אים צו באַפרייען. איך האָב אָבער געהאַט אַ מיאוסן פסק: אינ־מיטן מיין זוכעניש קומט אַראָפּ דער כלומרשט אַרעסטירטער ווייטער און דער־ציילט מיט אַ געלעכטער, ווי אַזוי פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט זיין דירה גראָד דאַן, ווען ביי אים איז פאָרגעקומען עפּעס אַ זיצונג, ווי אַזוי ער איז אומבאַ־מערקט אַרויס פון שטוב און האָט זיך באַהאַלטן אויפן הויף הינטער אַ שטויס האָלץ, ווי מען איז אומגעגאַנגען אַרום אים מיט פייער זוכן, און ווי די שאָטנס פון די פּאָליצייאישע פיגורן האָבן אים געראַטעוועט... אַ סך מענטשן זיינען יענעם אָוונט אַרעסטירט געוואָרן און ער איז ביז טאָג געבליבן אונטער דעם האָלץ און אַזוי אַרום איז ער ניצול געוואָרן פון אַרעסט.

צוליב די דאָזיגע געשעענישן איז איבערגעריסן געוואָרן אונזער טעאַטער־פאָרשטעלונג און גאָר אינגיכן זיינען אַרעסטירט געוואָרן איינציגע מיטאַרבעטער פון מיין צייטונג און מיין פערזענליכע לאַגע איז אויך געוואָרן אַ געפערליכע.

א. ווייטער עצהט מיר, איך זאָל פאַרלויפיג פאַרלאָזן די רעדאַקציע; איך פאָלג אים.

אַזוי אַרום בין איך געוואָרן לגמרי פריי און גאַנצע טעג בין איך געווען צוזאַמען מיט מיין אינטערעסאַנטן באַקאַנטן גורעוויטש־ווייטער.

אונזער ביידנס מאַטעריעלע לאַגע איז געווען דאַן אַ קריטישע און מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אַזוי, אַז די שפּייז־הוצאות זאָלן מיר דעקן בשותפות — אַ טאָג ער, אַ טאָג איך. דער ביודזשעט אונזערער איז געווען צען קאָפּי־קעס אַ טאָג, אויף בייגל צו קויפן...

געווען איז עס שוין אין פרילינג, און פון פרימאָרגן פלעגן מיר אַוועק צום ברעג טייכל, אַרום שטאָט־גאָרטן, און דאָרט בלייבן ביז פאַרנאַכט, ניט באַ־מערקנדיג, ווי די דער טאָג איז אַוועק אין הייסע שמועסן.

די הויפּט־טעמע פון די שמועסן איז געווען וועגן דער טעאַטער־פּראָבלעם בכלל און יידישן טעאַטער בפרט. אויף דעם געביט איז גורעוויטש־ווייטער געווען דער גרעסטער, דער באַגייסטערטער אָפּטימיסט, און איך — דער פּעסימיסט. אַזאַ שטע־לונג האָט זיך לאַנג געצויגן, זי איז נאָך צו מערקן אַפילו אין יאָר 1911, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן איבער רוסלאַנד וועגן טעאַטער־ענינים.

אין איינעם פון זיינע בריוו, וועלכע איך פאַרעפנטליך אין דעם זאַמל־בוך און וועלכער איז געשריבן אין יאָר 1911 (פון פּאָלטאַווע קיין אָדעס), איז זיין אָפּטימיסטישער שטאַנדפּונקט מאָטיווירט און באַגרינדעט געוואָרן.

אַ ביסל פּעסימיסטישער איז ער געוואָרן געשטימט אין דער פראַגע אַ סך שפּעטער, ערשט אומקערנדיג זיך פון סיביר אין יאָר 1917.

ניט דאָס אָבער בין איך אויסן.

אַזוי האָב איך זיך באַקאַנט מיט ראובן גורעוויטש...

פון דער צייט אָן אָבער, ד. ה. פון פרילינג 1907, איז פון מיר פאַרשוואונדן ראובן גורעוויטש (פון אים אַליין הייבן אָן ביסלאַכווייז צו פאַרשווינדן זיינע

געצוואונגענע נעמען...) און אויסגעוואַקסן איז איסאַק ווייטער, וועלכער האָט מיך פאַרכאַפּט מיט לייב און לעבן, וועמענס יעדע באַוועגונג איז מיר געוואָרן טייער און איז אַזוי געבליבן ביזן לעצטן טאָג.

מיט דעם איסאַק ווייטער פלעג איך זיך אויך אָפּט טרעפן אין מינסקער פאַרלאַג „קולטור" ביי ה' וויגאָדסקי; דאָרט פלעגן מיר זיך שטענדיג באַגעגענען מיט אברהם רייזען, א. גערציק א. אַנד. און בלייבן אויף גאַנצע אָוונטן...

מיר זיינען צוזאַמען געווען אין מינסק ביז העלפט זומער (ערך יולי), ווען איך האָב געמוזט אָפּפאָרן קיין באָברויסק. א. ווייטער איז נאָך דאָרט פאַרבליבן ביז האַרבסט און דאַן אַוועק קיין ווילנע.

דאַכט זיך, אַז פון ווילנע איז ער אַוועק קיין לעמבערג אָדער בערלין אויף אַ געוויסער צייט, נאָר דאָס געדענק איך ניט גענוי.

איך האָב פאַר דער צייט פון אים עטליכע בריוו באַקומען, נאָר אונזערע באַגעגענישן זיינען איבערגעריסן געוואָרן כמעט אויף אַ יאָר.

* * *

נאָך אַ מאָמענט. אויך אַ ביסל אַ פאַרנעפּלטער, נאָר שוין אַ סך וויניגער...

אין אַפּריל 1908 בין איך איינגעלאַדן געוואָרן קיין קיעוו אַלס רעזשיסער אין טעאַטער „בערגאָניע" צו דער יידישער טרופּע פון אַדלער, נעראָסלאַווסקאַיאַ, בן-עמי, טיטעלמאַן, פריד א. אַנד.

מיך האָט דאַמאָלסט זעער באַאומרואיגט די רעפּערטואַר-פראַגע און וועגן דעם האָב איך זיך שריפטליך געהאַלטן אַן עצה מיט א. ווייטערן, וועלכער האָט מיר געשאַפן אַ פאַרבינדונג מיט שלום אַש און פרץ הירשביין און איך האָב מיט די לעצטע געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אויפפירן זייערע פּיעסן.

פרץ הירשביין איז דאַן געזעסן אין אָדעס און האָט צוזאַמענגעשטעלט זיין טרופּע (נעמי און אָרלאָווסקאַ זיינען אָדעסער; צו יענער צייט האָבן אויך געשפּילט אין אָדעס זילבערבערג, דאַלסקאַיאַ, קיטנער א. אַנד.). זיין ענטפער, אויף מיין פאָרשלאָג אויפצופירן זיינע אַ פּיעסע, איז מיר אָנגעקומען כמעט צו דער צייט, ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן פון קיעוו, זיך מיאש זייענדיג אין דעם גוטן ווילן פון די דערמאָנטע אַרטיסטן צו שאַפן ווירקליך אַ יידישן דראַמאַטישן טעאַטער, און דעריבער איז מיר שוין ניט אויסגעקומען זיינס אַ שטיק אויפצופירן.

וועגן דעם אַלעם האָב איך כסדר ווייטערן געשריבן; און אַז איך האָב אים אַמאָל הירשביינס בריוו צו מיר געוויזן, האָט ער אים אַזוי פאַראינטערעסירט, אַז ער האָט מיר געבעטן דעם בריוו באַהאַלטן:

— דער בריוו האָט אַ גרויסן ווערט פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמאַטורגיע... באַהאַלט עס... זאָלן קינדער און קינדסקינדער וויסן, אין וואָס פאַר אַ לאַגע מיר זיינען אַמאָל געווען...

אין יוני 1908 בין איך שוין צוריק געווען אין באָברויסק. איך האָב

דערפון מודיע געווען ווייטערן און ער האָט געענטפערט דערויף, אַז ער וויל קומען צו גאַסט צו מיר און האָט עס בדעה צו טאָן גאָר אינגיכן, איך דאַרף נאָר פריער אָרגאַניזירן פאַר אים אַ לעקציע אין באָברויסק. די טעמע פון דער לעקציע זאָל זיין די טעאַטער־פראַגע און טעזיסן קען איך אויסשטעלן, ווי און וועלכע איך וויל און פאַרשטייט.

אין צוויי טעג איז די לעקציע געווען איינגעאָרדנט און איך האָב טעלעגראַפיש ווייטערן אַרויסגערופן (פון ווילנע, דוכט זיך).

איך געדענק ווי איצט: געקומען איז ער אין אַ העלן, לייכטן אָנצוג מיט אַ קליין רענצעלע אין האַנט. די בלומען, וועלכע ער האָט דערזעען ביי מיר אין גאָרטן, האָבן אים אַזוי צוגעצויגן, אַז ער האָט זיך כמעט געוואָלט אָפּזאָגן פון דער לעקציע און בלייבן זיצן אין גאָרטן.

— „צום טייוול! ווער דאַרף עס מיין לעקציע? אין טעאַטער איז הייס, דערשטיקט צו ווערן, דאָ איז בעסער“...

בכלל האָט ווייטער געהאַט אַזאַ טבע, אַז ווי נאָר עס פלעגט קומען צו זיינע עפנטליכע אַרויסטרעטונגען, ער האָט געמעגט זיין צו זיי ווי צוגעגרייט, אַזוי פלעגט ער זיך צוריקציען און די אַרויסטרעטונגען פלעגן אָפּט אַראָפּגענומען ווערן. פון דער אייגנשאַפט זיינער האָב איך נאָך דאַן ניט געוואוסט... דאָסמאָל איז אָבער, צו מיין גליק, געווען אַן אויסנאַם, — אין אַ מינוט אַרום זאָגט ער:

— ניין, ברודערל, קיין דרך ניט, מ'דאַרף לייענען די לעקציע, נאָר איר מוזט מיך אויספוצן אין אַ שוואַרצן ראָק...

איך האָב אים אויסגעפוצט, ווי ער האָט געוואָלט...

אין אַ לייכטן, זומערדיג־בין־השמשותדיגן שמועס מיט מיין פאַמיליע און נאָך עטליכע חברים מיינע האָבן מיר פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה און זיינען אַלע אַוועק אויף דער לעקציע

קיין גרויס חשק צו דער לעזונג האָט ער אַפּנים ניט געהאַט: ער האָט אָנגעהויבן שטיל, אין אַ געפּאַלענעם טאָן און כמעט דער גאַנצער ערשטער טייל פון דער לעקציע איז אַריבער אומפאַרביג, אָן שום עקספּרעסיוויטעט. ווייטער האָט עס אַליין אויך געשפּירט און דערום איז ער אַריבער אויף היסטאָרישע דערציילונגען וועגן טעאַטער; דאָס האָט אַ ביסל פאַראינטערעסירט דעם עולם און אַזוי אַרום האָט ער ווי עס איז פאַרענדיגט דעם ערשטן טייל פון דער לעקציע.

זיין גאַנצן טעמפּעראַמענט האָט ווייטער אַרויסבאַוויזן אין צווייטן טייל, וואו ער איז אַריבער צו דעם געגנווערטיגן טעאַטער מיט זיין רעפּערטואַר און שוישפּילער. אַ שיינעם חלק האָבן געקראָגן פון לעקטאָר די יידישע פּסעוודאָ־טעאַטראַלן, וועלכע ווילן דעם „גאָרדין־טעאַטער“ אַ נאָמען געבן „קונסט־טעאַטער“; די קריטיקער און רעצענזענטן, וועלכע מיען זיך ניט צו פאַרטרייבן פון דער בינע די ברוטאַלע גאָרדין־ליטעראַטור, וועלכע פאַרטעמפּט דעם צושויער ניט ווייניגער, אויב נאָך ניט מער, ווי די אָפּערעטע. אַלס מאַטעריאַל צו קריטיק האָט

ער געגומען גאָרדינס „בעסערע" פּיעסן, ווי „קרייצער-סאָנאַטע", „הערשעלע דובראָווגער" און „כאַסיע די יתומה". ניט קיין קלענערן חלק האָט באַקומען דאָס „געערטע פּובליקום", וואָס איז סובל אַזעלכע קולטור-עקספּערימענטן איבער זיך, וואָס איז גאַנץ נייגעריג צו זעען אַזעלכע ווערק און אַפּלאָדירן זיי... א. אַז. וו. די באַזוכער פון דער לעקציע האָבן געמאַכט ווייטערן אַזאַ אָוואַציע, אַז ער האָט זיך פאַרשעמט... און פאַרשעמטערהייט, פאַרנייגנדיג זיך פאַרן פּובליקום, איז ער פון טעאַטער אַנטלאָפן...

די לעקציע האָט נאָך געדויערט, ווען מיר זיינען שוין אַהיימגעקומען אין באַגלייטונג פון אַ סך באָברויסקער אינטעליגענטע יונגע-לייט. ווייטער האָט פעך און שוועבל געשאָטן אויף דער יידישער יוגנט, אויף דער אינטעליגענץ פאַר זייער פּאַסיוויטעט, פאַר זייער אָפּגעריסנקייט פון דער אייגענער קולטור א. אַז. וו. ער האָט מיט ווייטאָג פאָרוואורף געמאַכט און אויפגעפּאָדערט, מ'זאָל זיך נעמען צו דער יידישער קולטור-אַרבעט תיכף, אויב ניט, וועט מען אַמאָל דערפאַר אָפּ-געבן אַ צו שטרענגן דין-וחשבון און באַצאָלן אַ צו גרויסן שטראָף...

לאַנג, לאַנג נאָכדעם האָב איך ווייטערן ניט געזעען אַזאַ ריידעוודיגן, אַזאַ אויפגערעגטן... ווי מ'וואָלט אומגערן אַ אָנגעווייטאָגט אָרט באַרירט, האָט ער זיך צעשריען, צעבייזערט און באַלד... שטיל געוואָרן, זיך פאַרשפּילעט אויף אַלע קנעפּ...

א. ווייטער האָט געוויילט ביי מיר נאָר עטליכע טעג און איז אַוועק קיין מינסק, וואו ער האָט בדעה געהאַט בלייבן ניט קיין לאַנגע צייט, און דאַן צוריק קיין ווילנע.

פון דאַן אָן זיינען אונזערע באַציאונגען שוין מער ניט איבערגעריסן גע-וואָרן ביזן סוף.

* * *

איך רייס איבער.

איך קען ניט מער שרייבן קיין זכרונות וועגן ווייטערן. ווייטער לעבט נאָך ביי מיר און וואָס מער איך וועל שרייבן וועגן אים, אַלץ מער ווערט עס אוממעגליך...

צו טייער איז מיר ווייטער, איך זאָל שרייבן זכרונות וועגן אים אָן אַ שום סדר, אָן אַ סיסטעם., אָן אַ פּערזענליכער באַלויכטונג, און דאָס איז מיר איצט אוממעגליך.

לאָז איך פאָרלויפיג דורך אַלץ, אַלע יאָרן פון אונזער צוזאַמענלעבן—סיי דאָ, סיי אין סיביר—און וועל נאָר עטליכע ווערטער דערציילן וועגן אונזער לעצטער באַגעגעניש.

סוף אַווגוסט 1918 האָב איך מיט מיין פאַמיליע, מחמת הונגער, פאַרלאָזן פּעטערבורג און אַוועק קיין באָברויסק, וואָס איז הגם געווען אונטערן יאָך פון דער דייטשער אָקופּאַציע, נאָר ברויט איז דאָרט געווען לרוב

צייט זיין צוריקקער פון סיביר האָט ווייטער געלעבט מיט אונז צוזאַמען און מיט אונז צוזאַמען האָט ער אויך פאַרלאָזן פּעטערבורג און געקומען קיין באָברויסק.

דאָס איבערפּעקלען זיך אַהער איז אים ניט גרינג אָנגעקומען, נאָר באַקומענדיג די ערלויבעניש, האָט ווייטער שיר ניט געטאַנצט פאַר פרייד...

אָך, ווי ער האָט געבענקט נאָך דער יידישער סביבה!...

— „אַ קלייניגקייט דאָס איז, וואָס רעדסטו! איך וועל דאָך באַלד קענען זיין אין ווילנע, אין דער היים״!...

און די אויגן פינקלען מיט שמחה, לאַכן פאַר פרייד.

פאַרן אַוועקפאָרן פון פּעטערבורג האָט ווייטער גענומען אין דער „חברה מפיצי השכלה״ אַן ארבעט — איבערזעצן אויף יידיש „די קינדהייט״ פון מ. גאָרקי, האָט באַקומען אַ געוויסע סומע אַוואַנס און אין באָברויסק האָט ער די איבער-זעצונג געמאַכט.

פאַר דער צייט פון זיין זיצן אין באָברויסק האָט ווייטער באַזוכט קיעוו צוליב ליטעראַטור-פאַרלעגערישע ענינים.

אין באָברויסק איז ווייטער געבליבן ביז אָנהייב נאָוועמבער, ווען ער איז אַוועק קיין מינסק. פון מינסק ערשט איז ער אַוועק קיין ווילנע, וואו צו יענער צייט איז שוין געווען אויך ש. ניגער.

אינגיכן איז באָברויסק פאַרנומען געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס און אַזוי אַרום זיינען מיר אָפּגעשיידט געוואָרן איינער פון צווייטן ביז דער צייט, ווען ווילנע האָט געקראָגן אַ פאַרבינדונג מיט באָברויסק; דאַן האָבן מיר אָנגעהויבן קאָרעספּאָנדירן. דעם ערשטן בריוו צו אים האָט אַוועקגעפירט פּרוי ב. ניגער. איך האָב אים כסדר געבעטן קומען צו אונז אויף עטליכע טעג כאָטש, און ער האָט עפּעס געענטפערט, אַז ער האָט קיין צייט ניט און מער גאָרניט געשריבן.

נאָך אַ לענגערער הפסקה (מער ווי אַ חודש) איז אָנגעקומען זיין לעצטער בריוו פון 2-טן אַפּריל 1919, וועלכער איז געדרוקט דאָ אין זאַמלבוך.

דעם 5-טן אָדער 6-טן אַפּריל בין איך געקומען קיין ווילנע און בין פאַר-פאָרן גלייך צו ווייטערן, וועלכער האָט געוואוינט ביי ה׳ ש. ניגער.

— „אָך, אָט ביסטו אַ חכם, וואָס דו ביסט געקומען, ברודערל, בפועל ממש אַ חכם״!...

און ווייס ניט, וואָס צו טאָן פאַר פרייד. ער וואַרפט זיין אַרבעט און גייט אַוועק מיט מיר.

איך האָב געוויילט ביי ווייטערן אין ווילנע ביזן 12-טן אַפּריל. די גאַנצע צייט האָב איך אים אַלץ געבעטן פאָרן צו מיר אויף פסח און ער האָט איינגע-שטימט. לסוף, אַ שעה פאַרן פאָרן, איז ער מיר מודיע, אַז ער האָט חרטה און פאָרט ניט מיט מיר...

ער האָט מיר באַגלייט צו דער באַן, געבליבן דאָרט מיט מיר מער ווי־א שעה, זיך הייס געזעגנט, שטאַרק געקושט און אַוועק...

אַוועק פון מיר אויף אייביג...

מער האָב איך אים שוין ניט געזעען...

די קאַטאַסטראָפע, פון וועלכער ער האָט מיט מיר גערעדט און געשריבן די לעצטע צייט, די פאַטאַלע קאַטאַסטראָפע, וועלכע ער האָט געשפירט אַ לאַנגע צייט איבער זיין קאָפּ — איז געקומען...

ווי אַ דונער איז זי אים אויפן קאָפּ אַראָפּגעפאַלן און אומגעבראַכט...

פון זיין טראַגישן טויט על קידוש־השם האָב איך זיך דערוואוסט פון די צייטונגען, אין וועלכע איך האָב געפונען הספדים נאָך אים...

איך האָב דערשפירט, אַז ער האָט מיט זיין טויט ווי מיט זיין גאַנצן לעבן כסדר אויסגעקויפט די זינד פון פאַרגאַנגענע דורות...

ווילנע, תר"ס.



ש. ב. ש–ר.

# איינינע זכרונות וועגן א. ווייטער.

איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן צו זיין באַקאַנט מיט ווייטערן נאָר אַ קורצע צייט. אָבער ווייטער איז געווען אַזאַ פּערזענליכקייט, וועלכע האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט גלייך פון דעם ערשטן אָנבליק. זיין פּערזענליכקייט וועלן געוויס באַשרייבן זיין ביאָגראַף און זיינע נאָענטע חברים; איך וויל נאָר אויפצייכענען אַ פּאָר שמועסן, וואָס איך האָב געהאַט מיט אים פאַר דער קורצער צייט, וואָס ווייטער האָט געוואוינט ביי אונז אין וואוינונג. ער איז געווען דאַן זעער פאַרנומען – געמאַכט הכנות אַרויסצוגעבן „די וואָך", און איך האָב געמיינט, אַז ער וויל אויסמיידן געשפּרעכן. דערום האָב איך פון מיין זייט קיינמאָל ניט אָנגעהויבן קיין מער אָדער ווייניגער ערנסטן שמועס מיט אים.

איינמאָל פרייטאָג-צונאַכט, זיצנדיג ביי אַ גלאָז טיי, דעם קאָפּ עטוואָס איינגעבויגן און קוקנדיג ערגעץ-וואו, זאָגט ווייטער, פּלוצלונג זיך אויפכאַפּנדיג פון זיין שווייגן:

— היינט איז פרייטאָג-צונאַכט, אָבער עס איז איצט ביי אונז אַזאַ וואָכעדיג-קייט, עפּעס אַזוי אומזויבער, פאַרפּראָסט, פאַרגרעבט — פע! דאָס לעבן האָט קיין רייץ ניט, מ'לעבט ווי בהמות!

— אַמאָל איז דען געווען בעסער?

— איר זאָלט דאָס זאָגן? געוויס בעסער! אַמאָל פלעגט נאָך דער וואָכעדיג-קייט קומען דער שבת, דער יום-טוב. אַ גרויסע הייליגע פייערליכקייט האָט אַרומגענומען מיט אירע פליגלען די גאַנצע סביבה. מיטן אָנקומען פון שבת און יום-טוב האָט מען גאָר אַנדערש אָנגעהויבן צו פילן. דאָס קערפּערליכע לעבן האָט זיך מיט אַמאָל אויסגעלייטערט און עס איז געוואָרן אַ נשמה-לעבן. מען האָט זיך געפילט דערהויבן, אויסגעבעסערט, מענטשליכער און איידעלער, ווי אין די וואָכעדיגע טעג. איז דאָס ניט ריכטיג, ווי?

— יאָ, איך ווייס דאָס אויך. אָבער... אויב איר בענקט אַזוי נאָך אַזאַ לעבן... ווער-זשע לאָזט אייך ניט לעבן, ווי מען האָט אַמאָל געלעבט?...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע? געוויס לאָזט זיך איצטער אַזוי ניט לעבן! איך מיין דאָך – לעבן נאַטירליך און ניט קינסטליך, נאָכקרימענדיג ווי אַ מאַלפּע!

— פאַרוואָס־זשע האָט איר טאַקע אַוועקגעוואָרפן אייער לעבנסשטייגער פון דער יוגנט? עס זיינען נאָך דאָ אַודאי 50 פּראָצענט יידן, וואָס לעבן נאָך אַזוי מיט די אַלטע מנהגים און קיינער שטערט זיי ניט?

— אַך, וואָס זאָגט איר, איך האָב אַוועקגעוואָרפן? ניין, איך האָב ניט געהאַט וואָס אַוועקצוּוואַרפן!... ווי איך בין נאָר עלטער געוואָרן און אָנגעהויבן זיך אַרומצוקוקן אַרום זיך, האָב איך דערזען, אַז איך געפין זיך אין אַ וואָכעדיגער סביבה און די הערליכע שבת־הייליגקייט האָט מיר אָנגעהויבן אויסצומיידן. די אַרומיגע, האָב איך געזען, זיינען פאַרזונקען אין זייער פרנסה און פילן ניט געגנוג די דערהויבנקייט פון דער שבת־הייליגקייט. זיי לעבן ווי אין אַ טשאַד און קלערן גאָרניט וועגן דעם, וואָס ס'טוט זיך אַרום זיי. געוויס, עס איז דאָ אַ מיעוט, וועלכער פילט און האַלט די וויכטיגקייט און גרויסקייט פון דער שבת־הייליגקייט, שפירט זיך באַלעסטיגט פון דער וואָכעדיגקייט, אָבער די דאָזיגע לעבן דאָך נאָך אין מיטלעלטער ... אמת, זיי לעבן אַ סך אַ העכער לעבן ווי מיר, אָבער נאָר פאַר זיך אַליין... זייערע קינדער גיבן זיי גאָרניט איבער. מיט זייער הייסער אומאייגניציגער ליבשאַפט צו זייערע קינדער פאַרשלעפערן זיי זיי, פאַרחלומען זיי און ווייזן זיי דעם גן־עדן... אָבער ווען זיי, די קינדער, כאַפּן זיך אויף און קוקן זיך אַרום, איז ביי זיי אין האַרצן גאַנץ פּוסט, ליידיג. עס ווימלען נאָך אין זייערע נשמות די זיסע, כּישופדיגע חלומות, אָבער ביסלאַכווייז ווערן זיי שטילער און הערן אויף.

— ווי קען דען זיין אַנדערש?

— וועגן דעם רייד איך דאָך. עס קען זיין אַנדערש און עס מוז זיין אַנדערש, פריער — שפּעטער, די וועלט מוז דערקענענען איר טעות... אין די אַלטע מנהגים, אין דעם אַלטן שטייגער לעבן איז דאָ פיל גראַנדיעזע וויכטיגקייט, שיינקייט און פּראַכט, וועלכע זיינען אימשטאַנד אַריינצוגיסן אין מענטשן אַ סך לעבנספרייד, צופרידנקייט און גליק, אימשטאַנד צו דערהויבן און אויסלייטערן זיין נשמה, צו פאַראיידעלן זי און פאַרפולקומען. דער אומגליק איז אָבער, וואָס מען ווייס נאָך ניט, ווי אַזוי צו פאַרפלעכטן און צו פאַרוועבן די אַלטע אידעען און מנהגים מיט די נייע דערגרייכונגען פון דער קולטור. מען איז נאָך ניט געקומען דערצו, דאָס גופא אויפצופאַסן און עס צו באַנעמען. עס פעלט אונז אַ נביא, אַ משה־רבינו, וואָס זאָל אונז אויפטרייסלען, משפיע זיין אויף אונז, מיר זאָלן דערזען דעם אמת אין זיין גאַנצער פּראַכט און אים איבערגעבן דעם יונגן דור, ווען זיינע געפילן זיינען פריש, שאַרף און געזונט און מסוגל אויפצונעמען און תופס צו זיין דערהויבענע שיינקייט און עכטע וואָרהייטן.

— וואו קען מען דען נעמען וואָרהייטן און נאָך עכטע?

— אַך, וואָס זאָגט איר? דווקא וואָרהייטן און דווקא עכטע! וואו קען מען זיי נעמען? — אומעטום. מען דאַרף נאָר עפענען די אויגן... וואָס פאַר אַ גרויסע אַרטיגער אמת ליגט אין גרונט פון אונזער אמונה! ניין, ניט נאָר אין אונזער אמונה, נאָר אויך אין אַלע מאָנאָטעאיסטישע אמונות, און אויב אירווילט —

אַפילו אויך אין די פּאָליטעאיסטישע. און וואָס פּאַר אַ דערהויבענער הערליכער אמת! מען דאַרף אים נאָר באַנעמען, משיג זיין און פאַרשטיין, ווי אַזוי אים צוצופּאַסן צום לעבן און טאַקע גרינדן אויף אים די ערציאונג און בויען אויף אים דאָס לעבן. אָבער, פאַרשטייט זיך — אָן פעלשונגען און אָן נאַרעריי. אַ קלאָרע, ציכטיגע אמונה אָן שום מיטאָלאָגיעס און אָן שום אומנאַטירליכקייט. דער געדאַנק פון אַ וועלטשעפּער איז אַזוי קלאָר, אַזוי באַשיינפּערלאַך... דער אמת שטעכט אַלעמען די אויגן... דער אומגליק איז, וואָס מען וויל אים ניט זעען. פון רעכטס קוקן זיי אויף אים מיט טונקעלע קרומע ברילן און זעען אים גאַנץ אַנדערש, ווי ער ווייזט אין אמתן אויס... און פון לינקס ווייסן זיי גאָר ניט, אַז מען דאַרף זיך אַרומקוקן. זיי ווייסן גאָרניט, אַז מען קען לעבן אַנדערש, ווי אין גשמיות. זיי האָבן ניט קיין אָנונג פון אַ נשמה-לעבן, פון אַ אָפּבייט מקודש לחול, פון הייליגקייט און וואָכעדיגקייט. דעריבער איז ביי אונז יידן באַשערט דעם מענטשן, וועלכער איז געבאָרן מיט אַ פילנדיגער נשמה, זיך אייביג צו קוועלן אין בענקעניש, צו גריבלען זיך און אייביג צו זוכן לעבנס-וועגן.

— פאַרוואָס נאָר ביי אונז יידן? איז דען ביי די גויים די זאַך בעסער?

— יאָ, ביי זיי איז די אמונה פיל נאַטירליכער, ווי ביי אונז! מע קען ניט לייקענען, דער אמת איז ביי זיי פיל מער פאַרשטעלט און פאַרפּלאָנטערט, ווי ביי אונז. אָבער די אמונה, באַזונדערס אין מערב אייראָפּע און אין אַמעריקע, איז פיל בעסער אַוועקגעשטעלט; דער יאוש קען ניט קומען אַזוי גיך ווי ביי אונז. מען קען זיך איינשלעפערן, באַרואיגן... יאָ, אויך ביי זיי דערהויבט ניט די אמונה דעם מענטשנס נשמה און פאַראיידלט זי גאָרנישט. פאַרקערט, דאָס בהמהשע לעבן, די חיהשע אינסטינקטן פאַראייניגן זיך ביי זיי מיט דער אמונה נאָך מער ווי ביי אונז, און שטערן זיי מאָראַליש זיך צו־אַנטוויקלען און צו פּראָגרעסירן. אָבער גנאָך אַלעם דעם איז ביי זיי די אמונה פיל שענער און נאַטירליכער אַוועק־געשטעלט ווי ביי אונז. דער הויפּט-אומגליק איז, וואָס ביי אונז גייט אַלץ ערגער און ערגער. מיר דאַכט, אַז אינגיכן וועט זי ביי אונז אינגאַנצן אויסגיין. און עס זיינען ניטאָ ביי אונז קיין מענטשן, וועלכע זיינען מסוגל זי אויפ־צוהויבן... עס פעלן אונז משהס, שמואלס און עזראס, און איך האָב מורא, אַז זיי וועלן ביי אונז שוין מער ניט זיין.

אין אמתן געזאָגט, איז מיר שווער זיך אַרויסצוזאָגן אין אַ מינדליכן שמועס וועגן דעם דאָזיגן ענין. איך רעכן נאָך ווען עס איז אַרויסצוזאָגן, וואָס איך פיל וועגן דעם, אויף מיין שטייגער, בילדעריש. עטוואָס האָב איך שוין מרמז געווען אויף די דאָזיגע געדאַנקען. איך קלייב זיך צוצוגרייטן דערצו. איך זוך אַ פּאַסנדיגן מאָדוס, ווי אַזוי דאָס אַרויסצוברענגען, אָבער שטאַרק און שאַרף און טיף. ביז אַהער אָבער האָב איך נאָך ניט געפונען קיין מאָמענט דערצו. איך בין אַלץ פאַרנומען און האָב קיין צייט ניט. און די איצטיגע צייט איז אויך אַזאַ מאוימדיגע און שטורמישע, אַז עס איז שווער זיך צו קאָנצענטרירן. מען מוז פיל מאָל שרייבן נישט דאָס, וואָס עס ווילט זיך, נאָר דאָס, וואָס מען דאַרף, וואָס עס פאָדערט זיך

ד. קאַפּלאַנאָוויטש.

# וועגן א. ווייטער.

אַ פּסיכאָלאָגישע רעטעניש: וועגן פאַרשטאָרבענעם א. ווייטער איז שווער צו ריידן און נאָך שווערער — צו שרייבן.

אין אונזער ליטעראַרישער משפּחה איז א. ווייטער געווען אַ קאָנטיגע פיגור און פילייכט דער גרעסטער „מעורב עם הבריות". זעלטן ווער פון די יינגערע ליטעראַטן ס'האָט זוכה געווען צו אַזאַ פריינדליכן קבלת־פּנים אין די קרייזן פון אונזערע שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן, ווי א. ווייטער. אַלע האָבן געקאָנט ווייטערן, פּערזענליך געקאָנט, און דאָך —

ווען ס'איז פּלוצלונג איבערגעריסן געוואָרן דער פאָדים פון זיין ערדישן לעבן — טראַגיש איבערגעריסן געוואָרן — און ס'איז, לויט אַלע טראַדיציעס און מנהגים, געקומען די צייט, ווען מען דאַרף עפּעס וועגן ווייטערן זאָגן, ווען מען מוז וועגן אים עפּעס זאָגן און אַפילו ווען מען וויל וועגן אים וואָס זאָגן — איז ביי קיינעם קיין ווערטער ניטאָ.

איינער ענטפערט: כ'בין געשטאַנען צו ווייט פון פאַרשטאָרבענעם, אַצווייטער ענטפערט: כ'בין געשטאַנען פון אים צו נאָענט.ביידע זיינען אויפריכטיג און ביידע שפּירן דערביי, אַז —

שווער וועגן ווייטערן צו שרייבן.

געבן אַ קלאָרן פּתרון אויף די דאָזיגע רעטעניש וואָלט געהייסן — שרייבן וועגן ווייטערן, און כ'בין זיך מודה: טאַקע ניט קיין לייכטע אויפגאַבע.

איך האַלט אָבער פאַר ניט איבעריג אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף איין קורצער פראַזע, וואָס כ'האָב אַמאָל געהערט פון ווייטערן:

— כ'האָב משונה הנאה, וואָס צווישן באַקאַנטע און פריינד פאַרגעסט מען דאָס רוב, אַז איך בין אַ שרייבער.

אַז ווייטער האָט דערפון קיין צער ניט געהאַט — איז קיין ספק ניט. ס'איז אָבער אויך ניט אָפּצולייקענען דעם עצם פאַקט גופא, און אפשר האָט דאָס טאַקע אַ ווערלכע ס'איז שייכות צו אונזער שטומקייט צום פאַרשטאָרבענעם חבר.

ניט נאָר אין די קרייזן פון סתם באַקאַנטע און סתם פריינד האָט מען דאָס רוב פאַרגעסן אָן ווייטער דעם שריפטשטעלער — אויך ליטעראַטן־

קאָלעגן זיינען אין דעם פּרט זינדיג געווען, הגם ווייטערן האָט דאָס דווקא הנאה געטאָן.

אין משך פון די זעכצן יאָר, וואָס כ׳האָב געקאָנט ווייטערן, איז מיר אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט אים ביי גאַנץ פאַרשיידענע אומשטענדן און אין ניט ווייניגער פאַרשיידענע געזעלשאַפטן: סיי אין פאַרוואָרפענעם דערפל פון ווייטן סיביר, סיי אין יידישע „סאַלאָנען״ פון רוישיגן פעטערבורג און סיי אין די ליטעראַרישע קרייזן פון דער היימישער ווילנע — אומעטום האָט ווייטער אימפּאָנירט, אומעטום איז ווייטער געשטאַנען אין מיטלפונקט און אומעטום איז ער געווען דער נויטיגסטער מענטש. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער דערביי, וואָס סתם מענטשן פון דער געזעלשאַפט האָט קיינמאָל ניט אינטערעסירט, ווער איז ווייטער, און ליטעראַטן האָבן זיך קיינמאָל ניט געפרעגט: וואָס איז ווייטער.

אַזאַ מזל האָט שוין געהאַט דער פאַרשטאָרבענער א. ווייטער — ער איז אומעטום און ביי אַלעמען געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט, אָבער קיינמאָל ניט אַלס קינסטלער און קיינמאָל ניט אַלס שאַפער פון דעם אָדער יענעם ווערק. ווייטער האָט אימפּאָנירט אַלס אַזעלכער און זיין פּערזאָן האָט אָפּגע־רוקט דעם שריפטשטעלער ווייט אין הינטערגרונט.

איך קאָן אַ סך פון ווייטערס נאָענטע באַקאַנטע און פריינד, צווישן זיי ניט ווייניג ליטעראַטן־קאָלעגן, וועלכע האָבן ווייטערן ממש פאַרגעטערט און זיין נאָמען קיינמאָל פון מויל ניט אַרויסגעלאָזן, און אָט דיזעלביגע פאַרערער האָבן קיינמאָל אַ שורה ניט איבערגעלייענט פון ווייטערס ווערק — זיי האָבן אַפילו גאָרניט געוואוסט, צי האָט ווייטער עפּעס אָנגעשריבן און געשאַפן.

אויך דאָס איז אַ שטיקל חידה — פונוואַנען שטאַמט דאָס אַזאַ מין באַציאונג צו איינעם פון די באַליבטסטע שריפטשטעלער מצד קאָלעגן און פריינד? אָבער די שולד פאַר דעם דאַרף מען זוכן אויסשליסליך אין ווייטערן גופא, וועלכער האָט אויפריכטיג און באַוואוסטזיניג אויסגעמידטן צו פאַרפירן אַ שמועס וועגן זיין ווערק און אים איז אַ סך ליבער געווען, ווען מ׳האָט זיך אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן אָט דעם וויכטיגסטן טייל פון זיין לעבן.

ווייטער איז אגב קיינמאָל אַליין ניט צופרידן געווען מיט די רעזול־טאַטן פון זיין ליטעראַרישער אַרבעט. אים האָט דער עיקר פאַרכאַפּט דער פּראָצעס פון שאַפן, די אידעע פון געפּלאַנטן ווערק, אָבער ניט דאָס ווערק גופא, וואָס האָט אין זיינע אויגן כסדר אויסגעזען ווי עפּעס פּרעמדס.

אַזוי טאַקע האָט ער זיך פאַר מיר אַמאָל אויסגעדריקט:

— בשעת איך נעם אין די הענט אַריין אַן אייגענעם חיבור, דוכט זיך מיר, אַז דאָס האָט געשריבן איינער, וואָס האָט אונטערגעהאָרכט מיינע מחשבות, און ניט גוט פאַרשטאַנען זיי...

ס׳זיינען אָבער פאַראַן באַווייזן, אַז ווייטער האָט נאָך געהאָפט ווען ס׳איז אָנצושרייבן אַזאַ ווערק, וואָס ער זאָל אויך לאחר־המעשה אָנערקענען אַלס זיינע אַ שאַפונג. אין מיין געגנוואַרט האָט ער אַמאָל נאַאיוו געפרעגט איינעם

אַ יידישן שריפטשטעלער, צי גלויבט ער, אַז צו פופציג יאָר איז נאָך אַ מענטש מסוגל אויף רוח־הקודש. אויב ניט — וועט ער בעסער גאָר ניט אָנהייבן...

בכלל איז א. וויטער געווען אַ מענטש פון ווייטע פלענער. אים האָט קיינמאָל ניט געקימערט, וואָס די פאַרווירקליכונג פון פלאַן איז אַ ענין פון עתיד־לבא, אַבי ער האָט געהאַט אין דעם אַ ביסל אמונה ביי דער התחלה, און דווקאָ אָט דער כלומרשט שוויינגנדיגער וויטער איז געווען אַ גרויסער „מאמין".

איך זאָג כלומרשט, מחמת בטבע איז וויטער אַזא לחלוטין ניט געווען. וויטער האָט געשוויגן נאָר אין דער מאָס, אויף וויפל דער אמתער פיקח איז בכלל ניט קיין „מרבה דברים". דאָס שווייגן איז אָבער ביי אים ניט געווען, ווי פיל מיינען, קיין סיסטעם און דאָס איז אַבסאָלוט ניט געווען קיין קיין פועל־יוצא פון אַ געוויסער אנטטוישונג.

נאָך אין יאָר 1904, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערזען אין דער סביבה פון פאָליטישע פאַרשיקטע אין אַ קליין דערפל פון צפון־סיביר — ער איז נאָך דאַמאָלסט וויטער ניט געווען, און האָט שוין פונדעסטוועגן אויך דאַן פאַרמאָגט אַלע נטיות און רגילותן פון די לעצטע יאָרן. אין דער סיבירער קאָלאָניע איז וויטער — דאַמאָלסט איסאַק סאַמוילאָוויטש — געווען איינער פון די לעבנסלוסטיגסטע און לעבנסדאָרשטיגסטע חברים. ער האָט ניט נאָר אַלץ גענומען פון לעבן — ער האָט פשוט אַלץ געריסן מיט ביידע הענט, כדי וואָס מער אַריינצוכאַפּן. וועגן אַנטטוישונגען האָט דאַן אַפילו קיין רייד ניט געקאָנט זיין, און דאָך איז אַלץ ביי אים שוין דאַמאָלסט אַרויסגעקומען שטיל, באַשיידן און אָן אַ סך ווערטער, מחמת — אַ פיקח איז וויטער געבאָרן געוואָרן.

אגב, איז אַנטטוישונג דאָס רוב אַ דירעקטער רעזולטאַט פון אַ געוויסער התרוממות, התפעלות און באַגייסטערונג — אַלץ אייגנשאַפטן ניט וויטערס. וויטער האָט געוואוסט פון אונטערנעמונגען, פון פלענער, פון פראָיעקטן — אַלץ שכלדיגע זאַכן. אַ פאַנטאַסטישער פראָיעקט, אָבער דאָך אַ פראָיעקט, און אַפילו דאָס וואַרפן זיך אין דער רעוואָלוציע איז אויך ביי אים אַרויסגעקומען על־פי שכל.

ניט אומזיסט זיינען די חברים אין דער סיבירער קאָלאָניע אָפט געבליבן אומצופרידן מיט איסאַק סאַמוילאָוויטשן. יענע האָבן ליב געהאַט דיסקוסיעס וועגן רעוואָלוציע און מליצה וועגן קאַמף, און דער חבר אַראָן — איינער פון וויטערס אומלעגאַלע נעמען — פלעגט כסדר שטיין פונדערווייטנס און פלעגט צום סוף קורץ אַ פרעג טאָן:

— נו, און וואָס איז מכוח אַ פלאַן? אָן דעם איז דאָך קיין פעולה ניט פון די רייד...

ניט קיין אַנטטוישונג און ניט קיין וועלט־שמערץ האָט וויטער געטראָגן אין די טיפענישן פון זיין נשמה. אויף זיין ברוסט האָבן געדריקט שטיינער פון אַ גאַנץ אַנדער מין. פון איין זייט דער אַלטער בית־מדרש, און פון דער צווייטער זייט — אַ סוד, ניט פאַר אים, נאָר פאַר אונז אַ סוד.

ס'וועט קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער ס'בלייבט דאָך אַ פאַקט, אַז ניט

קוקענדיג אויף זיין הויכן פלי, אויף זיין ברייטן פאַרנעם און אויף זיינע מאָדערנע השגות, איז ווייטער ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן געבליבן אַ גמרא־בחור מיטן באַהאַלטענעם, אָפט אומבאַוואוסטזיניגן פאַרלאַנג, אומצוקערן זיך אין שול אַריין. ניט דאָס רעליגעזע האָט אים געצויגן אַהין, ניט דאָס מיסטישע האָט אים גערופן צוריק צום עבר — פאַרקערט: דווקא דאָס פּראַקטישע, דווקא דאָס ממשותדיגע און פּלאַנמעסיגע, וואָס אים האָט זיך געדוכט, אַז ס'איז פאַראַן אין אַלטן בית־מדרש.

ווייטער פלעגט זיך, אמת, אָפט ערלויבן דעם פאַרגעניגן פון אַ חריפותדיג שטיקל „אַפּיקורסות״ אויפן חשבון פון זיינע אַמאָליגע גמרא־יאָרן. אָבער די הנאה פון דעם מין הלצות איז ביי אים קיין מאָל ניט געווען קיין גאַנצע, קיין עכטע און קיין פולע: ביי אים פלעגן זיך דערביי אַלע מאָל באַווייזן טיפע קנייטשן אויפן שטערן, און ער פלעגט מוזן אויפן קול מוסיף זיין:

— ס'איז אָבער דאַמאָלסט גוט געווען: דער פּלאַן איז געווען אַ פאַרטיגער...

ווייטער האָט בכלל קיין סך ניט פאַרלאַנגט — סיי פאַר זיך סיי פאַר אַנדערע. ער האָט נאָר געוואָלט שטיין מיט ביידע פיס אויף אַ פעסטן באָדן און ס'איז אים אַלץ איינס געווען, צי דער באָדן איז האָראָדאָק אָדער פּאַריז.

ס'איז אים אָבער אין משך פון זיין קורץ לעבן ניט געלונגען אָנצוטאַפּן אַ פעסטן גרונט. ער איז כסדר געבליבן הענגען אין דער לופטן, ווענדנדיג ד' אויגן אַמאָל אויף אַהין, אַמאָל אויף צוריק.

בעת איינער פון די פאַרשטעלונגען פון זיין „שטומן״ — טאַקע דאָ אין ווילנע פאַריגן ווינטער — האָט ער מיר אין דער טעאַטער־לאָזשע פלוצלונג אַ זאָג געטאָן:

— מיט אַ גוטן חבר וואָלט איך נאָך אַפילו היינט אַוועק צוריק אין האָראָדאָק...

אָבער אין דעמזעלבן אָוונט נאָך האָט ער שוין חרטה געהאַט, און גייענדיג פון טעאַטער האָט ער פאַרטראַכט געביסן די פינגער און געברומט:

— אַ פּאַרשימלטער עסק...

אַ סוד האָט ווייטער געטראָגן אין האַרצן — אַ פּערזענליכן, אַ ממשותדיגן, אַ ערדישן. קיין לעבעדיגער נפש האָט וועגן דעם ניט געוואוסט, מחמת...

— איך שעם מיך — פלעגט ער זאָגן: אַ גרויל, ווי איך שעם מיך.

דער דאָזיגער „סוד״ אָבער, וועלכער האָט אים אומאויפהערליך געקוועלט און געפּייניגט, האָט לויט אַ סך סימנים געהערט צו פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן.

אויף פאָריגן ווינטער איז דאָס געווען. נאָך לאַנגע שמועסן אויף פּלערליי טעמען, בתוכם אויך וועגן ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו „כדת משה וישראל״, איז ווייטער פלוצלונג אויפגעשפּרונגען פון שטול:

— איך בלייב דאָ היינט ביי אייך נעכטיגן! מיר וועלן פאַרלעשן דאָס פייער און אין דער פינסטער — אפשר וועל איך אייך היינט עפּעס דערציילן...

דערציילט האָט מיר ווייטער גאָרנישט — ס'איז געבליבן אַ סוד, וועלכן ער האָט אַוועקגעטראָגן מיט זיך אין פריצייטיגן קבר...

פעברואַר, 1920.

א. מארעווסקי.

# ווער איז דער שטומער?

(זכרונות און אויספירן).

.1

זכרונות, זכרונות..
זאַפטיגע טויען ווערן־אין וואָלקנס פאַרוואַנדלט און גייען צום הימל — אַרויף...
אָפּגעלעבטע בלעטער פאַרלירן זייער גרינקייט און פאַלן — געלע, מאַכטלאָזע — פון זייערע ביימער – אַראָפּ. די הייסע האָפענונגען פון יוגנט, די זיסע טרוימען אירע, די שטאָלצע פּלענער און דרייסטע כוונות ווערן אויסגעלאָשן, אָפּגעקילט און מיט געבונדענע פליגלען ליגן זיי, ווי מתים, מיט אַ שטילן, רואיגן שמייכל אויף די בלאַסע פּנימער, און זייער נאָמען איז שוין אַן אַנדערער –
זכרונות!...
זיי ציען זיך, זיי שוועבן און בינדן צונויף די פאַרגאַנגענע און קומענדיגע האָריזאָנטן... אין זייערע פילפאַרביגע רויכן פאַרשווינדן און מעלדן זיך ווידער, קומען און גייען אוועק פאַקטן און נעמען, וועלכע ווערן פון דאָס ניי געשאַצט און ענדגילטיג – אָפּגעשאַצט...
ווייטער שוועבט אין די זכרונות אַרום...
ווייטערס שטייפער ווילן איז — א, יס.
זיין מוח טראַכט קיין פּלענער נ״ט.
זיין האַרץ פּראָטעסטירט ניט מער.
זיינע שוויי גנדיגע ליפּן באַהאַלטן קיין סודות ניט —
ס'מוז ריידן זיין שטומקייט!
ס'מוזן קלינגען די אָפּגעריסענע טענער —
די זכרונות!...
זכרונות זיינען סוביעקטיוו און אַנדערש קענען זיי ניט זיין.
ווייטערן אָביעקטיוו באַשרייבן, ווייטערן טרעפן אַרום און אַרום — דאָס איז געווען אוממעגליך, אַפילו בעת מען האָט געקענט קוקן אין זיינע קלוגע, וואַרימע אויגן...
ווייטער איז פאַר יעדערן געווען אַזאַ, ווי יעדער האָט אים געדאַרפט האָבן...
און זכרונות וועגן אים קענען זיין פאַרשיידן, ווי... די רייד וועגן אמת.

וועגן ווייטערן קען אַלע טאָג דערציילט ווערן אַן אומגעריכט, פריש נייס
זיין גאַנצער פּאָרטרעט — איז ניטאָ:
ער ליגט אויף ווילנער בית-עולם און ווערים עסן אים...

אַ טעאַטער איז אין דער איבערגוואַלד פאַרשטומט-געוואָרענער סימפּאָניע פון ווייטערס לעבן דער הויפּטזעכליכער—אויב גאָר ניט דער איינציגן באַדייטנדיגער —ימאָטיוו.

טעאַטער... אָבער ניט דער, וועלכער איז דאָ, וועלכער לעבט און שיינט — ניין: דער טעאַטער, וועלכער דאַרף זיין, וועגן וועלכן ווייטער פלעגט ריידן, טרוימען, אַרום וועלכן ער האָט געאַרבעט, ווי און וואו ער האָט געקענט, אויף וועלכן ער האָט זיך ניט דערוואַרט און וועלכער איז אין די יידישע גאַסן — ניטאָ.

פאַר אונזערע אויגן זיינען אַנטפּלעקט צוויי ניט דויערהאַפטיגע מאָמענטן פון זיין לעבן, וועלכע שיינען אונז צו זיין פון די וויכטיגסטע, ווייל זיי זיינען פאַרבונדן מיט דעם, וואָס ווייטער האָט דעם יידישן טעאַטער געגעבן — מיט 8 יאָר צוריק — און מיט די פאָר שעה נחת, וואָס ער האָט פון טעאַטער באַקומען — מיט 8 חדשים צוריק...

* * *

אין סיפן האַרבסט 1911 יאָר איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין מינסק אויפן וועג פון ווייטן באַטום — אַהיים, קיין ווילנע.

די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, אַ טעמפּע... אין האַרצן איז געווען וויסט און קאַלט.

הינטער מיר איז געבליבן דער אָנהייב פון ווינטער-סעזאָן אין אַ פּראָ-ווינציעלן אָרימן נעבאַכדיגן טעאַטערל, פון וועלכן איך בין אַנטלאָפן...

עס האָבן זיך נאָך ניט אויסגעלופטערט די „געשמאַקע" איינדרוקן פון די וויזיטן צוליב „וואוינרעכט", די נאָך געשמאַקערע צוזאַמענשטויסן מיט די מדריכים פון „קונסט"...

דער וועג צוריק האָט מיר דערצו געוויזן די גוט באַקאַנטע סעפּטעמבערשע שטימונגען פון שוואַרצן ים, וועלכע האָבן זיך יענעם יאָר, ווי מען האָט געזאָגט אויפן שיף, אויסגעצייכנט —

צעשלאָגן קערפּערליך, דערשלאָגן גייסטיג, בין איך אַרומגעגאַנגען איבער מינסק און געוויקט דעם ווייטאָג פון האַרצן אין די טרערן פון די אָקטאָבערשע הימלען -- אויפן „צפון-מערב" פון רוסלאַנד...

די האָריזאָנטן זיינען געווען פאַרחושכטע... איינס האָט געעקבערט דאָס האַרץ — טעאַטער...

ניטאָ קיין טעאַטער!

מיט אַמאָל זאָגט מען מיר אָן, אַז אין מינסק איז געקומען „איסאַק ווייטער"...
איך האָב אים ניט געקענט, בלויז געהערט פון אים.

די ידיעה האָט אין מיין טעמפּער דערשלאָגענער שטימונג אַריינגעבראַכט

אַ טראָפּן לעבן: איך האָב זיך דערפּרייט צו זעען אַ פּרישן מענטשן, וואָס האָט אַ שייכות צו טעאַטער, און האָב אָנגעהויבן וואַרטן...

גאָר גיך האָבן מיר זיך באַקאַנט, און שוין פון די ערשטע באַגעגענישן האָט ער אָנגעהויבן „אַגיטירן" מיך וועגן „יידיש טעאַטער".

אַ וואַרימקייט פון באַגייסטערונג, אַ לעבעדיג האַרץ האָט זיך געפילט אין אַלץ, וואָס ווייטער האָט גערעדט.

נאָך די צוויי יאָר, וועלכע האָבן מיך אָפּגעטיילט פון דער שול אין פּעטערבורג, האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט הייסע רייד וועגן טעאַטער, נעזעען פאַר זיך אַ פּערזאָן, וואָס איז ניט פאַרשימלט פון קוליסן-שטויב, נאָר לעבט מיט די פריידן און ווייטאָגן פון טעאַטער...

ס'איז געוואָרן עפּעס ליכטיגער אַרום, וואַרימער אינעווייניג.

דער עצם ענין — יידיש טעאַטער — האָט געשיינט אַזאַ ווייס-ווייט שטייענדיגער פון אַלע מעגליכקייטן — סיי פּאָליטישע, סיי קינסטלערישע, סיי פּערזענליכע.

אָבער די נייע באַקאַנטשאַפט איז געווען פונם מזל אַזאַ ליבע, ווערטפולע מתנה אין יענער שעה פון פאַרצווייפלונג. נייע האָפענונגען האָבן אָנגעהויבן זיך וועקן אין האַרצן און באַלייכטן די מיט בלייערנע וואָלקנס פאַרצויגענע האָריזאָנטן. איסאַק ווייטער האָט געבראַכט אַ נייעם פּראָזשעקטאָר —

זיינע גלויבנספולע רייד, זיינע דייטליכע וואונטשן האָבן זיך צוזאַמען מיט אים אַליין צונויפגעגאָסן אין אַ פלאַם, וועלכער האָט געלייכט, געוואַרימט און גערופן...

.2

אין אַ טאָג צוויי—דריי נאָך אונזער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט ווייטער אָנגעזאָגט אַ וואוילע אומגעריכטע בשורה — ער האָט אָנגעשריבן אַ נייע דראַמע און ער וועט זי דורכלייענען אין אַ ענגן קרייז פון גוטע באַקאַנטע.

געווען איז עס, — ווי געזאָגט, אין מאָנאַט אָקטאָבער 1911 יאָר — ביי ה' ג—זען אין שטוב, וואו מיר האָבן זיך מיט ווייטערן באַקאַנט. אַרום 11 אין אָוונט איז ווייטער געקומען. מיר האָבן זיך — אַ מאַן 5—6 — אַוועקגעזעצט נאָך אָוונטברויט אַרום עסטיש און ווייטער האָט געלייענט.

נערוועאיש און צערודערט, — בכלל ניט קענענדיג האָרכן אין אַזוינע אומשטענדן — בין איך געזעסן און געטראַכט: „וואָס פאַר אַ משונהדיגע מאָנאָלאָגן!... גאָר אין אָנהייב. שוואַך!" נאָר אַז ווייטער האָט אָנגערופן אַ פּערסאָנאַזש אָן אַ נאָמען, האָב איך אָנגעהויבן זיך צוהערן מיט מער נייגעריקייט און יעדע מינוט אַלץ מער אַ געשפּאַנטער...

עס איז געגאַנגען דער דריטער אַקט, דער פערטער — ס'האָט זיך געענדיגט...

אַרום האָט מען גערעדט, וואָס עס פּאַסט צו דער שעה.

איך האָב זיך געשעמט צו קוקן דעם מחבר אין די אויגן, וואָרים איך האָב אין אָנהייב פאַרהערט, ווי די פּיעסע רופט זיך און געוואָלט אויסטראַכטן:

ווי „קען די" הייסן? בעת אַלע זיינען אַ זייגער צוויי אַוועק שלאָפן, און מיר זיינען געבליבן אַליין, האָב איך געבעטן ערלויבעניש אַ קוק טאָן די פּיעסע און איבערגעלייענט:

— „דעל שטומער" —

---

מיר האָבן אָנגעהויבן לייענען נאָכאַמאָל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס גייט לחלוטין ניט אַריין אין מיין אויפגאַבע צו פאַרנעמען זיך מיט דעם אינהאַלט פון דער פּיעסע און מיט איר אָפּשאַצונג, נאָר איך מוז זאָגן, אַז דאָס איבערלייענען אַ צווייטן מאָל האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן שטאַרקן רושם.

די פּיעסע האָט חסרונות — ריין טעכנישע... כ'וואָלט געזאָגט: אַ מין פּרימיטיוועז, כמעט נאַיווע, איינפאכקייט פילט זיך אין דעם מחברס האַנט. דער ערשטער מחותן, למשל, וואָס קומט אַריין אין ערשטן אַקט אָפּצורופן דעם פאָטער, און גייט אַוועק — דאָס איז אַזאַ מין בולט־אומגעלונגענער גאַנג, וואָס רופט ממש אַרויס אַ שמייכל.

און אַזוינע געננג זיינען פאַראַן אַ סך, הגם ניט אויף אַזוי ווייט בולט נאַאיווע, ווי דער דאָזיגער. די ניט פּינקטלעכקייט, די ניט געניטקייט פון דער פעדער ווייזט זיך אַרויס אין קליינע פּרטים. אַ טעכנישע אומזיכערקייט פילט זיך אין דיאַלאָג ערטערווייז, אין גאַנצע ראָלן, וועלכע שטייען לויט דעם מחברס כוונה אין צענטער, אין גאַנצע סצענעס...

און דאָך איז „דער שטומער" אַ ווערק, וואָס מאָג פאַרנעמען אַ באַזונדערן אָרט אין אונזער טעאַטער־ליטעראַטור.

מיין איך דערמיט ניט צו זאָגן: "На безрыбьѣ" —

חס וחלילה!... וועגן אַשן און הירשביינען פאַרגעס איך ניט...

אָבער דער שטומער האָט אַ גרויסן ווערט שוין דערמיט, וואָס ער איז אַזוי אויסגעהאַלטן אין די טענער פון אַ „סאַלאָן־פּיעסע".

נחום קאַפּליצער איז דאָך אַן אמת'ער פּראָסטער „חי־וקים", מחותן ר' לייב אַ קליינשטעטלשער ייד, וואָס האָט האָלט אַ שנאַפּס, אַ העצע — די טיפן פון האַראָדאָק זיינען בולט פאַרענדיגט, דאָס שטעטל לעבט, ווי ניט געניט דער מחבר איז, ווי מיר פילן ניט, אַז ער האָט נאָך „קיין עטיודן" ניט געשפּילט...

און ביי דער גאַנצער לעבעדיגקייט און בולטע פאַרבן וועט איר ניט געפינען קיין איין שטריך, וואָס זאָל שאָקירן מיט גראָס, מיט דער מינדסטער דאָזע וואולגאַרישקייט.

אַזאַ צוגיין צום שטעטל, אַריינדרינגען אין איר סביבה און בלייבן אַבּ־סאָליוט אויסגעהאַלטן — דאָס איז אַ גרויסע מעלה.

און די מעלה ווערט נאָך גרעסער דורכדעם, וואָס זי איז ניט פון קאָפּ,

ניט פון ווילן, נייערט פון גייסט, פונם מחברס שאַפערישע טיפקייטן.

מוח-קאָמבינאַציעס, אויסערליכע פאָרזיכטיגקייט, איינגעהאַלטנקייט און במילא קאַלטבלוטיגקייט איז פון ווייטערס "שוואַכע זייטן".

און אויב אַזוי, איז נאָך מער "גוט און וואויל" "דעם שטומן", פאַר דאָס, וואָס צווישן די אמתע מאַסיווע מעלות זיינע, די עכטע, די באַפייערטע — געפינט זיך די נאָבעלע האַלטונג, וועלכע איז געוועזן אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר ווייטערן אין לעבן און האָט אים געדאַרפט געבן זיין אייגענעם, נאָר אים אַליין געהע-רענדיגן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

דעם דאָזיגן אָרט ירשנט אינגאַנצן "דער שטומער": נאָבל, פיין, עלע-גאַנט, מיטן חן פון "גוטער ערציאונג".

פאַר אונזער טעאַטער איז דאָס גאָר און גאָר אַ סך. און פאַר דאָס אַליין וואָלט "דעם שטומן" שוין געקומט אַ שטאָט אין מזרח — אויפן אָלימפּ פון יידישן רעפּערטואַר.

ער פאַרמאָגט אָבער נאָך גרויסע מעלות.

דער קוואַל, פונוואַנען ווייטערס קינסטלערישע כוונה איז אַרויס, איז אַ פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם —

ווייטערן האָט זיך געוואָלט פונאַנדערוויקלען די באַציאונגען צווישן אַסיען, אַלכסנדרן און "דעם פריינד".

דאָס אָבער האָט זיך אים ניט איינגעגעבן נאָך אונזער מיינונג.

אַסיעס האַרץ און נשמה זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן.

אַלכסנדרן זעען מיר אויך ביז אַ געוויסן מאָמענט.

דער "פריינד" איז בלאָס און פּסיכאָלאָגיש טויט און די גאַנצע קאָליזיע צווישן זיי דרייען ניט באַוויזן —

בשעת ווען די דאָזיגע קאָליזיע, משמעות, איז געוועזן ווייטערס כוונה, אויף וויפל ער האָט זיך געשטעלט אַ פּסיכאָלאָגישע אויפגאַבע.

נאָר גאָר אומבאַמערקט קלייבט זיך דאָס ווערק פון אַ פּסיכאָלאָגישן שטעג אַריבער אויף אַ סימבאָלישן. און דאָס איז, לויט אונזער מיינונג, דער שליסל צו אַן אויסגעצייכנטן, בולטן, רייכן ספּעקטאַקל: צווישן סימבאָליק און פּסיכאָלאָגיע.

מער קאָלאָריט, מער פאַרבן, ווי ס'פּאָדערט און ערלויבט סימבאָליק.

ווייניג מעשים, ווייניג פאַקטן, ווייניג רייד פאַר פּסיכאָלאָגיע.—

און בסך-הכל — אַ שווערע, אָבער אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע:

אַ שווערע — פאַר דער רעזשיסור: שווער צו געפינען דעם נויטיגן טאָן, דעם רעכטן וועג... אַ דאַנקבאַרע — פאַר אַקטיאָרן, וואָרים די פּיעסע פאַרמאָגט ראָלן (אויב די רעזשיסור זאָל עס ניט צעשטערן).

אַלכסנדר איז אַ ראָל, ווי גאָט האָט געבאָטן... דאָ האָט זיך אַרויס-געוויזן אַ חוש און אַ טעמפּעראַמענט פון אַן אמתן, ברייטהאַרציגן דראַמאַטורג.

וואָס דער מחבר האָט פון ערשטן אויפטריט אָנגעהויבן מיטן גאַנצן

forte — דאָס איז אַ מין אַרויסרוף צו די „שאַבלאָנען" פון די אַלטע גוטע צייטן, און ס'איז, פאַרשטייט זיך, אַ גרויסער חסרון: עס שאַפט גרויסע, נוצלאָזע שוועריגקייטן דעם אַקטיאָר...

אָבער די ראָלע וואַקסט, אַנטוויקלט זיך און גייט אויס מיט אַן אויסגעצייכנט אויסגעהאַלטענעם בּינע־געפיל.

לויט מיין מיינונג, איז אַלכּסנדר איינע פון יענע אמתע ראָלן, וועלכע שלעכטע אַקטיאָרן זאָגן, אַז זיי „שפּילן זיך אַליין" (קין, קאַרל מאָר, האַמלעט, אוריאל), און אין וועלכע אַלטע אַקטיאָרן בלאָזן אַריין בלוט, מאַרך און האַרץ אַזוי, אַז די ראָלע איז ביי יעדן באַגאַבטן שפּילער — ניי און ערשט געבּאָרן...

אויסגעהאַלטן איז אויך אַסיע: זעער שיין אַוועקגעשטעלט, פייערדיג און האַר־יג אין ערשטן אַקט, שוואַכער אין די איבעריגע און זעער געפערליך אין לעצטן, וואו זי פאָדערט שוין גאָר אינגאַנצן דער שפּילערינס שוץ.

אַ פּראַכטפולע אויפגאַבע האָט דאָרטן אַן אַקטיאָר אין — „פּעטער"... דאָס איז אין דער פּיעסע אַ פולשטענדיג קונסטווערק, וואָס פאָדערט נאָר טעכנישע הילף פון דער רעזשיסור — פשוט: פון אַקטיאָר...

נאָר אַן אויפגאַבע „אַן אָנהייב און סוף" איז — „דער פריינד"...

דאָ ענדיגט זיך פּסיכאָלאָגיע און ס'שטייט אויף אַ גאַנץ אַנדער אויפגאַבע פאַרן שפּילער: מיר וועלן זיך צו איר נאָך אומקערן.

— — — — — — — — — —

נאָכן צווייטן דורכלייענען האָב איך ווייטערן אַרויסגעזאָגט כּמעט אַלץ, וואָס איך האָב געבראַכט פאַרן לעזערס אויפמערקזאַמקייט. מיין איינדרוק, ווי געזאָגט, איז געוועזן אַ שטאַרקער... די פּיעסע האָט זיך מיר באַוויזן פאַר אַ מין ניט פאַרענדיגטן שפּילקאַסטן מיט צאַרטע הילכעדיגע ניגונים, מיט אומבאַגרעניצט פיל איינגעהאַלטענע כּוחות, מיט אַ ליד, וואָס איז ניט פאַרענדיגט און דאָך — שיין.

איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף די פּיעסע שפּילן אין אַ „רעמל".

— ווי מיינט איר דאָס?

עס איז אַוועק אַ שמועס וועגן סטילן, וועגן פּרטים... וועגן כּללים — וועגן טעאַטער...

אַ זוניגער האַרבסטמאָרגן האָט זיך דורך די לאָדן געריסן אין חדר אַריין, בעת מיר האָבן זיך צוגעשפּאַרט אָפּרוען. אין יענער האַרבסט־נאַכט האָט זיך געדאַכט, אַז קיין ספיקות קענען ניט זיין.

אין יענער האַרבסט־נאַכט זיינען געבּאָרן געוואָרן אַזוינע הייסע האָפענונגען, — אַזוינע ליכטיגע ווייטענישן האָבן זיך באַוויזן פאַר די אויגן.

ווייטער האָט דאַמאָלסט גערעדט אַזוינס און אַזוי, ווי איך האָב אים מער קיין מאָל ניט געהערט ריידנדיג... עס קלינגט אין די אויערן נאָך איצט זיין קול, זיין אַקצענט, ווי ער לייענט דעם „פריינדס" לעצטן מאָנאָלאָג:

— בויען אַ ניי יידיש לעבן... אַ פּלאַץ אָפּראַמען פון דעם מיסט, וואָס

מיר האָבן אַלע אַזוי אָנגעשלעפּט... אָפּגעריסענע, צעשיידטע פון די טאַטעס, פון די זיידעס — בלאָנדזשען מיר.

יאָ, יאָ! אַ יידיש טעאַטער...

ער דאַרף זיין! ער מוז זיין!...

ווייטער איז ניט קיין חלום —

„דער שטומער" דאַרף אָנהייבן ריידן.

די ראַמפּע פון יידישן טעאַטער דאַרף באַלייכטן זיין פּנים — עס מוז ווערן אַ טעאַטער!... אָבער..

3.

אין עטליכע טעג אַרום זיינען מיר צוזאַמען געפאָרן אין ווילנע

אין ווילנע האָבן מיר געטראָפן יעקב בן־עמי, דעם יידישן שוישפּילער, וועלכער איז איצט אין אַמעריקע... וועגן „שטומען" פלעגט מען ביי מיר אָפּזיצן נעכט און דיספּוטירן... אַ טעאַטער! גוואַלד, וואָס טוט מען!!

שלשה אָבות: אַברהם (איך), יצחק (אי ס אַ ק—ווייטערס פּאָליטישער נאָמען) און יעקב (בן־עמי) — „שלשה אבות זיינען דאָ", — פלעגט מען זיך וויצלען, און ס׳קומט גאָר ניט אַרויס.

בן־עמי האָט אין „פילהאַרמאָניע" געשפּילט מיט ליבהאָבער און מיט זיינע תלמידים. ביי דעם עולם האָבן די פאָרשטעלונגען געהאַט אַ גוטן ערפאָלג, נאָר בן־עמי פלעגט אָכצען: — „אַ דרדקי־מלמד בין איך". איך האָב אַ קוק געטאָן אין ספּעקטאַקל און בין אויפגעשווידערט געוואָרן: פון גלות, פון אביונות אויף דער בינע, אין עולם — אַרום און אַרום.

אויף איינער פון אונזערע „זיצונגען" ביי מיר, עפּעס אַרום חנוכה, נאָך בן־עמיס אַ הייסן מאָנאָלאָג וועגן דעם, וואָס דער גובערנאַטאָר ליובימאָוו האָט פאַרווערט שפּילן יידיש, געדענק איך מיין טרויעריגן באַשלוס, געווענדט צו ווייטערן:

— ניין, פריינד — דאָס מאָל איז פאַרשפּילט. ביי די פּאָליטישע באַדינגונגען וועט אַייער יידיש ניט אויפבליען... אפשר ווען־עס־איז!

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער ווינטער (1911/1912) איז אַדורך... ביי אונז אין שטוב פלעגן אָן אַן אויפהער קלינגען די טענער פון פּראָטעסט, וואָס „מען קען ניט", „מען לאָזט ניט", „מען שטיצט ניט"...

בן־עמי האָט זיך אָנגעהויבן קלייבן אין לאָנדאָן, וואו ס׳האָט זיך געגרינדעט אַ נייער יידישער טעאַטער.

— אַהין, האָט ער געזאָגט, וועלן זיך אַריבערקלייבן די בעסערע מיטגלידער פון הירשביינס צעפאַלענער קאָמפּאַניע; דאָרטן, אויפן פרייען באָדן, אומגעשטערטערהייט וועט אַלץ גיין כשורה — קימט אויך! — האָט ער מיך גערופן. איך האָב געוועסט איינגעשטימט. עס איז שוין געווען דער קאָנטראַקט דערהאַלטן, אָבער נאָך ניט „באַשערט" געווען.—

נאָך ניי־יאָר איז בן־עמי אַוועקגעפאָרן אַליין. איך בין ווידער געווען אין מינסק און באַגלייט אים אויף בריסקער וואָקזאַל. און נאָך פסח האָב איך זיך געשיידט מיט ווייטערן.

אין אַ אַפּריל־אָוונט זיינען מיר געגאַנגען צוזאַמען און גערעדט וועגן די פּרטים פון זיין איבערגעבן זיך דער זשאַנדאַרמעריע...

— מען דאַרף זיך לעגאַליזירן, האָט ער געטענהט...

ביי אַ קרעמל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט – קויפן אַ בויגן פּאַפּיר אָנצושרייבן די מעלדונג, און ביי דעם דאָזיגן קרעמל אַרויף זאַרעטשיע, ניט ווייט פון קלעצקינס הויז — האָבן מיר זיך געזעגנט —

און צעשיידט זיך אויף גאַנצע 7 יאָר.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַווגוסט 1918 בין איך געקומען קיין ווילנע נאָך דריי יאָר עוואַ־קואַציע... פון באַן דעם ערשטן וויזיט איז אויסגעקומען מאַכן — אויפן בית־עולם— דאָ, וואו איצט ליגט ווייטער, דערביי — האָבן זיך אַריבערגעקליבן די, וועלכע איך האָב געלאָזן אין שטוב, וואו מען פלעגט טרוימען און ריידן וועגן טעאַטער...

איצטער איז די צייט! איצטער איז ווילנע געוואָרן אַ יידישער צענטער און קען בלייבן אַזאַ...

איצטער דאַרף און קען טעאַטער ווערן אַ פאַקט... איצטער דאַרפן רעאַלי־זירט ווערן די חלומות פון יענער נאַכט אין מינסק, פון יענע לאַנגע אָוונטן אין ווילנע ביי אונז אין שטוב...

איצט איז די צייט!

וואו נעמט מען בן־עמין? וואו נעמט מען ווייטערן? וואו איז ער? אין פּעטערבורג? אין מאָסקווע? וואָס האָט ער פון סיביר געבראַכט? אַ פעסטע אמונה? קאַלטע ספיקות? ווי קריגט מען אים? ווי הייבט מען אָן שפּילן יידיש טעאַטער?

ווי טרעט מען צו?

איז געקומען נחום ליפּאָווסקי, — ריידן און טרוימען איז איין זאַך, טאָן— אַן אַנדער זאַך! — נחום ליפּאָווסקי איז געקומען און האָט געזאָגט — ווי? — אָט אַזוי און אָט אַזוי!

.4

אין סעפּטעמבער מיט הירשביינס „לעצטן" האָבן מיר אָנגעהויבן און אין אַ וואָך 3 אַרום זיינען מיר צוגעטראָטן צו רעפּעטירן „דעם שטומן"...

איך האָב גענומען דעם „פריינד"...

ערשטנס, ווייל פאַר אַלכסנדרן — אַ מער אָדער ווייניג פּאַסנדיגער שפּילער איז געווען; צווייטנס, האָט זיך מיר געוואָלט פּרובן אויף דער בינע פאַר ער־פערן דאָס, וואָס איך האָב ווייטערן געזאָגט, בעת מיר האָבן וועגן דער פּיעסע גערעדט דעם ערשטן מאָל:

אַז דער פריינד איז אומבאַדינגט אַראָפּגענומען פון אַ לעבעדיגן מענטשן און אַלס ראָלע קען מען נאָר דאַמאָלסט ע פּ ע ס פון אים שאַפן, אויב מען וועט דעם פּראָטאָטיפּ קענען ווייזן.

איך האָב דאַמאָלסט אַריינגעקוקט ווייטערן אין די אויגן, און מיר האָבן זיך שטום באַדונגען, אַז מען דאַרף שפּילן א י ם אַ ל י י ן.

דאָס האָב איך זיך אָנגעמערקט, בעת איך בין צוגעטראָטן צו דער ראָלע: ו ו י י ט ע ר! וואָס מיר איז יאָ געלונגען, און ווי ווייט גאָר נישט געלונגען צו באַשאַפן פון מיין אויפגאַבע, ווייס איך בפּועל־ממש גאָר נישט.—

נאָר ווייטערן, ווי ווייט איך ווייס, האָט ק י י נ ע ר ניט דערקענט און, משמעות, די פּיעסע ניט פאַרשטאַנען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין נאָוועמבער איז ווייטער געקומען קיין ווילנע.

לכתחילה האָט זיך מיר אָפּגעדאַכט, אַז די אָווינטן און נעכט פון יענעם ווינטער זיינען ביי אים געבליבן מער ניט אין זכרון: אָדער ער האָט זיי דאַמאָלסט אַנדערש איבערגעלעבט, ווי איך, אָדער די צייט האָט עס אויסגע־לופטערט: ער איז געקומען אַ קאַלטער.

קאַלט אָבער איז ער געבליבן ביז דער ערשטער פאָרשטעלונג. מיר האָבן געשפּילט גאָרדינס „אמתע קראַפט". נאָכן צווייטן אַקט איז ער אַריינגעלאָפן צו מיר... זיין „אימהדיג, אימהדיג די פּיעסע"! — צוזאַמען מיט אַנדערע דיבורים זיינע און זיינע ברענענדיגע אויגן — האָבן באַוויזן, אַז ער איז מיט „טעאַטער־פיבער" קראַנק, און אַז ער איז ד ע ר, וועמען איך האָב מיט זיבן יאָר צוריק דערקענט און ליב באַקומען, ווער עס האָט די ערשטע קערנער פון יידיש טעאַטער פאַר־זייט אין מיין האַרצן, בעת אַ טויטע וויסטעניש האָט אין אים געהערשט.

„דעם שטומען" האָבן מיר אינגיכן איבערגעחזרט. דער ספּעקטאַקל איז דורך מיט אַלע אויסערליכע סימנים פון אמתן ערפאָלג. ווייטער איז געווען טיף גערירט. ער האָט צוטיילט די באַקומענע בלומען צווישן די אָנטיילנעמער פון ספּעקטאַקל און געזאָגט צו מיר מיט אַ טיפן געפיל:

— אַזוי ווי נאָכאַמאָל אָנגעשריבן די פּיעסע פאַר די 3 שעה!

וואָס אים איז אין ספּעקטאַקל באמת געווען געפעלן, וואָס — ניט, דאָס, פאַרשטייט זיך, ווייס איך ניט.

אַז די פּיעסע איז טעכניש שווער פאַר דער רעזשיסור האָט ער, משמעות, געוואוסט. די פּרטים, מיט וועלכע די רעזשי האָט באַלויכטן די ראָלן, זיינען אים געווען געפעלן.

מיר האָט זייער אינטערעסירט — וואָס פאַר אַן איינדרוק ס'האָט אויף אים געמאַכט מיין „פריינד".

פרעגן דירעקט האָב איך זיך ניט געקענט באַשליסן.

נאָך אַ סך מאָל אַרומריידן דעם ספּעקטאַקל האָט מיר װייטער געשטעלט אַ פראַגע:

— פאַרװאָס שפּילט איר אים מיט אַ מין ניט־יידישן אַקצענט?

װי דער פריינד גייט, האַלט זיך, האָרכט, רעאַגירט — איז אים געפעלן האָט ער געזאָגט —

נאָר פאַרװאָס „רעדט ער עפּעס, װי אַ גוי רעדט יידיש"...

איך האָב געענטפערט מיט אַ קשיא:

— װער איז דער שטומער?

— דער שטומער איז אַלכּסנדר? דער שטומער איז דער פעטער? ניין: דער שטומער איז דער גאַנצער ציבור פון יענע „האָראָדאָקער" יידן, װאָס זיינען ניט פאַרנומען מיט רכילות און מסחר און זוכן אַן אויסװעג פון לעבן און שטאַרבן, ליבן און האַסן, זיצן און ריידן, בויען און שטערן — „סתם אזוי", „אָן קיין שום ציל" — „דער שטומער" איז דאָס, װאָס „מיר האָבן אונזער פּשוט יידיש פאַרגעסן"*), דאָס, װאָס מיר האָבן זיך אָפּגעריסן פון אונזער היים און האָבן ניט װאוהין צו קומען.

און דאָס אַלץ איז פאַרקערפּערט ניט אין אַלע אַנדערע פּערסאָנאַזשן — אַזוי װי אין „פריינד"... דער פריינד איז דער „העלד" פון דער פּיעסע, דער צענטער אירער.

עס איז אַ סטיליזירטער כאַראַקטער פון היימלאָזן, דאַכלאָזן יידישן אינטעליגענט, װאָס זיין לשון האָט זיך פאַרמישט אין „פּילפּאַרביגן בוים" פון פרעמדע שבעים לשונות און װעלכער איז אַ פרעמדער און ניט קיין געװאוינטשעגער אין זיין „האָראָדאָק", אין זיין שטעטל, צװישן די, װאָס ער ליבט און שעצט.

„דער שטומער" — דאָס איז יעדערער פון אונזער דור, װאָס איז פרעמד דער סביבה אונזערער מיט זייגע געשמאַקן, פאָדערונגען, האָפענונגען, כּװנות.

„בערלין... שאַרלאָטנבורג" — אַ חאָוילע צייט געװען „דאַמאָלסט".

האָראָדאָק אָבער, דאָס איז — דער לעצטער אַקט — דער בית־מדרש מיט זייגע אינטעליגענטן:

„ — איר געדענקט אפשר דעם סלאָנימער?

„ — אװדאי.

„ — כּסדר אויף די פיס, אויף איין אָרט און אויפן קול.

„ אָט דאָס איז געװען געלערנט.

„ עס איז נאָך איצט אויך קענטיג, װאו ער איז געשטאַנען.

---

*) מכּוח דער פראַזע האָט װײַטער מיר געזאָגט נאָך דער פאָרשטעלונג, אַז דאָס איז אַ דרוקפעלער. ער האָט אָנגעשריבן יידיש „לעבן", אָבער איך האָב עס ניט אויסגעבעסערט. מיטן „פעלער" איז דער אינהאַלט פון דער פראַזע טיפער, און ניט דעם „פריינד" דעם באַזים צו שאַפן די נעהערינגע מאַניערע אין ריידן יידיש. א. אז. ח.

„ מען פאַרשיט, מען פאַרטרעט. נאָר איך קער אויס אַלע טאָג, און די
„ביידע פיס זיינען נאָך גאָר גוט קענטיג.
„ — אַנטשוויגן געוואָרן האָראָדאָקער בית־מדרש".

אָבער אהין איז געקומען און דאָרטן איז אַנטשוויגן געוואָרן אויך אונזער דור —

דאָס איז די טיפּע סימבאָליק פון דער פּיעסע און איר הויפּטהעלט איז ד״ר „פריינד" — דער זינדיגער, אַסימילירטער, דאַכלאָזער, ניט בויענדיגער אינזשע־ניער, וואָס האָט זיך פון אַלעמען און פון אַלץ אָפּגעריסן.

דער „פריינד" — דאָס איז די גאַנצע פּיעסע און וואָס צו שפּילן גיט דער דער טעקסט ניט. די צאָל ווערטער איז ניט וויכטיג. „דער פעטער" רעדט 10 ווערטער און דאָס איז „אַ ראָלע". מחותן ר׳ לייב רעדט אויך ניט קיין גוזמאות, אָבער ער איז בולט!...

דאָ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט ווייטערס אייגנאַרטיגע קאַרגקייט אין ווערטער על־פּי טבע.

אַלכּסנדר — דאָס זיינען, משמעות, ווייטערס ניט אָנגעשריבענע בריוו: ריידן אַזויפיל האָט ווייטער ניט געפּלעגט. און ער האָט מיט אינטואיציע פון אַן אמתן טאַלענט באַשאַפן פּערסאָנאַזשן נאָך זיין עבנבילד.

אָבער זיך אַליין, פאַרשטייט זיך, האָט ער באַשאַפן ניט געקענט.

איז „דער פריינד" די אומדאַנקבאַרסטע אויפגאַבע: ער איז דאָס האַרץ פונם ווערק, און ווי אים אַרויסצווייזן איז ניטאָ. מוז מען אויסטראַכטן!

אַגב־אורחא, האָט ווייטער פאַר סיביר געהאַט די מאַניערע לייכט צו גראַ־סירן דעם „ריש" און זיין יידיש האָט געקלונגען „ווי ביי אַ גוי"... עס שיינט צו זיין אַ ביסל אומגעריכט, אָבער איצטער, נאָך סיביר, האָט ער גערעדט יידיש „יידישליכער", ווי אַמאָל — דאָס איז מיין פּעסטע איבערצייגונג...

איך ווייס ניט, ווי ווייט מיין ערקלערונג האָט אים באַפרידיגט, אָדער ניט.—
איך בין ביי מיין איבערצייגונג געבליבן.

## 5

מיר האָבן צוזאַמען באַגעגנט דעם נייעם, 1919־טן יאָר.

איך האָב געטרונקען פאַר דעם, אַז זיין „וואָך" (ס׳האָט געזאָלט אַרויס־יין דער ערשטער נומער) זאָל ווערן אַ „יאָר", — ס׳הייסט, האָט ער זיך געוויצלט, עס זאָל אַרויסגיין איין מאָל אין יאָר? נאָר דאָס איז איבערהויפּט ניט קיין וויכ־טיגער ענין — האָט ער צוגעגעבן און האָט מיטן כּוס אין האַנט געהאַלטן אַ קורצע, אָבער אַ גלענצנדיגע רעדע וועגן „דיין זאַך — וועגן טעאַטער".

דאָרטן האָבן מיר אויסגעטרונקען אויף „דו" און... אָנגעהויבן זיך טרעפן געלטענער און זעלטענער...

וועגן טעאַטער און טעאָרעטישע סיכסוכים פלעגן מיר זיך ניט קענען

צוזאַמענריידן. איך האָב געטענהט: „אמונה״, ער — „קולטור״; איך האָב געשריען „פערזענליכקייט״, ער — „אַנסאַמבל״.

אָבער אַזוי ווי איך ווייס, פאַרוואָס ער האָט אין מיינע „פּרינציפּן״ זיך גאָר אומזיסט געשראָקן, בין איך געווען בטוח, אַז אין פּראַקטישער אַרבעט וואָלטן מיר געווען גליקליך איינער מיטן צווייטן, וואָרים ביי אַלע מענטשליכע זינד האָט ער דאָס יידישע טעאַטער ליב געהאַט, ווי אַ טייערן צאַרטן בן־יחיד... און אים איז אויך געווען הייליג און טייער דער, וועמען מיר דאַרפן אין יידישן טעאַטער האָבן — דער טאַלענטפולער יידישער אַקטיאָר

* * *

און בעת „רוסלאַנדס צווייגן״, ווי מיר האָבן געשמועסט אויפן וויאָקזאַל אין סמאָרגאָן, האָבן אָנגעהויבן זיך פונאַנדערלאָזן, איז ווייטער געפאַלן איינער פון די קרבנות פון מוראדיגן אומגעוויטער.

אונזער יידיש האָט אַצונד אַ מעגליכקייט צו אַנטוויקלען זיך. די לאַסט פון דער אַמאָליגער פּויסט דריקט עס ניט מער.

מיר זיינען אָבער, אַזוי ווי מחותּן ר׳ לייב און נחום קאַפּליצער, פּאַרנומען מיט רכילות און מסחר... אונזער גאַנצער לעבן איז אַוועק אין פּאָליטיק, און דאָס, וואָס מיר רופן אָן — געזעלשאַפטליכקייט. ווייטער איז געווען אַ יחיד אין אונזער שטעטל, אַזוי ווי זיין „פריינד״ אין האָראָדאָק.

זיינע זיסע חלומות וועגן טעאַטער זיינען ניט פאַרווירקליכט געוואָרן. דאָס, וואָס ער האָט זוכה געווען צו זעען, האָט אים באַפרידיגן ניט געקענט: ער האָט געוואוסט, וואָס גוט איז. אַ קריטישן כּוח האָט ער געהאַט אַ גרויסן — אפשר, אַ צו שאַרפן...

און אַזוי ווי „דער שטומער״ צווישן פּלוידערנדיגע, גייט נאָך דער חלום וועגן קונסט און קולטור אַרום איבער „האָראָדאָקער״ מערקל און וואַנדערט אַריין אין אַלטן בית־מדרש — לאָזט מיר ברידער שווייגן!

ניטאָ מיט וועמען, ניטאָ ווי זיך אויפצוריידן.

* * *

אַז אַ מנין איז געגאַנגען נאָך ווייטערס אָרון, איבער די אָנגעשראָקענע האַלב־טויטע גאַסן פון ווילנע אין די טעג פון סוף אַפּריל 1919, און מען פלעגט אויף דער פראַגע: „וועמעס לוויה?״ ענטפערן — „ווייטערס!״ האָט מען ניט איין מאָל דערהערט:

— ווער איז ער געווען?

די גאַס אונזערע קען ניט אירע „פריינד״, און, משמעות, אַז זי דאַרף זיי ניט האָבן... און ווייטערס הייסער וואונטש וועגן אַ אמתן אויפריכטיגן יידישן טעאַטער איז געבליבן פאַרשאָטן צוזאַמען מיט אים אין גרוב... און די זכרונות, וואָס שוועבן אַרום זיין נאָמען און אַרום אַלע פאַקטן פון זיין לעבן און טויט — ד

זכרונות רופן אַרייס אַ פּראַגע, װאָס די שטומקייט פון זיין קבר דאַרף װענדן צו אַלעמען. װער עס װיל און דאַרף אַ „ניי יידיש לעבן האָבן" און „דעם מיסט אָפּרוימען" פון זיך:

מיר דאַרפן קונסט און קולטור?

אָדער קינסטלער אין אונזער גאַס זיינען, װי דער „פריינד" צװישן האָראָדאָקע מחותנים —

— ניט קיין געבעטענע

און אויף אַלעמאָל:

— שטומע?

יולי 1919 װילנע.



ה. ד. נאָמבערג.

# א. ווייטער.

ווען איך האָב אים געזען מיט אַ יאָר 12 צוריק אין ווילנע, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ בעל־תשובה. מיר האָט זיך טיילמאָל געדאַכט, אַז אָט וועט ער פאַרבויגן זיין שיין־געבויטן הערליכן קאָפּ און וועט זיך נעמען שלאָגן אין האַרצן „אָשמנו״.

און ווען איך האָב דערזען אויף דער סצענע „דעם שטומן״, האָט עס מיר אויסגעזען, אַז אָט איז דאָס טאַקע געשען אַזוי.

אַ געבראָכנקייט, אַ שולדיגקייט, אַ געפיל פון חרטה הענגט אין דער לופטן אַלע שלאָגן זיך „על חטא״.

— אויף וועלכע זינד?

די פאַבולע דערציילט אונז די מעשה. אַ בחור איז אַוועק פון דער היים, פון דער יידישער סביבה, ער איז געבליבן הענגען אין דער לופט, אָן באָדן אונטער די פיס... ניין, ניט דאָס איז די טראַגעדיע. די טראַגעדיע איז געווען ווייטערס גורל. איך האָב אים געזען ווי לעבעדיג פאַר מיינע אויגן.

ער האָט אונטער זיך געהאַט אַ לעבן פון אַ יונגן רעוואָלוציאָנער, אַ לעבן, וואָס איז פול מיט סכנות, פול מיט אָפּזאָגן זיך, און עס ווערט באַלוינט נאָר מיט טורמע און מיט סיביר. ער האָט זיך אָנגעליטן, ווי אַלע זיינסגלייכן, און דאָך איז ער אַרומגעגאַנגען ווי בעל־תשובה. זיין טאָן איז געווען אַזאַ שטילער־אַזאַ ניט־זיכערער: עס קומט דעם מזל ביי אים אַ רעשט.

ער האָט אין זיך געטראָגן די גייסטיגע קראַנקהייט, וואָס איז אַזוי טיפּיש פאַר דעם רוסישן, און אויך פאַר דעם יידישן אינטעליגענט פון יענער צייט — די אינערליכע געבראָכנקייט. אַנדערע פון זיין שניט זיינען פאַרזונקען געוואָר איבער די אויערן אין דער אומלעגאַלער אַרבעט, האָבן זיך אין איר פאַרגעסן האָבן געלעבט און געאָטעמט אין דער קעלער־אַטמאָספערע, און האָבן קיין צייט קיין לוסט און קיין זין ניט געהאַט פאַר נשמה־גריבלענישן.

ווייטער האָט געהאַט אַ פּערזענליך לעבן. אָט דאָ הייבט זיך אָן דער קאָנפליקט. ער איז לויט זיינע פּערזענליכע מעלות געבאָרן געוואָרן פאַר אַ סאַלאָן ער האָט פאַרמאָגט אַ לייבן־קאָפּ, אַ פעסטן און איידעלן אָרגאַניזם, אַ פאָרנעמקייט אין זיינע מאַנירן — אַ געבאָרענער העלד פאַר אַ ראָמאַן. געלעבט האָט ער אָבער אין די פאַרשטיקטע ווינקעלאַך פון בונדיסטישע קרייזלאַך, וואו, צוזאַמען מיט אידעאַליזם און מסירות־נפש, איז דאָך פאַראַן אַ גאַנצע וועלט פון קליינע טאָג־

---

„מאָמענט״, נומ׳ 158

טעגליכע איבערלעבענישן און באַציאונגען, און אַט די לעצטע געהערן גראַד ניט צו דער געהויבנקייט פון לעבן.

און ענג אָפּגעזונדערט קרייזל מוז ברענגען ענגע, שמאָלע באַציאונגען. מענטשן קענען זיך צו גוט איינער דעם צווייטן, קענען זיך ביז צו איבער-דרייסיגקייט, ביז צום דערעסן. על-פּי רוב ליידט מען זיך ניט, אָדער גאָר מען פּאַראַכט זיך קעגנזייטיג. דער מענטש ווערט זויער און גאַליג, ווען ער פּאַרקערט טאָג-טעגליך מיט דיזעלבע פּערזאָנען און רעדט אָן אויפהער וועגן דעמזעלבן. די אַטמאָספערע פון אומלעגאַלקייט האָט אַ באַזונדערן ריח און ער הערט זיך פון אַלע פּערזאָנען, וואָס זיינען אין איר אויסגעהאָדעוועט געוואָרן.

ווייטער האָט געהאַט צופיל געפיל פאַר זיין פּערזענליך לעבן, און פון דאַנען נעמט זיך דער אינערליכער קאָנפליקט, די אומצופרידנקייט, דאָס זוכעניש די הרהורי-תשובה.

געהייסן האָט עס אינדיווידואַליזם, דער וועג צו זיך אַליין, די בענקשאַפט נאָך דעם שיינעם, אָדער ווי מען רופט עס אָן. עס איז ניט וויכטיג, ווי דאָס הייסט און ווי אַזוי דאָס גיסט זיך אויס אין דעם באַוואוסטזיין. די פּאַקטישע זייט איז דאָס דערמאָנטע: די ענגקייט און קליינקייט פון דעם פּערזענליכן לעבן אין קעלער.

איך געדענק, איך האָב מיט ווייטערן געשמועסט וועגן די געשרייען, וואָס האָבן זיך דאַמאָלסט געהערט פון אַלע זייטן: פאַרוואָס מאָלן ניט די יידישע קינסטלער דעם נייעם דור, דעם קעמפער, דעם שטורימער? פאַרוואָס שטעקן זיי אַלץ אין דער אַלטער אָפּגעלעבטער וועלט? איך האָב ווייטערן געזאָגט, אַז די דאָזיגע מאָנער לעבן אין אַ גרויסן טעות. זיי מיינען, אַז ווען דער קינסטלער זאָל זיך צורירן צו דעם לעבן, וועלן רויזן בליען אין זיין גאָרטן, ער וועט האָבן העלדן, גרויסע מעשים, שטאַרקע כאַראַקטערן, דראַמאַטישע מאָמענטן. דאָס איז ניט ריכטיג, ווייל דער קינסטלער קאָן דאָך ניט אָנהייבן פון דעם מאָמענט, ווען דער רעוואָלוציאָנער וואַרפט די באָמבע, אָדער האַלט אַ באַגייסטערטע רעדע. ער מוז אָנהייבן פון דעם פּערזענליכן, קליינעם, טאָג-טעגליכן און געוויינליכן, אויב ער וויל באמת מאָלן, ניט פּאַטעטיש דעקלאַמירן. ער מוז אָנהייבן פון אַ פּאַר-ליבעניש, צי פון אַ מאָלצייט, וואָס באַשטייט פון הערינג, רעטאַך און ברויט אפשר גאָר פון אַ ביסל רכילות, וואָס מען רעדט אויף אַ ניט-אָנוועזנדיגן חבר קורץ: ער וועט קיין העלדן אַלץ ניט האָבן, דער קינסטלער, וואָס וועט נעמען באַשרייבן די קעלער-אַטמאָספערע, און וועט אַליין ניט האָבן קיין נחת. העכסטנס קאָן מען באַשאַפן עפּעס שיינס אין זין פון קאָנטראַסט: צווישן די גרויסע צילן און שווערע מאָראַלישע מעשים און דעם שמאָלן ענגן פאָן פון לעבן.

ווייטער האָט זיך אַזוי אָנגעכאַפּט פאַר דעם אַרויסגעזאָגטן געדאַנק, אַז ער איז געוואָרן אינגאַנצן אויפגעקאָכט. אָט אַזאַ ראָמאַן צו שרייבן, אָט וואָס!

איך האָב אים אין יענעם מאָמענט דערקענט.

ער האָט אין זיין ווערקל „פּאַרטאָג" (שטאַרק באַאיינפלוסט פון וויספיאַנסקי'ס

„חתונה״) געפונען אַ אויסדרוק, און זעער אַ פיינעם, פאַר די פערזענליכע איבער־לעבענישן פון אַ העלדין פון קעלער. איך מיין, דאָס איז דאָס שענסטע, וואָס ווייטער האָט געשריבן. דאָס מיידל פון „פאַרטאָג״ פילאָסאָפירט ווייניג, נאָר לעבט און פילט; די ענגקייט פון לעבן האָט זיך אויף איר נישט געלייגט — אַ צעבליטע רויז אין קעלער.

דאָס איז די איינציגע געשטאַלט פון דעם מין אין דער יודישער ליטע־ראַטור, און אַ געשטאַלט אַ רייצנדיגע, פול לעבן און פּאָעזיע.

אָבער דער בעל־תשובה איז צו פאַרטיפט אין זיין אייגענעם איך, אַז ער זאָל קאָנען זעען די וועלט. ווייטער נעמט ריידן מיט זיך אַליין. „דער שטומער״ איז אַ מוסטער פון אַליין־אַנאַליז, וואָס פירט צו נירוואַנאַ, אָדער אין בית־מדרש אַריין אין געשטאַלט פון אַ אייביגן שווייגער.

נאָכגייענדיג זיך טריט ביי טריט, כאַפנדיג זיך אַליין שטענדיג פאַר דער האַנט, אַזוי ווי אַ גנב, באַפאַלט אים אַ פינסטערע אומצופרידנקייט. אַלע מעשים זיינען נישטיג, נישט ערליך, יעדעס אַרויסגעזאָגטע וואָרט איז אַ ליגן, אַ מיאוס־קייט, אַ נישט־ערליכקייט. „נישט דאָס, נישט דאָס״—זאָגט דער רוסישער אינטעליגענט.

אָט דער דאָזיגער אויסגעשריי „נישט דאָס!״ הערט זיך פון יעדער שורה אין „שטומען״. עס איז אַ דאָקומענט פון אַ מענטשליכער איבערלעבונג, אַ מצבה פאַר אַ פערזענליכקייט.

און דאָס שטיק, אויב איר ווילט, איז אויך „נים דאָס״, ניט די ריכטיגע פאָרם פאַר דעם אינהאַלט. אָנשטאָט דעם פערזענליכן מאָמענט ווערט אַרויסגע־רוקט דער נאַציאָנאַלער. דער העלד קאָן זיך ניט אויסלעבן. דאָס איז דער פאַקט. דער ריכטינער; דער פירוש, וואָס ווערט דערצו געגעבן אין „שטומען״, שמעקט מיט ליטעראַטור. די שטימונג אָבער איז ריכטיג איבערגעגעבן, און אָט די שטי־מונג, וואָס איז סוף־כל־סוף אַזוי נאָענט דעם יידישן אינטעליגענט פון דור, וואָס געהער שוין הצלב צו דער פאַרגאַנגענהייט, פאַרכאַפּט דעם צושויער, טראָץ דעם, וואָס די פּאַבּולע אַליין קלינגט אַזוי פרעמד, אַזוי צוגעטראַכט.

אַן אָפּקלאַנג, אַ ווייט עכאָ פון ווירקליכע ליידן הערט זיך אין „שטומען״; עס וויקלט ניט פונאַנדער אַ שטיק לעבן און חייזט קיין ניט מהות. אָבער דער אָפּקלאַנג אַליין פאַרכאַפּט אייך, רייצט און מאָנט, ווי אַלץ, וואָס איז ניט דערזאָגט.



**ד״ר מיכאל ווייכערט.**

# ווייטער דער דראַמאַטיקער *).

## I.

אין דער נידער פון דעם יידישן פאָלקס=לעבן איז דאָס יידישע **טעאַטער** געבוירן געוואָרן. אין וואַרשטאַט און אין גאַס, אין קעלער און אין שענק האָט זיך געפורימט דאָס פאָלקסטימליכע לידל, דאָס קערענדל פון דער שפּעטערדיגער טעאַטער=פּיעסע. דאָס „אַחשורוש=שפּיל” און דאָס „יוסף=שפּיל” האָבן אַרום זיך פאַרשפּרייט דעם גראָבן פאָלקס=וויץ און יענעם פעטן ניבול=פה, מיט וועלכן דאָס יידישע טעאַטער, דאָס נעכטיגע און דאָס הייַנטיגע, איז דורכגעזאַפּט.

אין די אינטעליגענטישע חדרימלאַך, מיט אַייזערנע בעטלאַך, הינקענדיגע טישלאַך און צעבראָכענע בענקלאַך האָבען געשפּראָצט די ערשטע **דראַמאַטישע** בלומעלאַך; אין דומפּיגער, מיט פּאַפּיראָסן=רויך איבערפולטער לופט, ביי פאַרהאַקטע פענסטער זייגען ווילד אויפגעשאָסן צאַרטע בלומען מיט אַ אומבאַשטימטער פאַרב, אויף לאַנגע, דינינקע שטענגלאַך, וואָס דער ערשטער פרישער לופט=צוג האָט זיי געקניקט און געבראָכן. אין דער איבערהיצטער אַטמאָספערע פון ליידנשאַפטליכע פּאָליטישע וויכוחים און ווילדע פּאַרטייאישע רייסענישן האָבן זיך געצאַפּלט דאַרע געשפּענסטישע שאָטנס, אָן פלייש און בלוט, אָן לייב און לעבן.

דער יידישער באַוועגליכער גייסט, וואָס האָט וועלטן פון געדאַנקען אויסגעמאָסטן, אידעען און פּראָבלעמען געשאַפען און פאַרוואָרפן, האָט זיך שווער געראַנגלט מיט דער דראַמאַטישער פאָרם און פון דער יידישער טרוקענער, אומפרוכפּערדיגער פאַנטאַזיע גענומען אַרויסשמידן דראַמאַטיש לעבן, טראַגישע געשטאַלטן.

דאָס יידישע טעאַטער און די יידישע דראַמע — צוויי וועלטן! לויטער ערדישקייט איינע, לויטער גייסטיגקייט די צווייטע. און אַ וועג, וואָס זאָל פירן פון איינער צו דער אַנדערער, אַ בריק, וואָס זאָל פאַרבינדן איינע מיט דער אַנדערער — איז ניטאָ!

---

*) פון ווייטערס חערק זיינען מיר נאָר באַקאַנט: „פּאַרטאָנ״, „אין פייער״, „דער שטומער״. זיין לעצטן איינאַקטער האָב איך ניט געלייענט. צו דער דאָזיגער שטודיע האָב איך זיך געקאָנט באַנוצן נאָר מיט דער צווייטער פאַרבעסערטער אויפלאַגע פון „פּאַרטאָנ״ און „אין פייער״. „דעם שטומען״ האָב איך אין דער גרעסטער יידישער קהילה פון איראָפּע ניט געקאָנט באַקומען, הגם איך האָב מיך מיט אַלע מיטלען—אויך דורך צייטונגס-אַנאָנסן—באַמיט. דאָס פּובליציסטישע מאַטעריאַל וועגן ווייטערן איז מיר ניט געווען צוגענגליך.

דאָס איז די טראַגיק פון דעם יידישן דראַמאַטיקער, פון די יידישע דראַמאַטיקער, וואָס אָדער זיי פאַרלויפן זיך אין די ברודיגע געסלאַך פון וואָכעדיגער, וואָלוועלער טעאַטעראַליק אָדער זיי פאַרשווינדן הינטער די הויכע, שנייאיגע באַרגשפּיצן פון קאַלטער, אַבסטראַקטער, אָנגופּעדיגער פּראָבלעמאַטיק, וואו קיין מענטשליך אויג קאָן זיי ניט דערזעען.

און טרעפט זיך אַמאָל, אַז איינער פון זיי שטעלט זיך אָפּ אינמיטן וועג, באַזינט זיך, שטרעקט אויס די הענט צום אַנדערן ברעג, וואונדערסטו זיך, ווי אומבאַהאָלפן ער איז, ווי ווייניג לעבן אין זיינע געשטאַלטן, ווי ווייניג בלוט אין זייערע אָדערן, ווי שווער און דריקנדיג און אָטעמרויבנדיג די לופט אַרום זיי, צערודערט, דערשלאָגן, געפּייניגט גייסטו אַרויס פון דעם טעאַטער אָדער לייגסט אַוועק דאָס בוך פון האַנט און דו קומסט צום אויספיר, אַז די שענסטע כוחות, וואָס אונזער ב ע ס ט ע, ר יי נ ס ט ע גייסטער האָבן אָפּגעגעבן אויף דעם שווערן, מאַטערפולן קאַמף, האָבן ביז היינט קיין פּירות ניט געבראַכט, דעם דראַמאַטישן פונק ניט געוועקט.

II.

דער ליטעראַר=היסטאָריקער, וואָס טרעט צו צו דער אָפּשאַצונג פון אַ דיכטער אָדער אַ שרייבער פון אַ פאַרגאַנגענער תקופה, קאָן רואיג און געלאַסן באַטראַכטן זיינע שאַפונגען, גענוי אָפּשאַצן זיין דיכטערישן אויפטו, אָפּמעסטן זיין שטעלונג צו אַנדערע, פאַרגאַנגענע און קומענדיגע, און אים אָנווייזן זיין פּלאַץ אין דעם פּאַנטעאָן פון נאַציאָנאַלער שאַפונג.

אַנדערש, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ היינטיגן שריפטשטעלער, וועגן עמיצן, וואָס האָט ביז ניט לאַנג צווישן אונז געלעבט און געווירקט און איז פּלוצלונג פון אונזער מיטן אַרויסגעריסן געוואָרן. געוויינטליך ווערט אונז פעלן די נויטיגע דיסטאַנץ צו דעם אָביעקט פון אונזערע פאָרשונגען. די ליידנשאַפט און די פּאַרטייאישקייט—ניט נאָר די פּאָליטישע, אויך די ליטעראַרישע—פאַרנעפּלט אונזער בליק, פאַרקרימט די ליניעס פון אונזער באַטראַכטונג. דערפאַר אָבער ברענגט אונז דאָס מיט=לעבן אַנדערע רייכערע מעגליכקייטן, לאָזט אונז טיפער אַריינקוקן אין דעם שאַפונגס=פּראָצעס פון אַ דיכטער. וואָס אונזער בליק פאַרלירט אין אָביעקטיווקייט און רואיגקייט, געווינט ער אין פרישקייט, לעבעדיגקייט, אוממיטלבאַרקייט. אין פּערזענליכן פאַרקער מיט דעם שרייבער אַנטפּלעקן זיך אונז כאַראַקטעריסטישע שטריכן, וואָס וואַרפן על=פּי=רוב אויך אַן אינטערעסאַנט ליכט אויף זיין קינסטלערישער טעטיגקייט. לעבנדיג אין דער אייגענער פיזישער און גייסטיגער סביבה מיט אים, קענען מיר גענוי די אידעען און שטימונגען, וואָס האָבן אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער מאָס אַ השפעה אויף אים, באַפרוכפּערן זיין פאַנטאַזיע, באַפליגלען זיין געדאַנק, און דעריבער פאַרמאָגן ליטעראַרישע דאָקומענטן פון פריינד און מיטקעמפער—ווי דאָס „ווייטער=בוך“,—אַזאַ גרויסן ווערט פאַר דעם קומענדיגן פאָרשער.

מיר איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען זיך פּערזענליך מיט וויַיטערן צו באַ־געגענען און וועגן זיין לעבן וויים איך גאָר ווייניג. אין דער צייט, ווען וויַיטער האָט, אַלס סאָציאַליסטישער טוער, געלעבט אין גאַליציע, איז צווישן די אַרבעטער־קרייזן, אין וועלכע ער פלעגט זיך באַוועגן, און דער בירגערליכער אינטעליגענץ, צו וועלכער איך האָב זיך אַלס העכערער גימנאַזיסט גערעכנט, געשטאַנען אַ פעסטע מחיצה, אַ מחיצה, אויף וועלכער די גאַליציאַנער סטודענטישע און אַקאַ־דעמישע פּועלי־ציון האָבן דעמאָלט געגרייט דעם ערשטן שטורים. און אויך שפּעטער זיינען די אידעען פון דעם אינטעליגענטן־קרייז אין ירושלים־דליטא און יענע קליינע, עקסקלוזיווע קרייזלאַך אין אויסלאַנד, וואָס זיינען אונטער זיין השפּעה געשטאַנען, צו דעם מערב־אייראָפּעאישן אַקאַדעמיקער, וואָס האָט צו זיי מער מיט דער בענקשאַפט איידער מיט דער טאַט באַלאַנגט, נאָר אין וויַיטן עכאָ דערגאַנגען.

עס שטעקט בלי־ספק אַ היבש שטיקל גוזמא און אַ שפּאָר ביסל טיפּשות אין דעם שטרעבן, מיט וועלכן דער ליטעראַטור־פאָרשער פלייסט זיך אויסצופאָרשן אויך דאָס פּריוואַטע לעבן פון דעם קינסטלער, אַריינצודרינגען אין זיינע אינ־טימסטע ווינקעלאַך, אונטערצוכאַפּן דאָס מינדסטע געשעעניש און עס אויפצו־בלאָזן צו אַ וויכטיגן פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג אָדער דעם שאַפונגס־פּראָצעס פון אַ שרייבער. פון דער אַנדערער זייט זיינען אָבער פאַראַן פאַקטען אין דעם לעבן פון אַ דיכטער, וועלכע דער אויפמערקזאַמער קריטיקער טאָר באַיין־אופן ניט גלייכגילטיג פאַרבייגיין. אין פלוג געגומען, האָבן זיי ניט קיין דירעקטע שייכות צו די שאַפונגען. און ערשט, ווען מען קוקט זיך אין זיי טיפער איין, זעט מען, ווי ענג פאַרבונדן זיי זיינען מיט דער קינסטלערשאַפט פון דעם מענטשן, ווי בולט עס שפּיגלען זיך אין זיי אָפּ די זעלבע שטריכן, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם קינסטלערישן וועלט־בילד פון דעם דיכטער.

ווי אָפט איך פאַרטראַכט זיך וועגן וויַיטערן, מוז איך זיך אָפּשטעלן אויף אַזאַ מין געשעעניש אין זיין לעבן. אַ מענטש לעבט פּראַנק און פריי אין אויס־לאַנד, ניט געשטערט און ניט געטשעפּעט פון קיינעם, נעמט ער אין אַ שיינעם פרימאָרגן און שטעלט זיך אַליין דער צאַרישער מאַכט. אַ סאָציאַליסטישער פירער, אַן אָרגאַניזאַטאָר און אַגיטאַטאָר, אַ דורכאויס אַקטיווע נאַטור, וואָס האָט יאָרנ־לאַנג געאַרבעט אונטער דער ערד און שטענדיג פאַרשטאַנען זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר זיינע פאַרפאָלגער, באַשליסט זיך גערנוויליג איבערצוענטפערן אין די הענט פון זיינע תּלינים. און דאָס ניט דערפאַר, ווייל ער האָט געביטן זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען, ווייל ער האָט אַיינגעזעען, אַז ז י י ן וועג איז דער פאַלשער און ד ע ר פון זיינע ביזאיצטיגע שונאים איז דער ריכטיגער; אויך ניט דערפאַר, ווייל ער האָט אַזוי־אַרום געהאָפט אויסצופועלן אַ טובה אָדער וועלכן ניט־איז נוצן פאַר זיך אָדער פאַר אַנדערע. ניט אַ קאַפּריז איז דער דאָזיגער שריט ביי וויַיטערן געוועז און ניט אין אַ מאָמענטנער שטימונג איז ער געבוירן געוואָרן.

זיין מקור ליגט אַ סך טיפער. מיט דער דאָזיגער טאַט האָט וויַיטער גע־

וואָלט אָפּגעבן אַ שולד, וואָס האָט אים שווער געדריקט, אַ שולד, ניט קעגן אַ פרעמדער, דרויסנדיגער מאַכט, נאָר קעגן זיך אַליין, זיין אייגענעם געוויסן. דאָס איז אַ דראַמאַטישער זשעסט און מער ווי אַ זשעסט: אַ דראַמאַטישע טאַט, אַ פועל-יוצא פון זיין טיף-איינגעוואָרצלטן עטישן באַוואוסטזיין, פון דעם וואַכיגן געוויסן, וואָס פאָדערט באַפעלעריש די טאַט אַלס דעם איינציגן אויס-גאַנג, אַלס די איינציגע אָפּקומעניש פאַר אַ זינד.

ענליך ווי ביי די גערמאַנישע דראַמאַטיקער שילער, העבעל און איבסען, האָט די דאָזיגע עטישע וואַכיגקייט, נאָך מער, די עטישע היפּערטראָפּיע, דער עטישער אויסוואוקס געמוזט גייטוועגדיג פירן צו אַ דראַמאַטישער וועלט-באַנעמונג. אָבער צווישן דער „וועלט" פון די דערמאָנטע דראַמאַטיקער און ווייטערס וועלט איז פאַראַן אַ וויכטיגע פרינציפּיעלע נפקא-מינה. טיף פאַרוואָרצלט אין דער היימי-שער ערד, ענג פאַרבונדן מיט זייער דור, מיט זיין דענקען און האָפן, האָבן זיי מיט דעם קאָפּ אין די הימלען געגרייכט, מיט זייער פרייען בליק ווייטע וועלטן אַרומגענומען. ניט שילער און ניט העבעל האָבן זיך באַגרעניצט אויף זייער צייט און זייער דור און אַפילו איבסען האָט שטענדיג פון דאָס ניי געפּרובט אין זיינע דראַמען אַריינברענגען דאָס איבערצייטליכע, דאָס אייביגע. ווייטער האָט זיך פון די ענגע ד' אמות, אין וועלכע זיין דור און זיין צייט האָבן זיך אַריינגעשפּאַרט, ניט געקאָנט אַרויסרייסן. זיין דור האָט אים דאָס ליכט פאַר-שטעלט, דעם האָריזאָנט פאַרענגט, דער פרייען אויסקוק געראַבט. צו בלוטיג זיינען געוואָרן די פּגדים, וואָס האָבן אים מיט דעם דור פאַרקניפּט, צו פעסט די קייט, וואָס האָט אים צוגעשמידט, אַז ער זאָל זיך גאָר אויף איין ווײַלע קאָנען אָפּרייסן, באַפרייען זיך פון דער דריקנדיגער משא פון דער פאַראַנט-וואָרטליכקייט פאַר אַ גאַנץ דור. יענע זיינען געשטאַנען פאַראייניצלט, פאַראיינ-זאַמט און האָבן דער מאַטעריאַליזירטער, זינדיגער, אין גרויע תענוגים איינגע-טונקענער סביבה אַנטקעגנגעשטעלט זייער „אידעאַלע פאָדערונג". ער האָט זיך ניט געקענט דערהויבן איבער זיין סביבה. און ווי אין פּאָליטישן לעבן איז ער ניט געווען קיין בלויזער מיטלויפער, נאָר אַ טוער און אַ פירער, וואָס האָט אין די ערשטע רייען געקעמפט, האָט ער אויך אַלס דראַמאַטיקער די קאַמפן פון זיין דור מיטגעקעמפט, זיינע ליידן דורכגעליטן, זיין טיפן צער, זיין גייסטיגע נויט, זיין זעלישע פיין מיטגעפילט און מיטגעלעבט.

זיין דור — פאַר ווייטערן איז דאָס די נאָענטסטע סביבה, נישט די פיזישע, נאָר די גייסטיגע, יענע אינטעליגענץ, איבער דעם ווייטן שטח פון דער רוסי-שער אימפּעריע צעשפּרייט, אין די פרעמדע אויסלענדישע שטעט פאַרוואָגלט, מיט אַ נאָגנדיגער בענקשאַפט נאָך אַ פריי, שיין לעבן אין דער היים אין האַרצן, מיט מענטשהייט-באַגלויבנדיגע חלומות אין קאָפּ, מיט אַ קרענקליכן גלויבן אין אַ באַלדיגער גאולה, אין גאָר אַ גיכן נצחון. אויף זאַמד געבויט, אויף הינערשע פיסלאַך געשטעלט, האָט זיך זייער גלויבן ביים ערשטן שטאַרקן שטורים, ביי דער ערשטער פאַרלוירענער שלאַכט גענומען וואַקלען. נישט פאַרוואָרצלט אין

דעם אייגענעם ביטערן עקאָנאָמישן מצב, נישט פאַרצווייגט אין דעם אייגענעם וויסנשאַפטליכן דענקען, איז זייער סאָציאַליזם קודם־כל אַן ע ט י ש ע ר, אַבענקשאַפט נאָך אייביגן יושר אויף דער וועלט. ביי דער ערשטער אַנטוישונג האָט ער דעם באָדן אונטער די פיס פאַרלוירן. נעכטן נאָך אין די הימלען פון ליכטיגן, הייליגן התלהבות געשוועבט, איז מען היינט אין פינסטערער מרה־שחורה אַריין, אין טיפן יאוש פאַרזונקען.

די דאָזיגע יאוש־שטימונג האָט אַרויסגעקוקט פון די אויסגעלאָשענע בליקן פון יענע געשטאַלטן מיט מידע נשמות און צעבראָכענע גופים, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין די אומגעציילטע ראָמאַנען, נאָוועלן און סקיצן פון יענער צייט, האָבן מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און געקנייטשטע שטערנס געשפּרייזט איבער די ברעטער פון די בינעס און אַלץ נישט געקאָנט דערגיין, פאַרוואָס זיי קומט אַזוי שווער צו ליידן, פאַרוואָס זיי זיינען אַזוי האַרט געשטראָפט געוואָרן. האָבן זיי גענומען „האַלטן געריכט איבער זיך״, גריבלען זיך איבער זייער פאַרגאַנגען לעבן און זוכן עפּעס אַ זינד, פאַר וועלכער זיי מוזן איצט אָפּקומען. מיט ליידנשאַפטליכער זעלבסט־פּייניגונג האָבן זיי אַריינגעלויכטן אין די טיפסטע, אינטימסטע ווינקעלאַך פון זייער לעבן, געזוכט און גענישטערט ד י שווערע זינד. און האָבן זיי זי אין דעם אייגענעם לעבן נישט געקאָנט געפינען, האָבן זיי אָנגעהויבן גלויבן, אַז „פאַר די זינד פון אַנדערע דורות ליידן מיר. מ י ר (ווייטערס קורסיוו) דאַרפן דאָס די זינד אויסקויפן... און אָפּבויען און איבערבויען״ (סימא אין „אין פייער״). „דאָס ערגסטע איז, וואָס קיינער איז נישט שולדיג. אַלטע, הונדערטיאָריגע זינד — ניט אונזערע, נאָר באַשטראָפט ווערן מיר״ (לעווין אין „אין פייער״).

דאָס טיפע באַוואוסטזיין פון זינד שלעפּן מיט זיך — ענליך ווי זייער מחבר — אַלע „העלדן״ ווייטערס. סאָניאַ אין „פאַרטאָג״ איז אומטריי געוואָרן איר ערשטן געליבטן, אומטריי דער אַלטער יידישער היים, דעם זיידן און טאַטע־מאַמען. איר געוויסן פּייניגט זי און אין דער דענקווערדיגער נאַכט — אין וועלכער די דראַמע שפּילט זיך אָפּ — קומען טאַטע־מאַמע, קומט דער זיידע, קומט דער „אומבאַקאַנטער״ (דער פאַרלאָזענער געליבטער) און מאָנען זייער חלק. דאָס איז אָבער מער נישט דאָס באַוואוסטזיין פון ז י נ ד; צו דעם באַוואוסטזיין פון מוזן אויסקויפן אַ זינד איז ביי סאָניען נאָך ניט דערגאַנגען.

דאָס באַוואוסטזיין פון אָפּקומען, פון ת ש ו ב ה, אַנטפּלעקט זיך אין זיין גאַנצער בולטקייט אין ווייטערס צווייטער דראַמע „אין פייער״. עס גענוגט נישט חרטה האָבן; תּשובה טאָן מוז מען, אָפּמעקן מוז מען וועלן די זינד — דורך דעם קרבן־חטאת. „עס איז מערקווירדיג, ווי יידן האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז אַמאָל פלעגן מיר ברענגען קרבנות, כדי זינד צו פאַרגעבן... צווישן ווייסן טויב, וואָס יידישע פרויען פלעגן אַמאָל ברענגען אין בית־המקדש, און צווישן דער מקווה — ליגט אַ חורבן אַ גאַנצער. חרוב געוואָרן דאָס געפיל פון זינד און געבליבן נאָר טרוקענע „מען טאָר ניט״. איינמאָל אין יאָר, אין דעם גרעסטן יידישן טאָג

דערמאָנט זיך דאָס דער ייד און פאַרגעסט ווידער. און יעדער דור פאַרמאָגט עטליכע איינציגע, פאַרטרויערטע, טיף אין עצבות פאַרזונקענע, אָדער שוין אויפגעמונטערטע, שוין ערלויכטעטע, וואָס פילן, וואָס ווייסן, זיינען זיי אָבער איינציגע און צעוואָרפענע און דעם גרויסן כּוח, דעם גאונישן כּוח אַ פאָלק צו פירן האָבן זיי ניט..." זאָגט דער אינזשעניער לעווין — און איז מוסיף: „עס וואַקסט אַ נייער דור, אַזאַ, וואָס דערפילט דעם פיין פון קרבן־חטאת".

דאָס בלייבן אָבער ווערטער. די טאַט זעען מיר נישט. וואָרן נישט דער אינזשעניער לעווין צינדט אונטער דאָס הויז, וואָס ער האָט אויפגעבויט, נאָר דער אַלטער שלמה, און נישט צוליב דעם טוט עס דער אַלטער, ווייל „פייער רייניגט", נאָר כּדי פּטור צו ווערן פון פאַבריקן, אינזשעניערן, אַרבעטער, פּויערים און כּדי צו זעען די מטבע ביי זיך אין בוזים־קעשענע, ווי אַ ייד איז געווינט. און נאָר דאָס שטילינקע איידעלע רחלע, ביי וועלכער די חושים האָבן זיך אין דער יאָהאַניס־נאַכט צעשפּילט און זי האָט זיך אַ פרעמדן, „דעם סוחר", וואָס איז געקומען דאָס הויז אונטערצינדן, אַוועקגעשאָנקען, ברענגט פון זיך אַ קרבן, וואַרפט זיך אין פייער. אָבער אויך זי—אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך—פאַרגעסט נישט פריער אָנצוזאָגן, אַז מען זאָל אויך זי דערמאָנען, אַז אויך זי האָט אַ חלק, אַ גרויסן חלק אין יענעם נייעס, ליכטיגן לעבן, וואָס וועט קומען נאָך דעם קרבן־חטאת, אַז אויך זי האָט צוזאַמען מיט אַלעמען אויסגעקויפט די זינד פון די דורות און געליטן פאַר זיי, שטאַרק געליטן און אין דעם פייער, וואָס האָט גערייניגט, האָט זי אויך געברענט.

די אמתע טאַט, די טעטיגע תּשובה באַגעגענען מיר ערשט אין דער דריטער דראַמע, „דער שטומער". אַלכּסנדר האָט געזינדיגט, אַ צעלאָזן הפקר־לעבן אין אויסלאַנד געפירט. איצט קומט ער אַהיים, וויל אַלץ פאַרגאַנגענע פאַרגעסן, פאַרגלעטן, פאַרווישן. ער נעמט אַ שכנס אַ מיידל, שטעלט אַ חופּה כּדת משה וישראל, וויל אָנהייבן אַ ניי לעבן. אָבער דאָס אַלץ גענוגט נישט, ער מוז די זינד אויסקויפן, תּשובה טאָן, אַ קרבן־חטאת—פון זיך אַליין ברענגען. און אַזוי אַנטלויפט ער אין שול אַריין, ווערט אַ פּרוש, טוט אַ נדר, אויף אייביג אַנטשווייגן צו ווערן. דאָס איז זיין קרבן־חטאת—דורכדעם ווערט זיין טאַט געקרוינט.

דאָס טיפע באַוואוסטזיין פון אַ שווערער זינד און דאָס גאַרן נאָך תּשובה, נאָך דער רייניגנדיגער טאַט איז דאָס, וואָס פאַרבינדט ווייטערן מיט זיין דור. עס איז דערביי נישט וויכטיג, צי די זינד און אויך די שולד איז אַן אמתע, אַ כּלומרשטע, אַן איינגערעדטע אָדער גלאַט אַן אויסגעטראַכטע. עס גענוגט נאָר, אַז אין דעם באַוואוסטזיין פון דעם „זינדיגן" נעמט זי אָן אַ ממשותדיגע געשטאַלט, וועקט זיין געוויסן און פירט אים—צו דער באַפרייענדיגער טאַט.

III.

צוויי וועגן פירן דעם דראַמאַטיקער צו זיין שטאָף. פאַראַן דראַמאַטיקער, וואָס די ערשטע אָנרעגונג, דער ערשטער שטויס נעמט זיך ביי זיי פון

אַ מענטשליכער געשטאַלט. אַ מענטשליכע פיגור אין לעבן, אין דער געשיכטע אָדער אין דער פאַנטאַזיע פון דעם דיכטער ציט צו זיך זיין אויפמערקזאַמ־קייט מיט איר אַנדערש־זיין, מיט דעם, וואָס ערגעץ אין איין פּרט, מיט איר שטאַרקן ווילן, מיט פאַרברענטער עקשנות, גרויסן צער, הייסער ליבע אָדער פאַנאַטישער שנאה וואַקסט זי אַריבער איר סביבה. שטיל און אומבאַמערקט גנבעט זיך אַריין די דאָזיגע געשטאַלט אין דעם דיכטערס פאַנטאַזיע, און איידער ער קוקט זיך אום, צעבאַלעבאַטעוועט זי זיך דאָרט, פאַרטונקלט אַלץ אַנדערע, באַ־הערשט פאַמעליך אַלע זיינע חושים, זיין דענקען און פילן. זי לאָזט נישט אָפּ פון אים, באַגלייט אים אויף שריט און טריט, גייט מיט אים מיט, וואו ער זאָל זיך ניט קערן און ווענדן. נאָר אירע ווערטער הערט ער, נאָר זי זעט ער. לכתחילה ווייסט ער נאָך נישט, וואָס מיט דער דאָזיגער געשטאַלט וועט פּאַסירן. אים אינטערעסירט דער כאַראַקטער אָן און פאַר זיך. נאָר אָט זעט ער, ווי די געשטאַלט צעוואַקסט זיך, שטויסט זיך צוזאַמען מיט אַנדערע, פלאָנטערט זיך, רייסט זיך, שטרעבט, קעמפט און פאַלט: די דראַמאַטישע סיטואַציע איז דאָ! און נישט אַנדערש קאָן זיך דער דיכטער באַפרייען פון דער וויזיע, ווי דורך דעם שאַפונגס־אַקט, דורכדעם, וואָס ער באַשענקט זי מיט קערפּערליכע פאָרמען, גיט איר פלייש און בלוט, שטעלט זי אַוועק אין צייט און רוים. אמת, ביי דער אויספירונג, ביי דער קליינאַרבעט וועט אים נאָך אָפט אויסקומען צו־געבן איר דעם אָדער יענעם טיפּישן שטריך פון דער צייט אָדער דעם אָרט, פון דער גייסטיגער אַטמאָספערע אָדער פיזישער סביבה; אָפט וועט ער זי נאָך באַ־פוצן מיט דער אָדער יענעם אינדיווידועלן חן אָדער חנדל. און די דראַמאַטישע סיטואַציע, דער קאַמף, אין וועלכן די געשטאַלט האָט זיך פאַרפּלאָנטערט, בלייבט אויך נישט אָן אַ פּעולה אויף איר כאַראַקטער. אָבער אין עיקר, אין די גרונט־ליניעס שטייט דאָס פּאָעטישע בילד פונם ערשטן מאָמענט אָן פעסט און ניט איבערצוריקן.

אַרבעט ביים ערשטן מין — מיר קאָנען אים אָנרופן: **געשטאַלטונגס־דראַמאַטיקער** — אין ערשטער ליניע די באַפרוכפּערטע פאַנטאַזיע, ווערט ביי אים דאָס ווערק אין ערשטן ברען געשמאָלצן, באַקומט ביים צווייטן מין דעם ערשטן שטויס פון דרויסן דווקא דער מוח, דער אינטעלעקט. אַ שאַרפער, לאָגיש דענקענדיגער, ניכטערער קאָפּ, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרשיכורן פון קינסטלע־רישע וויזיעס, זוכט ער אין יעדער ערשיינונג און יעדער געשעעניש קודם־כל דער סדר, די לאָגיק פון דער געשעעניש, דאָס געזעץ. דאָס ערשטע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן, איז די פּראָבלעם, די מער אָדער ווייניגער האַרבע קשיא, וועלכע דאַרף אין לעבן פאַרענטפערט ווערן. ער איז מטריח אַ גאַנץ פעקל מענטשן, פירט זיי צוזאַמען, פאַרטיילט צווישן זיי גוטע און שלעכטע מידות, ליכט און שאָטן, די „ראָלן", לאָזט זיי פאַרפירן אַ קאַמף אָדער אַ אינ־טריגע, באַוועגט זיי נאָך אַ גענוי־אויסגערעכנטן פּלאַן, ווי שאָכפיגורן אין אַ מוסטער־שפּיל, און דאָס אַלץ, כדי צו פאַרענטפערן, אָדער — ווייל דאָס גיט זיך

נאָר זעער זעלטן איין—צו באַלייכטן אַ פראַגע פון געזעלשאַפטליכן—דער דאָזיגער באַגריף אין ברייטסטן זינען—לעבן. פאַר אים, דעם פּראָבלעם-דראַמאַטיקער, איז דער עיקר די געגעבענע פּראָבלעם און ערשט דאַן ווערן די איינצלנע פיגורן אַלס טרעגער פון געדאַנקען, פון אידעען באַשאַפן.

זעלטן-ווען עס טרעט-אויף דער איינער אָדער דער צווייטער טיפּ דראַמאַטיקער גאַנץ ריין. שטענדיג וועט ביי דעם געשטאַלטונגס-דראַמאַטיקער די הויפּט-פּערזאָן רעפּרעזענטירן איין אידעע, פאַר וועלכער זי שטעלט איר לעבן אין קאָן און אין דער דאָזיגער קאָנצענטראַציע אויף איין אידעע ליגט אַ דערנעענטערונג צום פּראָבלעם-דראַמאַטיקער, און פון דער אַנדערער זייט וועט אויך דער פּראָבלעם-דראַמאַטיקער מוזן אין זיינע פיגורן אַריינהויכן אַ קינסטלערישן אָטעם און זיי אויספילן מיט פלייש און בלוט, אויב ער וויל נישט, אַז זיי זאָלן בלייבן פּאַפּירענע מאַריאָנעטקעס. אָבער פאַר דער באַטראַכטונג פון דער דראַמאַטישער שאַפונג איז די דאָזיגע איינטיילונג גאָר וויכטיג. נאָר דורך דעם קאָן מען אויסמיידן צו שטעלן דעם פּראָבלעם-דראַמאַטיקער פאָדערונגען, וואָס מעגן געשטעלט ווערן נאָר דעם געשטאַלטונגס-דראַמאַטיקער, און פאַרקערט. צו יעדן פון די צוויי מינים מוז מען זיך גאָר פון אַן אַנדערער זייט דערנעענטערן.

מען דאַרף נישט זיין קיין גאון, כדי צו געפינען אַז אַלע יידישע דראַמאַטיקער (פרץ הירשביינס לעצטע טעאַטער-פּיעסן וואָלט איך אויסגענומען), קאָן מען רואיג פאַררעכענען צו דעם צווייטן מין: פּראָבלעם-דראַמאַטיקער. עס איז נישט דאָ דאָס אָרט, און נישט היינט די צייט, אָפּצושטעלן זיך אויף די סיבות, וואָס האָבן דערצו געפירט. עס פאָדערן זיך גענויע שטודיעס וועגן דעם מהות פון דער יידישער גייסטיגקייט און די באַדינגונגען פון איר אַנטוויקלונג פון איר ערשטן אַרויסטריט אויף דער אַרענע פון דער מענטשהייט ביז צום היינטיגן טאָג. אין אַ רואיגערער צייט און ביי גינציגערע אומשטענדן וועט דאָס זיין איינע פון די אינטערעסאַנטסטע טעמען, וואָס אַ יידישן ליטעראַטור-וויסנשאַפטליכן אינסטיטוט וועט אויסקומען צו באַאַרבעטן. היינט מוזן מיר זיך באַנוגענען מיט דער אָנווייזונג, אַז דער יידישער שפּיציגער חריפישער מוח, אויף טויזנטיאָריגן פּלפּול געשליפן, כאַפּט קודם-כל אויף די קשיא, די פּראָבלעם.

אויך ווייטער איז דורכאויס פּראָבלעם-דראַמאַטיקער. אויך זיינע דראַמאַטישע פּערזאָנען גרופּירן זיך און די דראַמאַטישע געשעענישן בויען זיך אַרום עטליכע פּראָבלעמען, וואָס האָבן טיף געעקבערט דעם מחבר און פון וועלכע ער האָט זיך נישט אַנדערש געקאָנט באַפרייען, ווי דורך דעם שאַפונגס-אַקט. און נויטיג איז געווען די באַפרייאונג אי פאַר אונז, אי פאַר דעם דור, כדי צו האָבן אַ פרייען וועג פאַר פּאָזיטיווער אַרבעט, אין וועלכער דער שטענדיג אַנטוישטער, אָבער שטענדיג לעבנס-גלויביגער האָט ביז צום לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן געגלויבט.

דריי פּראָבלעמען טרעטן אַרויס אין ווייטערס דריי דראַמען, אַלע דריי פון אַ שטאַרקער עטישער אונטערפאַרבונג: די נאַציאָנאַל-עטישע, די סאָ-

ציאַל-עטישע און די סעקסואַל-עטישע. פון די דאָזיגע דריי פראָבלעמען רוקט זיך אַרויס אויפן אויבנאָן די ראַציאָנעלע. זי פילט אויס די ערשטע דראַמע „פאַרטאָג“ (1907) און שלענגלט זיך דורך די איבעריגע צוויי. אַרום דער סאָציאַלער פראָבלעם וועבט זיך ווייטערס צווייטע דראַמע „אין פייער“ (1910), אַרום דער סעקסואַלער די דריטע „דער שטומער“ (1913). אין הינטערגרונט פון יעדער דראַמע ערשיינען אַלע דריי פראָבלעמען פאַרפלאָכטן. דאָס זיינען יענע דריי פראָבלעמען, וואָס ווייטערס דור, וועלכער האָט נישט געוואוסט, צי ער איז „דער לעצטער פון די אַלטע דורות, צי דער ערשטער פון די נייע“, האָט זיך שווער געראַנגלט מיט זיי, וועלנדיג גיך שאַפן אַ נייע וועלט-באַנעמונג. לאָמיר זיך נעענטער צוקוקן צו זיי.

די נאַציאָנאַל-עטישע פראָבלעם שטייט אין צענטער פון „פאַרטאָג“, מישט זיך דאַן אַריין אין דעם סיכסוך צווישן פאָטער און זון אין „אין פייער“ און קלינגט נאָך מיט אין „דעם שטומען“. די צייט, אין וועלכער „פאַרטאָג“ שפילט זיך אָפּ, איז אַ היסטאָריש גרעניץ-געביט, אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דעם מזרח-יידנטום. זעלטן וועלכע תקופה אין דער געשיכטע פון די יידן אין אייראָפּע איז אַזוי רייך אין דראַמאַטישע מעגליכקייטן, אין דראַמאַטישן אויפרייס-שטאָף. זעלטן ווען זיינען די היפוכים צווישן צוויי דורות געווען אַזוי גרויס, דער קאַמף אַזוי פאַרביטערט, אָבער אויך זעלטן איז געווען איין קעמפנדיגער צד — אַזוי שוואַך, ווי יענער יונגער דור. די באַוועגונג פאַר עמאַנציפּאַציע אין די מערב-לענדער האָט זיך אַנטוויקלט פּאַמעליך, טראָט ביי טראָט, אונטער גינציגע רואיגע אומשטענדן. יעדער דור האָט געמאַכט איין שריט פאָראויס און די דערווייטערונג פון איין דור צום צווייטן איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי גרויס, אַז זי זאָל קאָנען פירן צו ערנסטע, טיפע קאָנפליקטן.

אונטער גאָר אַנדערע אומשטענדן איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון פאַרוועלטליכונג אין מזרח-יידנטום. אַ דינע שיכט פון פאָלק, די אינטעליגענץ, האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם שורש און אַוועק אין דער פרעמד זוכן נייע וועגן. אָפּגעטרייסלט פון זיך די קייטן פון טויזנטיאָריגער גייסטיגער קנעכטשאַפט, האָט זי זיך מיט אַ גוואַלדיגן אימפּעט געטאָן אַ וואָרף אין דער פרעמדער סביבה און אין ערשטן ברען ניט געזען, ווי ווייט זי איז אַוועק פון דעם ברייטן שליאַך, אויף וועלכן דער איבעריגער עולם איז פאַרבליבן. דאָס רוסישע פאָלק, אַליין געפּענטעט און פאַרשקלאַפט, האָט געזוכט מיטקעמפער און זי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. עס איז געקומען אַ צייט פון געמיינזאַמען קאַמף, אַלגעמיינער פאַרברידערונג, פיבערדיגער בשותּפותדיגער אַרבעט. און ערשט די גרויסע מפּלה און די קומענדיגע רעאַקציע האָט שטאַרק אָפּגעקילט די וואַרימע באַציאונגען. אַנטטוישט אין אירע האָפענונגען, באַליידיגט אין אירע הייליגסטע געפילן, דערנידעריגט און דערשלאָגן, האָט די יידישע אינטעליגענץ אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן און דערזעען, ווי ווייט זי איז פאַרגאַנגען, וועלכער תּהום עס טיילט זי אָפּ פון אירע אבות.

אין ז״. צייט פון דער השכלה איז די לאַגע געווען אַן אַנדערע. אויך דעמאָלט האָבן זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקע היפּוכים צווישן דעם אַלטן און יונגן דור, אויך דעמאָלט איז געפירט געוואָרן אַ קאַמף צווישן פאָטער און זון. אָבער ערשטנס זיינען עס געווען נאָר איינצלנע, יחידים, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פונם כלל, און ניט אַ גאַנצע פאָלקס-שיכט, ווי אין ווייטערס צייט. יענע יחידים האָבן ביי גינציגערע באַדינגונגען געפונען אַ לפי-ערך לייכטערן וועג צו דער אַרומיגער קולטור. און צווייטנס האָבן זיי אין זייער ראַציאָנאַליסטישער ניכטער-קייט זיך וועגן זייער באַציאונג צום יידישן עבר, צו דער יידישער טראַדיציע ניט איבעריג געבראָכן די קעפּ און—דער עיקר—זיי האָבן פאַרמאָגט אַ „ר אָ ב ו ס כ ג ע וו י ס ן״. די קללה פון דעם היינטיגן דור איז געווען אַ טאָפּלטע: אי דער עול, וואָס די געשיכטע האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, איז געווען צו שווער, אי זיינע כּוחות צו שוואַך, זיין געוויסן „קראַנק״.

ניט גלייך זיינען געווען פאַרטיילט די כּוחות צווישן ביידע קעמפנדיגע צדדים. פעסט איינגעפונדעוועט און מיט אַ דרייפאַכן באַנד פאַרקניפּט, איז דער אַלטער דור: רעליגיעז, עקאָנאָמיש, פאַמיליער. ער גלויבט שטאָל און אייזן אין זיין רעליגיעז שליחות, און פאַרשטייט דורך פאָרמען און דאָגמען, חוקים און מנהגים, צייכנס און סימבאָלן דאָס אייביגע פייער צו דערהאַלטן, און אויב עס ווערט פאַרלאָשן, דאָס אש אין געטאָקטע שאָלן מיט שטאָלץ צו טראָגן. די גלייכקייט אָדער לכל-הפּחות די ענליכקייט פון די פּרנסות, אויס וועלכע ער ציט זיין חיונה, די איינהייטליכקייט פון דעם עקאָנאָמישן לעבן שמידט נאָך ענגער צוזאַמען דעם קיבּוץ און די יידישע פאַמיליע שטעלט זיך אין איר ריינקייט און קראַפט מוטיג אַנטקעגן אַלע שטורימס פון דער דרויסנדיגער וועלט.

דעם יונגן אינטעליגענט פעלט יענע קולטורעלע, גייסטיגע „ערדישקייט״, וואָס דער אַלטער ייד האָט זיך באַשאַפן. ער איז אין ערגעץ ניט פאַרוואָרצלט, מיט גאָר-ניט פאַרוואַקסן. די פעדים, וואָס פאַרבינדן פאָטער און זון, מוטער און טאָכטער, ברודער און שוועסטער, האָט ער ברוטאַל צעריסן. עקאָנאָמיש און קולטורעל האָט ער זיך צוגע-פּאַסט צו דער ניט-יידישער סביבה. און וואָס שייך די רעליגיע, האָט ער די אַלטע לוחות צעבראָכן און קיין נייע ניט באַשאַפן. ער האָט קיין גאָט אין האַרצן ניט געהאַט און טראָגן מאַיעסטעטיש די ליידיגע שאָלן האָט אים אויסגעקוקט צו טעאַטראַליש, צו קאָמיש. אינדערהיים, אין די אייגענע ד׳ אמות זיך צו ענג געפילט, איז ער אין דער פרעמד אַוועק, דאָרט דעם דאָרשט פונם וויסנס-קוואַל צו שטילן געפּרובט, און אומבאַפרידיגט זיך ווידער אַהיים אומגעקערט מיט אַ צעריסענער, צעשפּאָלטענער נשמה, אייביג אום-צופרידן, אייביג פאַרבענקט. אָן הילף פון דרויסן, אָן טיפער איבערצייגונג פון אינווייניג מיט דעקאַדענטע שטימונגען און זוכענישן איז ער ניט ביכולת צו נעמען אויף זיך די שווערע משא, וואָס די צייט האָט אַרויפגעלייגט אויף זיינע פּלייצעס. פאַר-שיכּורט פון די מאַטעריעלע נצחונות פונם טעכנישן יאָרהונדערט, האָט ער זיך אין ערשטן מאָמענט ניט אָפּגעזאָגט צו נעמען אויף זיך דעם עול פון שאַפן נייע ג ײ ס ט י ג ע ווערטן, אַ נייע וועלט-באַנעמונג, אַ נייע רעליגיע. טראָגן זיך

אַרום די יונגעלייט מיט אידעען פון אויפלעבונג, נייע שאַפונגען, פּראָדוקטיווער אַרבעט, דערלאַנגען זיי אויף אַ טעלער יעדן גאַסט אין אומענדליכע דיסקוסיעס און געניסן שוין פאָראויס דעם טעם פון די זיסע פּירות, שיכּורן זיך אָן מיט די בילדער, וואָס די טרוקענע פאַנטאַזיע שפּיגלט זיי פאָר. אָבער באַלד ווערט דאָס קרענקליכע פלעמעלע פאַרלאָשן און זיי פאַרזינקען אין טיפן יאוש.

דאָס איז געווען דער גייסטיגער און זעלישער מצב פון דעם יונגן יידישן דור, בעת דער נאָכרעוואָלוציאָנערער אויסניכטערונג. אין דער דאָזיגער צייט אַנטשטייט ווייטערס ערשטע דראַמע „פּאַרטאַג" און הגם זי שפּילט זיך אָפּ, ווי דער מחבר זאָגט אונז אין דער רעמאַרקע פונם ערשטן אַקט, אין דער רעוואָלוציאָנערער צייט פון 1905 יאָר, און הגם עס רעדט זיך אין דער ערשטער סצענע וועגן דעם אויסבראָך פון דער רעוואָלוציע, טראָגן די אידעען און די שטימונגען אַ בולטן שטעמפּל פון דער צייט נאָך דער רעוואָלוציע. דאָס יאָר 1905 איז מער ניט אַ פאָן; דער אידעען-קאַמף אין דער דראַמע דרייט זיך אַרום דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם.

די יידישע אינטעליגענץ — אַ קליינער קרייז עמיגראַנטן אין בערן—וויסן, וועלכע פאָדערונגען די צייט שטעלט זיי:

„קומט אָן איצט דער נייער ייד...
בלומען-קראַנצן פלעכט די צוקונפט
פאַר דעם נייעם יידן".

זיי פילן, אַז:

גאַנצע דורות, צווערגן-דורות
זיינען נישטיג אומגעקומען
דורכגעקראָכן, גרויע, שוואַכע
אָפּגעלעבט און אויסגעלאָשן.
קליינע דורות...
מיאוסע דורות...

אָבער אויפטאָן קאָנען זיי גאָרנישט. ווי אַ שווערער קאָשמאַר דריקט אויף זייער פאַרגאַנגענהייט און וואַרפט געשפּענסטישע שאָטנס אויף די אויפפלאַקערנדיגע פלעמלאַך פונם קרענקליכן ווילן. די יידישע סטודענטין סאָניע גרייט זיך אַהיים, צו „גיין אַהין, וואו מען בויט דעם צוקונפטס-טורים", און אין דער לעצטער נאַכט גייען דורך פאַר אירע אויגן די שאָטנס פון איר פאַרגאַנגענהייט: ד"ר טויטער זיידע, דער געשטאָרבענער פאָטער, די קראַנקע מוטער, דער אויפגעהאַנגענער ערשטער געליבטער, וועלכן זי איז אומטריי געוואָרן און אים פאַרלאָזן, ווען ער האָט זי גערופן, די שוועסטער, וואָס איז אין שמד אַוועק, דעם געליבטנס אַלמנה און יתומה, וועלכע זי האָט קיינמאָל ניט געזען, די אומגעקומענע רעוואָלוציאָנערין — אַלע קומען זיי צו איר, אַלע וואָרענען זי פאַר דער פרעמד, אַלע רופן זי צוריק אַהיים, אין דער יידישער גאַס.

אין דעם דאָזיגן חשבון-הנפש פון אַן עלנטער איינזאַמער נשמה ברויזט און כּעסט זיך דער זיידע, וואָס די שוועסטער איז אין שמד אַוועק, און דראָס

סאָניען צו פאַרשילטן, אויב זי וועט אין יענערס וועג גיין. דער פאָטער קלאָגט זיך, וואָס די שוועסטער האָט אים פאַר דער צייט פון דער וועלט געטריבן, און זיין אייניקל טראָגט אַ צלם אויפן האַרצן. האַרט פאָדערט ער פון דער מוטער דין־וחשבון, פאַרוואָס זי האָט אָנגערירט זיין צוואה און אויך די צווייטע אַוועק־געלאָזן פון דער היים; די אַלטע קראַנקע מוטער וויינט ביטער, וואָס זי האָט גיט געקאָנט אָפּהיטן איר צווייטע טאָכטער. אין אומענדליכן אומעט דערציילט די שוועסטער, ווי זי איז אַוועק דאָס גליק זוכן, די כינעזישע וואַנט צעברעכן, וואָס
„צווישן דער יידישער שטוב
און ליכטיגער וועלט... און טיילט אָפּ
די קינדער פון טרויעריגן שענק.
פון יענע, וואָס זעען די זון
און הערן קיין קינות־געוויין".
נאָר זי האָט אין דער פרעמד דאָס גליק ניט געפונען און דער שאָטן פון גליק, וואָס פלעגט יאָ אַמאָל שוועבן איבער איר, איז אויך באַלד פאַרשוואונדן. וויסט טרויערט דעם אומבאַקאַנטנס אַלמנה, וואָס קיין מצבה שטייט ניט אויף זיין גרוב. שטאָלץ גרויסט זיך די אומגעקומענע רעוואָלוציאָנערין, וואָס איר אָרון האָבן צענדליגער טויזנטער מיט געזאַנג באַגלייט, מיט איר יחוס
„פון דער יידישער חורבה, פון דעם פאַכטערס שטוב,
פון דער אַלטער קרעטשמע, פון דעם חושך־שענק".
און זיי אַלע הילכט־איבער פאַמעליך און פייערליך די שטים פון דעם „אומבאַקאַנטן"", דעם יונגן זיגער, צום אַלטן באַזיגטן יידן געווענדט:
„מיר זיינען דאָך...
קינדער פון פאָלק..
יידישע קינדער...
נאָר נייע און יונגע...
מענטשן און יידן...
שטאָלצע און דרייסטע...
קינדער פון פאָלק!..."
קינדער פון פאָלק.. מענטשן און יידן — דאָס איז געווען די בענקשאַפט פונם דור, זיין בלוטיגסטע, צענטראַלסטע פראָבלעם, די אַקס, אַרום וועלכער זיין גאַנץ דענקען און פילן האָט זיך געדרייט: די באַציאונג צום אַלטן דור, צו דער יידישער טראַדיציע, די נאַציאָנאַלע פראָבלעם.
די ס אָ צ י אַ ל ע פראָבלעם האָט אין איר גאַנצער ברייטקייט און איר גאַנצן פאַרנעם געקאָנט ערשט אַרויפשווימען ביי דער ענגערער באַרירונג פון דעם יידישן אינטעליגענט מיט זיין נישט־יידישער סביבה. כל־זמן דער יידישער קיבוץ איז געווען אָפּגעצוימט מיט אַן אייזערנער מויער פון דער אַרומיגער וועלט און איינגע־טונקען אין עבודת־הבורא, האָבן די סאָציאַלע פראָבלעמען פונם מאָדערנעם לעבן איבער אים קיין שליטה ניט געהאַט. נישט די השכלה־ריטער און נישט מענדעלעס טאַקסע־

העלדן — הגם ביידע האָבן געקעמפט פאַר אײדעלע צילן, פאַר ליכט און פרייהייט אײנער, פאַר יושר דער צווייטער — האָבן זיך געקאָנט אָפּרופן מיט אַ הילכיגערן, אַלגעמיין מענטשליכן עכאָ אין אונזער האַרצן. צו ענג איז געווען זייער האָריזאָנט, צו קליין זייערע השגות, צו ווייניג אין עצם דיפערענצירט די היפּוכים צווישן זיי און זייער סביבה אין סאָציאַלן זין.

אָבער אויך דאַן, ווען די יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אין די שולן און אוניווערסיטעטן, אין קרייזלאַך און אָרגאַניזאַציעס אָנגעזאַפּט מיט סאָציאַליסטישע אידעען, איז צוריקגעקומען אין דער יידישער גאַס, האָט זיך אין דעם פאַקטישן מצב פון דער סאָציאַלער שיכטונג ווייניג וואָס געביטן. איבער נאַכט האָט מען אַ שטרענגע קלאַסן־דיפערענצירונג נישט געקאָנט באַשאַפן. שווער און פאַמעליך האָט זיך דער יידישער קליינהענדלער און בעל־מלאָכה פּראָלעטאַריזירט און עס האָבן נאָך צענדליגער יאָרן מיט טיפע איבערקערענישן געמוזט קומען, ביז דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין און דער פּראָלעטאַרישער שטאָלץ האָבן זיך פאַרפעסטיגט — אַ פּראָצעס, וואָס דויערט נאָך עד־היום און וועט נאָך לאַנג דויערן. דער סאָציאַלער קאַמף האָט דעריבער ניט געקאָנט אויסגעקעמפט ווערן צווישן ביידע טיפּישע פאָרשטייער פון אַרבעט און קאַפּיטאַל, דעם אַרבעטער און דעם פאַבריקאַנט, ווי למשל, אין הויפּטמאַנס „וועבער” אָדער אין די אומגעציילטע טענדענציעזע טעאַטער־פּיעסן, וואָס האָבן אין די פאַרלעצטע צוויי צענדליג־יאָרן די בינעס פאַרפלייצט. אין דער יידישער גאַס האָט עס נאָר געקענט זיין אַ קאַמף פון אידעען, פון וועלט־באַנעמונגען און ניט פון קלאַסן. איד עאיש האָט דאָס צוזאַמענלעבן מיט דער נישט־יידישער סביבה דעם יידישן אינטעליגענט די אויגן געעפנט. אין דער ווייטער וועלט האָט ער געזען יענע גרויסע מאַשין, וואָס אירע קליינע שרייפלאַך האָט אים די יידישע גאַס געוויזן, די גרויסע עוולה פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אָבער ער איז נאָך אַליין געווען אײנגעפלאָכטן אין דעם קאַפּיטאַליסטישן ראָד, פון אים האָט ער זיין חיונה געצויגן. די דאָזיגע סתירה צווישן אידעאַל און לעבן באַלייכט אַ קליין עפּיזאָדיש בילדל אין „פאַרטאָג”. דעם פאַרשטאָרבענעם פאָטערס געשטאַלט פאַרמעסט זיך ברייט סאָניען צו פאַרשילטן. פלוצלונג ערשיינט דער פריץ. דער פאָטער ווערט אַנטשוויגן, פאַלט דעם פריץ צו די פיס. נאָר קוים האָט ער יענעמס האַנט געקושט, שוין איז דער פריץ פאַרשוואונדן. זיין בליק טרעפט סאָניען און ווי אַ פאַטש אין פנים, שליידערט ער איר די ווערטער:

„וואָס? אפשר פאַסט דיר ניט, וואָס איך
די האַנט ביים פריץ האָב געקושט?

. . . . . . . . . . . . .

נו, זאָג! שפּיי אָן אין פנים מיר —

. . . . . . . . . . . . .

געוויס! איך נעם דאָך אַלץ פאַר זיך

צום פריץ גיי!! איך אויך פאַר זיך,
פאַר דיר דאָך ניט: דו לעבסט מיט רוח.

אַ שריט ווייטער גייט דער אינטעליגענט אין „אין פייער". ער פרובט זיין אייגן לעבן צופאַסן צו זיינע איבערצייגונגען, ער נעמט זיך אַליין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. דעם יידן שלמה, דעם פאָרשטייער פון דער אַלטער סאָציאַלער שיטה, דעם סוחר און לופט־מענטשן, וואָס גאָרנישט בינדט אים צו צו דער ערד, וואָס האָט ליב צו זעען דעם ריווח אין מזומן און אים אָנטאַפּן אין דער בוזים־קעשענע, ווערט אַנטקעגנגעשטעלט דער זון סימאַ, וואָס איז פאַרבענקט נאָך פּראָדוקטיווער, פ י ז י ש ע ר אַרבעט, וואָס וויל פילן זיין צוגעבונדנקייט צו דער ערד, אויף וועלכער ער אַרבעט. וועגן אים זאָגט דער אינזשעניער לעווין: „ליב, פיזיש ליב האָט ער יעדן בוים, וואָס ער זעצט, יעדן בנין, וואָס ער בויט". סימאַ וויל אַרבעטן, „כּדי זיך און אַנדערע צו באַרעכטיגן". מיט זיין אַרבעט איז ער אויסן ניט נאָר זיך צו באַפרידיגן, אויספילן דעם חוב, וואָס דאָס לעבן לייגט אויף אים אַרויף, נאָר אויך באַרעכטיגן אַ נ ד ע ר ע, אויסקויפן די זינד פון אַנדערע. אויך דער אַלטער רעדט ניט אין זיין אייגענעם נאָמען, נאָר אין נאָמען פון אַ גאַנצער שיטה: „ס'איז ניט פאַר אַ יידן אַזאַ געשעפט... אַזוינע געשעפטן פאַסן פאַר אַ פריץ, ניט פאַר אַ פשוטן יידן"... דאָס גיט דעם קאָנפליקט צווישן פאָטער און זון אַ ברייטערן אָפּקלאַנג, מאַכט פון אַ פּריוואַטער זאַך אַן אַלגעמיינעם ענין, גיט דעם סאָציאַלן קאַמף אַן עטישן שטריך.

פול פון אויפבויאונגס־טענדענצן איז אויך „דער שטומער". אויך אַלכּסנדר מאָלט זיך ניט אַנדערש זיין לעבן אין דער היים, ווי אין בויען פאַבריקן. אָבער די עיקר־פּראָבלעם אין „שטומן" איז ניט—ווי מען איז געוויינט אָנצונעמען—אַ רעליגיעזע, דער אומקער צו דער יידישער שול, נאָר אַ ס ע ק ס ו ע ל־ע ט י ש ע. ניט קעגן דער יידישער שול האָבן אַלכּסנדר און די צווייטע הויפּט־פּערזאָן, אַסיע, געזינדיגט, נאָר קעגן דער עראָטישער עטיק, קעגן דער יידישער צניעות

אין ערשטן צוזאַמענשטויס מיט דער פרייער, דרויסנדיגער וועלט האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען יענער פעסטער זייל, אויף וועלכן דאָס גאַנצע לעבן אין געטאָ האָט זיך אויפגעבויט: די משפּחה. דער גבול, מיט וועלכן די אומגעציילטע דינים און מנהגים, די אַלטע טראַדיציע האָט אַרומגעצוימט דאָס סעקסועלע לעבן פונם יחיד, איז חרוב געוואָרן. פריי באַוועגן קאָן זיך דער יידישער יונגערמאַן און דאָס יידישע מיידל און טאָן, וואָס זייער האַרץ און וייערע חושים געלוסטן. דורות־לאַנג אין ענגער תּפיסה פאַרשפאַרט, האָבן זיך די חושים ווילד צעשפּילט און דאָרשטיג זיך געוואָרפן אין תּהום פון „לעבן". נאָר די מידע צעבראָכענע נשמות האָבן באַלד זייער עלנטקייט דערפילט, טיפע חרטה געקראָגן, זיך צוריקגעכאַפּט, דערמאָנט זיך, אַז „יידן טאָרן דאָס ניט, יידן דאַרפן דאָס ניט" און פאַרבענקט זיך נאָך דער אַלטער ריינקייט, נאָך דער אַלטער פאַרצייטישער צניעות. נאָר אָפּפאַרטיגן זיך מיט דער פאַרגאַנגענהייט, פּטור ווערן פון די זינדיגע זכרונות קאָנען זיי ניט. אַ שווערע לאַסט דריקט זיי און בייגט איין זייער רוקן. „אַ לאַסט

ליגט אויפן זכרון ביי מיר. אַזויפיל זיינען דאָרט געבליבן״, זאָגט חַנקע אין „איןְ פייער״, און אַסיע אין „שטומן״ קלאָגט זיך, אַז אַ יידישע טאָכטער איז אַ הפקר=זאַך, ווער עס וויל, קומט און נוצט זי אויס, לאָזט עפּעס איבער. סאָניען אין „פּאַרטאָג״ פּייניגט דאָס געוויסן, וואָס זי האָט איר געליבטן פאַרלאָזן, און און נאָך מער, וואָס זי האָט מיט אַן אַנדערן „ער״ (דער נאָמען שפּילט דאָ קיין ראָליע ניט) אין אויסלאַנד געלעבט, ווייל זי האָט „ווען עס איז דאָך באַדאַרפט לעבן זיך אין די פינסטערע נעכט״. און ווי סאָניע קאָן דאָס ניט פאַרגעסן, קאָן אויך די „אומגעקומענע״ זיך ניט אָפּזאָגן פון איר פערזענליכן גליק און פאַרווייטאָגן, אַז צווישן די צענדליגער טויזנטער, וואָס וועלן זי דערמאָנען, וועט איינער זי ניט דערמאָנען, וועלכן זי קאָן ניט פאַרגעסן. און „רחלע״ באַצאָלט איר זינד מיטן „סוחר״ אין דער יאָהאַניס=נאַכט מיט איר יונג לעבן.

אין „שטומן״ ווערט אָבער די ליבע=פּראָבלעם אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון דעם דראַמאַטישן געשעעניש. ביידע, אַלכּסנדר און אַסיע, זיינען אין אויסלאַנד געווען, דאָרט אַ צעלאָזן לעבן געפירט און זיך דאַן אַהיים אומגעקערט. דאָ ווילן זיי אָנהייבן אַ ניי לעבן, שטעלן אַ חופּה און ווי יידישע מאַן און ווייב לעבן. און פאַלט אַ חשד אויף דער כּלה, און ריידן בייזע צינגער וועגן דעם „פריינד״, וואָס איז געקומען אין דעם טאָג פון דער חתונה, איז אַלכּסנדר מודה ומתוודה פאַר יידן, אַז זיין כּלה איז אַ כּשרע יידישע טאָכטער. דעם גאַנצן ערשטן אַקט פּילט אויס די חתונה, אין צווייטן און אין דריטן פּייניגן זיך די יונגע=לייט און קאָנען בשום אופן ניט פּטור ווערן פון „דעם פריינד״, דעם שאָטן פון פאַרגאַנגענהייט. עס גיט זיך זיי ניט איין דאָס לעבן פון דאָס ניי אויפצובויען. די פאַרגאַנגענע זינד, דער „פריינד״, וואָס קומט אומגעריכט און אומגערופן, מאַכט צו נישט אַלע זייערע פּלענער. זייער טיפע חרטה העלפט ניט און אלכּסנדר גייט אין שול אַריין תּשובה טאָן.

די נאַציאָנאַל=עטישע, די סאָציאַל=עטישע און די סעקסואַל=עטישע — דאָס זיינען די דריי פּראָבלעמען, מיט וועלכע ווייטערס דור האָט זיך בלוטיג געראַנגלט זוכנדיג אַ נייעם וועג, שאַפנדיג נייע לוחות, נייע פאָרמען פאַר אַ ניי לעבן.

## IV.

וועלכן קינסטלערישן לבוש האָט ווייטער דעם דאָזיגן אידעען=קאַמף געגעבן, מיט וועלכע קינסטלערישע מיטלען האָט ער זיך באַנוצט?

אין פלוג גענומען, קאָן מען זיין טעכניק ניט אָנרופן רעאַליסטיש. פונדעסטוועגן איז זעלטן=ווען אַ דראַמאַטיקער מער געווען אָפּהענגיג פון זיין מאָדעל ביי זיין צוגעבונדקייט צו די פיגורן אין לעבן, קאָן מען וועגן אַ וועלכער ניט איז דיסטאַנץ, וועגן אַ דיכטערישן אָביעקטיווירן ניט ריידן. פון דער אַנדערער זייט איז זיין קוק ווייט געווען פון איבערשאַצן. מיט די פּילדערנדיגע, הימל=שרייענדיגע, קריעה=רייסנדיגע טעאַטער=פּיעסן (לעאָפּאָלד קאַמף, זאַפּאָלסקאַ) האָט ער ניט קיין שום שייכות. מיט עקל האָט זיך די ריינע מענטשליכקייט פון דעם

דאָזיגן פּאַרטיי=סאָציאַליסט אָפּגעטרייסלט פון יענע טענדענציעזע, וואָס וועלן אָגפּראָדוקטן. אויך האָט ער ניט געפּרובט קיינמאָל אידעאַליזירן, אַוועקשטעלן אויף אַ פּיעדעסטאַל, פאַרהעלדישן זיין דור. ער איז געבליבן טריי די פאַרלאַגן וואָס דאָס לעבן האָט אים געגעבן.

און די דאָזיגע טריישאַפט האָט אים קינסטלעריש איבערגעכיט. זיינע מאָדעלן האָבן ניט פאַרמאָגט קיין זכר פון דראַמאַטישן כוח, ער האָט ניט געפּרובט אַריינבלאָזן אין זיי דעם רוח=הקודש. זיינע „העלדן" זיינען אין לעבן געווען שוואַך און אָפּהענטיג, אַזוי זיינען זיי געבליבן אין זיינע דראַמאַטישע שאַפונגען. צו סאָניען זאָגט די אומגעקומענע פול רחמנות: „דו ביסט אַ מיזנס, קראַנקעס קינד, טאָ ליג=זשע שטיל... ליג שטיל..." שוואַך איז זי געבליבן אין דעם וויכטיגסטן מאָמענט פון איר לעבן, ווען דער געליבטער האָט זי גערופן, און פאַר זיין שאָטן קלאָגט זי זיך, אַז זי האָט „איינע אַליין ניט געקאָנט" און — זיך מיט אַן אַנדערן „ער" געטרייסט. און ווי שטאַרק איז אין פאַרגלייך מיט איר זיין „ער", דער מאַן, ווען זי זאָגט צו אים: „דו ביסט אַ מילדע צאַרטע בלום.. איך בין אַ קאַלטער שטורים=ווינט". אין דעם קאַמף צווישן פאָטער און זון איז סימאַ אָן אַן ערך שוואַכער. דער אַלטער ווייסט, וואָס ער וויל, ער וויל פּטור ווערן פון דער פאַבריק, וואָס שטעלט אים בדלות, וויל נעמען „סטראַכאָווקע" און וויל ווערן אַ ייד מיט יידן גלייך. דינגט ער אַ מענטשן און לאָזט אים אין דער יאָהאַניס=נאַכט אונטערצינדן דעם הויף. מיט אַן עקשנותדיגן: „איך בין ניט מסכים" קומט סימא אַריין אין ערשטן אַקט. אַ ווײַלע דוכט זיך אונז אויס, אַז דער יונגער בויער וועט זיך מיט זיין כוח אַנטקעגנשטעלן דעם אַלטן צושטערער און עס וועט זיך צעפלאַקערן אַ הייסער קאַמף. אָבער גלייך נאָך די ערשטע ווערטער לאָזט דער זון פאַלן די הענט, ווערט גלייכגילטיג, גייט דאַן אום, בייזערט זיך אויף זיך, אויף אַנדערע, אויפן דור, פאַרפירט אין דריטן אַקט מיטן פאָטער אַ שמועס וועגן אַ שפּאָגל=נייעם ענין און האָט צו אים טענות, פאַרוואָס ער שטייט ניט אויף אָפּריכטן חצות, ווי דער זיידע, און פאַרוואָס ער האָט אים געשיקט צוליב תכלית אין גימנאַזיע, וואו מען שרייבט שבת. ער נעמט ניט אָן קיין שום מיטל, ניט צו דערלאָזן דעם פייערמאַן צו זיין שענדליכער טאַט, און אַז דאָס פייער פלאַקערט אויף, בלייבט ער שטיין אין אַ פּאָזע און ווי אַ ווייט ווידערקול חזרט ער איבער פרעמדע ווערטער, וואָס דער אינזשעניער לעווין האָט צום ערשטן מאָל געלאָזט פאַלן: פייער רייניגט. ניט ער האָט דעם קאַמף אויפגענומען, ניט ער האָט דאָס ריינינגדיגע פייער געבראַכט. און פּונקט אַזוי מיד און פּאַסיוו זיינען אַלכסנדר און אַסיע אין „שטומען": צו שוואַך זיך אַ היים צו בויען, די פאַרגאַנגענע זכרונות פון זיך אָפּצוטרייסלען.

צו פאָדערן פון אָט די מענטשן ממשותדיגע דראַמאַטישע טאַטן — איז אַ ברכה לבטלה. דאָס האָט גאַנץ גוט ווייטער פאַרשטאַנען. כדי אָבער צו וועקן און צו דערהאַלטן דעם אינטערעס פון דעם צוקוקער און דעם לעזער פאַר זיינע פיגורן עטליכע אַקטן נאָכאַנאַנד, האָט ער זיך געמוזט באַנוצן מיט אַן אַנדער

מיטל, האָט ער זיך געלאָזט פאַרפירן אויף דעם גליטשיגן וועג פון פסיכאָלאָגי־שער קליינמאָלעריי. דאָס פסיכאָלאָגישע פינטלען האָט די דראַמע איבערגענומען פון דער ראָמאַן־טעכניק. אין דער עפּישער ברייטקייט קאָן זיך דער ראָמאַניסט אָפּשטעלן אויף יעדן פסיכאָלאָגישן שטריך. די דערציילונג ווערט דורכדעם פאַר־ביגער, רייכער, אינטימער: די דראַמע איז די שטרענגסטע, קאָנצענטרירטסטע פאָרם פון דיכטערישער שאַפונג. אָפּמאָלן פסיכאָלאָגישע פרטים הייסט דאָ שטערן דעם פאַרלויף פון דער אַקציע, פאַרווישן די גרויסע ליניעס, די שטרענגע קאָנטורן, מיט וועלכע די כאַראַקטערן מוזן זיין געצייכנט, כדי צו ווירקן אויף אַ טויזנט־קעפּיגן עולם אין אַ ווייטן רוים.

איז שוין דאָס איבערלאָדן מיט פסיכאָלאָגישע שטריכן אַליין פאַר זיך אַ סכנה פאַר דער דראַמע, איז עס ביי ווייטערס העלדן מסוגל דעם שוואַכן דראַמאַטישן פונקט, וואָס טליעט אונטער דעם אַש פון די ווערטער, אינגאַנצן צו דערשטיקן. נישטערנדיג די „זינד״, פאַר וועלכע זיי דאַרפן אָפּקומען, שפּיגלען זיי זיך אין אייגענעם „ליבן איך״, גריבלען זיך אין די טיפענישן פון זייער נשמה, האָרכן זיך איין אין יעדן ציטער פון זייער קרענקליכן ווילן, יעדן צאַפּל פון זייער געפיל, גייען נאָך דעם זיגזאַג פון זייער געדאַנק. אַלץ, וואָס קומט פאָר ביי זיי אינווייניג, קאָנען זיי איבערגעבן אין ווערטער און ניט נאָר די ווערטער דערלאַנגען זיי אייך, נאָר אויך דעם פירוש, זיי גלאָסירן, פשטלען, פּעלעטאָ־ביזירן. זיי ווייסן אַלץ און נאָך מער, ווי אַלץ: צו פיל. די שטילינקע רחל'ע צערעדט זיך פלוצלונג אין דער יאָהאַניס־נאַכט איבער טאָל און איבער באַרג און זי, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקאָנט געפינען קיין ווערטער אין דעם וואָכעדיגן לעבן, פאַרשטייט פּינקטליך אָפּצוגעבן דין־וחשבון איבער דעם מינדסטן ציטער פון אירע עראָטיש צעשפּילטע חושים. סאָניע אין „פאַרטאָג״ ווייסט זיך גענוי צו אַנאַליזירן און צעברעכן זיך דעם קאָפּ, צי איז זי „אפשר אַ שטראַל, אַ פאַר־אירטער, אפשר אַן אָפּקלאַנג. אַ פאַלשער, אפשר אַ צער, אַ פאַרטויבטער, אפשר אַ וואונד אַ פאַרהיילטע״ (מיין קורסיוו).

און מאָדנע! מען וואָלט מיינען, אַז דורך דער פסיכאָלאָגישער איבערציי־גונג ווערן די געשטאַלטן ממשותדיגער, קערפּערליכער, נעענטער. אין דער אמתן איז פונקט פאַרקערט. די פיל פרטים שאַפן ניט קיין גאַנצקייט, די קליינע שטריכן ניט קיין געשטאַלט, די רעפלעקסיעס און גריבלענישן ניט קיין מענטשן. די איינצלנע פּערזאָנען זיינען ניט גענוג שטאַרק אַרויסגעאַרבעט, דאָס, וואָס שיידט זיי אונטער, איז ניט גענוג בולט. די גרעניצן צווישן פאַרשיידענע פּערזאָנען צווישן מאַן און ווייב, צווישן וואָר און חלום פאַרווישן זיך. עס איז פשוט אויפפאַלנדיג, ווי ווינציג דער חילוק איז אין דער גייסטיגער און זעלישער סטרוקטור צווישן סאָניען און „אים״, צווישן אַלכסנדרן און אַסיען. די חלום־געשטאַלטן אין „פאַרטאָג״ זיינען אָן אַן ערך בולטער און ממשותדיגער פאַר די רעאַלע פּערזאָנען.

צווישן די איינצלנע פּערזאָנען איז קיין צוזאַמענבונד ניטאָ. יעדער לעבט זיך פאַר זיך, גייט זיין אייגענעם וועג, פאַרמאַכט זיך, פאַרהאַקט זיך אין זיין

וועלטל, זעט נאָר זיך, רעדט נאָר וועגן זיך. דורך דעם באַקומט זיך אָנשטאָט אַ דיאַלאָג אַ ריי פון מאָנאָלאָגן, וואָס יעדער רעדט פאַר זיך און דער אַנדערער איז נאָר אַ מער אָדער ווייניגער צופעליגער עדות דערביי. און ווי יעדער מאָנאָלאָג אין דער דראַמע, איז אויך ווייטערס מאָנאָלאָג שטאַרק נוטה צו — מליצה. די שפּראַך פון די פּערזאָנען, אין דער ערשטער דראַמע פּערזיג און שטאַרק ליריש (אַ היבש ביסל ריין פּובליציסטישע פּערזן איז אין דער צווייטער פאַרבעסערטער אויסגאַבע אַרויסגעפאַלן), ווערט אין די צוויי שפּעטערדיגע פּראָזעדראַמען האַרט און שלעפּעדיג, די רמזים שווער, גראָב ווי שטריק, ניט פריי פון באַנאַלקייט (דער „פייערמאַן", וואָס מאַכט צו אַש — פרויען־הערצער) און אַפילו פון טריוויאַלקייט (רחלע בעט דעם דאָזיגן חברה־ און פייער־מאַן, ער זאָל איר ד ע ר צ י י ל ן, ווי אַ פרוי האָט אים צום ערשטן מאָל ליב געהאַט).

דאָס געפיל פון גאַנצער, ניט געטיילטער פרייד איז די דאָזיגע געשטאַלטן אַזוי פרעמד, ווי גאַנצער טיפער צער. זייערע ליידנשאַפטן זיינען טרוקן, אָפּגעשטאַנען. זייערע געפילן אַנטוויקלען זיך ניט נאָך אַ נאַטירליכן געזעץ; מיר זעען ניט, זיי זאָלן זיך צעוואַקסן און דאַן אָפּפאַלן און אויסקלינגען. שטיל פליט ערגעץ־וואו אויף אַ געפילעכל, ווי אַ קראַנק, פאַרוואונדעט פייגעלע, פאָכעט אַ ווײַלע מיט די שוואַכינקע פליגעלאַך און פאַלט דאַן מיד אַראָפּ. אויף אַ מינוט פלאַקערט אויף חנקעס אויסגעלאָשן געפיל, ווען די ידיעה קומט, אַז איר ערשטער געליבטער דאַרף קומען צו פאָרן, אָבער „נאָך דעם ערשטן האַרץ־געשריי איז שוין פּוסט געוועזן אין דער נשמה, ווי אין אַ מדבר. וויסט — — אויסגעברענט" צוגעשמידט צו דעם אייגענעם „איך", שלעפּן זיי שווער די קייט, קלינגען מיט די רינגען, גייען אַרום ווי אין אַ פאַרכישופטן ראָד טראָט ביי טראָט און פייניגן זיך און אַנדערע.

דאָס האָט זיך אויך געמוזט אָפּרופן אויף דעם געביי פון די דראַמעס. שטרענגע אַרכיטעקטאָניק, אויסגעהאַלטענע גלידערונג וועט מען אומזיסט זוכן. דאָס געפיל פאַר קאָנצענטראַציע איז ביי ווייטערן אין אָנהייב פון זיין קינסטלערישן שאַפן שטאַרקער, ווערט אָבער דאַן אָפּגעשוואַכט. אין „פאַרטאָג" שפּילן זיך אָפּ די גאַנצע פיר אַקטן אין איין צימער און אין משך פון איין נאַכט. די דראַמאַטישע געשעענישן זיינען צוזאַמענגערוקט אין די מיטלסטע צוויי אַקטן, וואָס ווערן פון דעם ערשטן און פערטן איינגערעמט (נאָך וויספּיאַנסקיס מוסטער — וועגן דעם שפּעטער). די געשלאָסנקייט פון דער פאָרם אין „פאַרטאָג" דערקלערט זיך דורך דער אינערליכקייט פון דער דראַמע. די געשעענישן קומען פאָר ביי סאָניען אינווייניג און אַלע פּערזאָנען, סיי די געשפּענסטער, וואָס שאָטענען פאַרביי אין די מיטלסטע צוויי אַקטן, סיי די רעאַלע פּערזאָנען אין די צוויי עקסטע, „ער" און די דריי געסט, זיינען מער ניט אויסשטראַלונגען פון איר אינווייניגסטער וועלט, פון אירע געפילן און געדאַנקען, פון איר „קראַנקן געוויסן". זיי טראָגן דעריבער ניט קיין נעמען און ווערן נאָר טיפּיש באַצייכנט, ווי „ער", דער „זיידע", „דער אומבאַקאַנטער", „די אומגעקומענע", „ערשטער גאַסט", „צווייטער גאַסט", „דריטער גאַסט".

אינטערעסאַנט איז, אַז די "רעאַלע פּערזאָנען, די געסט זיינען צופעליג און מיט
דער האַנדלונג ניט פאַרבונדן (געסט!), בעת די ניט רעאַלע שאָטנס זיינען סיי
מיט די געשעענישן, סיי מיט דער הויפּט=פּערזאָן, סאָניע, ענג פאַרקניפּט. אַלץ, אחוץ
די לעצטע עטליכע זאַצן, איז געהאַלטן אין פערזן מיט אומקלאָרער ריטמיק.

„אין פייער״ און „דער שטומער״ איז אין שווערער פּראָזע געשריבן, ריין
מיט פובליציסטישער מליצה באַפּוצט. די איינהייט פון צייט איז נאָך אין
„אין פייער״ אָפּגעהיט (אַלץ קומט פאָר אין איין נאַכט), אָבער לעבן דעם הויפּט=
סיכסוך צווישן פאָטער און זון, וועלכער איז ניט בכוח אויסצופילן די דראַמע,
שפּילן זיך אָפּ נאָך צוויי קליינע יאָהאַניס=דראַמעלאַך פון חנקען און רחלען, וואָס
באַרירן זיך נאָר קוים מיט דער עיקר=פּלאָבלעם. די יאָהאַניס=נאַכט, וואָס פאַר=
בינדט און ראַמט=איין די גאַנצע דראַמע, דאַרף אָפּגעבן אַ פּאָן פאַר דעם היפון
צווישן דעם עצבות און אומעט ביי יידן און דעם פריילעכן אָנזאָרגיגן לעבן ביי
גויים און דאַרף אַגב דערקלערן די סיבה פון די צעשפּילטע חושים ביי די יידישע
מיידלאַך („אָט איז אַ נאַכט, אין אַזאַ נאַכט איז דאָס בלוט זודיג״ — דרשנט
אַ פעלדשער, וואָס ווערט ספּעציעל צוליב דעם מיט אַ דינסטמיידל צוזאַמענגעפירט),
האָט אין דער אמתן אַ קנאַפּע שייכות צו אַ יידישער שטוב און צו די יידישע
קינדער און איז אַ ריין טעאַטראַלישער עפעקט, אויסגעבאָרגט ביים געניטן טע=
אַטראַליקער הערמאַן זודערמאַן („יאָהאַניס=פייער״, 1900) און ווערט אַפילו ניט
פאַריידישט דורך דעם מאָטיוון=שידוך מיט די בנות ישראל, וואָס פלעגן אין
ווייסן אַרויסגיין אין די נעכט אין די גערטענער פון ירושלים און טאַנצן און —
וואָס אַ היינטיג יידיש מיידל געדענקט אומבאַוואוסט. אין „שטומען״ איז די פאָר=
מעלע איינהייט פון אָרט און צייט ניט אָפּגעהיט, אָבער די דראַמע קאָנצענטרירט
זיך ווידער אויף ביידע הויפּט=געשטאַלטן און ניט קוקנדיג דערויף, וואָס דער
לעצטער אַקט איז דורכן מחבר אַלס עפּילאָג נאָר לויז פאַרבונדן מיטן גאַנצן,
איז ער אין דער אמתן פאַרוואַקסן מיט דער עיקר=דראַמע און קרוינט אַלס
תשובה=טאַט דעם לייד=וועג פון אַלכסנדרן.

V.

קוקט מען זיך צו צו דער פאָרם פון די דריי דראַמעס און באַטראַכט מען
דעם טיפן תהום צווישן „פאַרטאָג״ פון איין זייט און „אין פייער״ און „דער
שטומער״ פון דער אַנדערער, קאָן מען לייכט דערגיין, אַז „פאַרטאָג״ איז אַנט=
שטאַנען אונטער אַ פרעמדער השפעה. אויך אין די אַנדערע דראַמען קלינגען
פרעמדע טענער און בפרט די חרטה=שטימונגען, וואָס האָבן זיך דעמאָלט
געטראָגן אין דער לופטן, וועט מען אין אַ סך אַנדערע רוסישע ווערק פון יענער
צייט געפינען. אָבער באַזונדערס שטאַרק איז געווען אויף ווייטערן די וויר=
קונג פון דעם פוילישן דראַמאַטיקער סטאַניסלאַוו וויספּיאַנסקי. ניט וועגן דער
ריין אויסערליכער ענליכקייט צווישן „דעם שטומען״ און „וועסעליע״ האַנדלט עס
זיך. ביידע — הגם פון גאַנץ פאַרשיידענעם אינהאַלט — וועבן זיך אַרום אַ גלייכן

מאָטיוו: אַ פּאָלקסטימליכע חתונה פון אַ „צוריקגעקומענעם"; נאָר בעת ח"ס-פּיאַנסקיס דראַמע איז אַ בייסנדיגע סאַטירע אויף זיין קליינינקער צייט, איז ביי וויטערן ניטאָ קיין זכר פון גאַל. און וואָס שייך די דראַמאַטישע קאָנצעפּציע פון ווייספּיאַנסקיס טראַגעדיעס, האָט זי ביי וויטערן קיין אָפּקלאַנג ניט געפונען. דער פּוילישער דראַמאַטיקער האָט דער קליינקעפּלדיגקייט און שיפלות פון זיין צייט אַנטקעגנגעשטעלט די העלדישקייט פון פאַרגאַנגענע צייטן פון העראָאישן גריכנלאַנד און דער פּוילישער היסטאָריע. די צוויי וועלטן, פון וועלכע ביידע האָבן געשעפּט זייער שטאָף, זיינען געווען אַזוי ווייט איינע פון דער אַנדערער, ווי הימל פון ערד, דערפאַר אָבער לאָזט זיך אין דער אויספירונג, אין דער פאָרם פון „פאַרטאָג" נאָכווייזן אַ טיפע השפעה פון דעם פּוילישן טראַגיקער אויף זיין יידישן פאַרערער. דער ראָמאַנטישער שלייער, אין וועלכן ווייספּיאַנסקי האָט איינגעהילט זיינע דראַמאַטישע שאַפונגען פון קלאַסישער שיינקייט און רייכער פּולקייט, איז ביי דער טראַדיציע פון דער פּוילישער ליטעראַטור, ביי דער קראָקער סביבה, וואו דער שלאָס וואַוועל האָט אַלעמען פאַרוויגט אין חלומות פון נאַציאָנאַלער פּראַכט און גרויסקייט און אַליין ווי אַ מצבה פון יענע צייטן געוועקט און גערופן צו דער טאַט, צו דער פאַרהערליכונג פון טאַטן — געווען אַ נאַטירליכע ערשיינונג. ביים יידישן דראַמאַטיקער האָט זיך, ענליך ווי אין פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", צו בולט געפילט די פרעמדע השפעה.

דאָס צונויפמישן, דורכאַנאַנדוואַרפן רעאַלע פערזאָנען מיט ניט רעאַלע ערשיינונגען — איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך ווייספּיאַנסקעס. ווי ביים פּוילישן דיכטער, זיינען ביי וויטערן די פאַנטאַסטישע געשטאַלטען מער ניט קערפּערגעוואָרענע וויזיעס, אָביעקטיווירטע פּערזאָניפיקאַציעס פון חלומות, געפילן, מחשבות פון אַ דראַמאַטישער פּערזאָן. דער קאַראַהאַד פון די שאָטנס אין צווייטן און דריטן אַקט פון „פאַרטאָג" — דאָס איז אַן אָפּבילד פון יענע מאַסקן און כל המיני גייסטער און געשפּענסטער, מיט וועלכע עס וויבלט און שווימבלט ביי ווייספּיאַנסקין. נאָר בעת ביים פּאָליאַק דערהויבן זיך כמעט אַלע ניט רעאַלע געשטאַלטן צו אַ סימבאָלישער הייך, לאָזן וויטערס באַגרעניצטע דיכטערישע כוחות אַ סימבאָלישע אויסטייטשונג ניט שטענדיג צו. בעת „דער זיידע" און „דער אומבאַקאַנטער" סימבאָליזירן אין זייער אַנטקעגנשטעלונג די צוויי אַנטיפּאָדן פון די קעמפנדיגע וועלט-באַנעמונגען, פעלט „דעם טאַטן", „דער מוטער", „דער שוועסטער" דער איבערצייגנדיגער כוח פון סימבאָלן. אָבער טיפּיש זיינען זיי אַלע, סיי „דער זיידע", סיי „דער פאָטער", סיי „די מוטער" און „די שוועסטער", ניט מינדער ווי די געשטאַלטן ביי ווייספּיאַנסקין. ווייספּיאַנסקין פאַרדאַנקט וויטער אויך די פערזיגע פאָרם אין „פאַרטאָג", צו וועלכער ער האָט זיך דאַן ניט מער אומגעקערט. און הגם וויטערס שפּראַך דערגרייכט ניט די זעלטענע שענקייט, אייגנאַרטיגקייט, אוממיטלבאַרקייט, מוזיקאַלישקייט און דראַמאַטישע דינאַמיק פון ווייספּיאַנסקיס שפּראַך און שעפּט ניט אויס יענע אורקוואַלן פון פאָלקסטימליכקייט, וועלכע עפענען זיך דעם פּוילישן דיכטער, געפינען זיך ערטערווייז שורות, וואָס דער

מאַנען מיט זייער קלאַנגליכער, פאַלקסטימליכער פשטות יענעמס טעגער. ווי למשל די ב

איז דאָס אמת, אָדער ניט?
עמיץ האָט מיר היינט פאַרציילט
דאָס מיין סאָניאַ קומט צוריק...
איז דאָס אמת, אָדער ניט?...
. . . . . . . . . .
סאָניאַ גייט צוריק צו מיר,
סאָניאַ מוז דאָך גיין צו מיר,
ווייל זי טראָגט מיין רינג ביז יעצט,
רינגען זיינען קייטן דאָך,
רינגען שמידן מענטשן איין,
זיי צערייסן קאָנסטו ניט —
אמת האָט ער מיר פאַרציילט?...

ווייטערס גרונט־שטימונג איז — ווי וויספּיאַנסקיס — פּעסימיסטיש. נאָר אין איין וויכטיגן פונקט שיידט זי זיך אונטער פון יענער. וויספּיאַנסקי ווייסט - ענליך ווי שעקספּיר, —אַז זיין העלד וועט אונטערגיין, מוז אונטערגיין. אָבער מיט דער־זעלבער טראַגישער נויטווענדיגקייט מוז דער העלד דאָס שליחות אויף זיך נעמען, טאָר זיך פון זיין עול ניט אָפּזאָגן, כּדי מיט זיין שווערן קאַמף און מיט זיין טראַגישן אונטערגאַנג „צו הייליגן דעם אייביגן אמת״. ווייטערס דראַמאַטי־שער וועלט־קוק בויט זיך אויף דער יאוש־שטימונג פון זיינע געשטאַלטן. נאָר איין קוק האָט ביי אים דער העלד: תּשובה־טאָן פאַר אַ פאַרגאַנגענע זינד. אויפ־נעמען דעם קאַמף איז איבעריג. עס פירט צו גאָרניט, כּל־זמן די זינד איז ניט אָפּגעמעקט. דער העלד גיט זיך אונטער, איידער ער נעמט דעם קאַמף אויף, און דעריבער ווערן מיר דורך דעם גורל פונם העלד ביי יענע דראַמאַטיקער טיף אויפגעטרייסלט, אָבער אויך דערהויבן און געלייטערט. ביי ווייטערן קאָנען מיר פון אַ פייניגנדיג, דריקנדיג געפיל ניט פּטור ווערן.

די דאָזיגע ענגשאַפט דערקלערט זיך מיט נאָך איין סיבה. אונטער וויס־פּיאַנסקיס העלדן שטייט אַ פאָלק. זייערע ליידן זיינען איבערפּערזענליכע, דורך זיי זיינען זיי פאַרבונדן מיט דעם גאַנצן פאָלק, אויב ניט—ווי אין די גריכישע און אין מאַנכע פוילישע דראַמען — מיט דער גאַנצער מענטשהייט. די ליידן פון ווייטערס געשטאַלטן זיינען אָבער נאָר קווענקלעניש פון אַ קליינער עדה אינ־טעליגענטן, וואָס זיינען אָפּגעריסן פון זייער שורש. ער האָט אַפילו געפּרובט זוכן פאַר זיי אַ פאָלקסטימליכן, נאַציאָנאַלן באָדן, וואו זיי זאָלן קאָנען אַריינלאָזן זייערע וואָרצלען, און ניט געפינענדיג אים אין דער רעאַלער וועלט, האָט ער אים געזעען אין דער ריין גייסטיגער ספערע פון שול. דאָס האָט אים און יענער גאַנצער שיטה, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג: צוריק אין שול אַריין!— געמוזט פירן צו אַ געוואַלדיגער - ראָמאַנטישער - איבערשאַצונג פון יענער טויט־פּרו־

מער סביבה פאַר דעם דראַמאַטישן מענטשן. דער שטאַרקער, וואָס שטייט מיטביידע פיס אויף דער ערד, שטרעקט אויס גאוהדיג די הענט צום הימל און וויל פון דאָרט אַ געטליכן פונק אַראָפּנידערן, שליידערט פון זיך אַוועק די גייסטליכע הילף, דאָס פאַרטשאַנדענדיגע, אַיינליוליענדיגע טרייסטוואָרט. ער גייט ביז צום סוף, פאַלט און ווערט צעשמעטערט פון גאָטס-צאָרן און נאָר דער שוואַכער, אָפּהענטיגער לאָזט זיך פאַרשיכורן פונם זיסן ווייערעך פון רעליגיעזער טרייסט.

און אַזוי זיינען ווייטערס שאַפונגען געבליבן דאָקומענטן פון אַ אינערליכן ראַנגלען פון אַ שוואַכן דור, וואָס איז דורך דער געשיכטע פאַרמשפּט געוואָרן צו לעבן אין אַ איבערגאַנגס-תקופה,—שאַפונגען, אין וועלכע דער מחבר האָט אַליין נאָך שווער זיך געראַנגלט, ליידנשאַפטליך אַ וועג געזוכט, ערליך צו אַ ברעג געשטרעבט. אפשר וואָלט זיך אים אין די שפּעטערע יאָרן געוועזן אַיינגעגעבן דעם ברעג צו דערגרייכן, אפשר וואָלט ער דאַן מיט אַ רואיגן, אויסגעלייטערטן בליק געקאָנט אַרומנעמען ווייטקייטן, וועלכע די ענגע סביבה האָט אים פאַרשטעלט.

דאָס איז אים אָבער ניט באַשערט געוועזן. זאָלן די דאָזיגע ווערטער, וואָס קאָנען ניט רימען דעם גרויסן קינסטלער, עדות זאָגן וועגן דעם ריינעם, ערליכן, איבערגעגעבענעם מיטקעמפער און מיטליידער פון זיין דור.



ש. ניגער.

# שווייגן.

(פראַגמענטן)

צום אָנדענק פון
א. ווייטער.

## 1.

## „דער שטומער" *).

...עס איז פרי, עס איז נאָך צו פרי פאַר מיר צו רײדן וועגן אים. די נאַקעטע וואונד באַהאַלט זיך נאָך פון מענטשן און — פון זיך אַליין... זאָל איר שטומען זי באַשיצן! אויך אים האָט ביים לעבן נאָך געשיצט די שטומקייט — פון שמערץ און שטאָלץ־פאַר־שווײַגונג... איך ווייס ניט, וואָס שרייען און וואָס טומלען זיי, די ווייטע, ווען ער, ווייטער, רוט. לאָזט אים רוען... זיי רופן אָן זיין טויט „טראַגיש" אויף זייער הויכן לשון: זיין לעבן אַ טראַגישער געווען...

זיין שטומער טויט, זיין צום הימלשרייענדיגער טויט איז נאָר אַן עפּילאָג, אַ קורצער, טעמפּער עפּילאָג צו דער דראַמע פון זיין לעבן. דעם „עפּילאָג" האָט אַכזריותדיג־קאַלט „געלייענט" ניט ער, נאָר יענער אייביגער סופלער, יענער אומזיניגער סופלער, וואָס שטייט הינטער יעדערן פון אונז. די „דראַמע" האָט ער אַליין, ווי ער האָט געקאָנט, געשפּילט... היינט קאָן איך עטליכע ווערטער זאָגן נאָר וועגן זיין געשריבענער דראַמע: — „דער שטומער".

די דראַמעס זיינען ניט די בעסטע צווישן זיינע ווערק. ער האָט אין די לעצטע יאָרן גענומען שרייבן ערציילונגען, וואָס — לויט די פּראָבעס, וואָס מיר האָבן געזעען פון זיי — וואָלטן זיי זיכער איבערגעשטייגט די דראַמעס. צווישן די דראַמעס איז די בעסטע שאַפונג ווידער ניט „דער שטומער", נאָר — „דאָס אומגליק", אַן איינאַקטער, וואָס איז אין אַ ווילנער בלאַט געווען אָפּגעדרוקט קורץ פאַר זיין טויט. די טעמע פון דעם איינאַקטער איז אַן אַלטע (יידישע טעכטער צוויי שמדן זיך, ווייל אין דער היים איז זיי — ענג); אָבער לויט דער מייסטערשאַפט פון זיין געביי, לויט דער ריינקייט, צונויפגענומענקייט און

*) פון דעם אריינפיר־וואָרט צו דער אויפפירונג פון דעם „שטומען" אויפן דער ווייטער־אָוונט אין ווילנע, דעם 26־סטן אויגוסט.

פעסטקייט פון זיין דיאַלאָג, איז ער צייטיגער און פולקומער ווי זיינע פריער־דיגע דראַמאַטישע ווערק.

אָבער אויב „דער שטומער" איז ניט די בעסטע, איז עס די אינ־טימסטע צווישן זיינע שאַפונגען.

אויך די ערשטע צוויי דראַמעס זיינע — „פאַרטאָג" און „אין פייער" — זיינען אינטים: אויך זיי זיינען פרקים פון זיין — גייסטיגער — אויטאָביאָגראַפיע; „דער שטומער" איז אָבער אַ פרק, וואָס האָט זיך געצויגן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן, אַ פרק, וואָס איז נאָך ניט אָפּגעקילט געוואָרן: עס רעדט נאָך צו אונז זיין שטומקייט, ווי אַלעבעדיגע, מיר זעען זי נאָך אין די ווינקלען פון זיין פאַרשלאָסענעם מויל, זי איז נאָך פריש, ווי אונזער אָפענע וואונד...

דאָס איז דער לעצטער גלגול ווייטערס — „דער שטומער". ניט ווי איין געשטאַלט — ווי אַ ווערק, גענומען אינגאַנצן. ווייטער איז ניט אַלכּסנדר (דער הויפּט־העלד פון דער פּיעסע, וועלכער גייט אַוועק אין שול, ווערט אַפּרוש און הערט אויף צו ריידן מיט מענטשן); ווייטער איז אויך ניט דער פריינד (דער צווייטער העלד פון דער דראַמע): ווייטער איז צוגלייך אי אַלכּסנדר אי דער פריינד: אין אים האָט געלעבט אין די לעצטע יאָרן אי אַלכּסנדרס תּשובה־שטימונג און היים־בענקעניש, אי דעם פריינדס קלוג און קיל שמייכעלע; אי אַלכּסנדרס מילדקייט, אי דעם פריינדס שטרענגקייט; אי אַלכּסנדרס אומבאַהאָלפנקייט און אָפּגעפרעמד־קייט פון לעבן, אי דעם פריינדס זיכערקייט און דאָרשט נאָך מעשים... ביידנס זעלן האָבן געלעבט — און געשטריטן — אין זיין מידער ברוסט: זיי זיינען ביידע געווען — ער (און דערפאַר איז זיין באַציאונג צו זיי געווען נאָך אַן אומרואיגע און אַן עטישע, ניט קיין באַרואיגט־קינסטלערישע...).

היינט אַלכּסנדר, מאָרגן אַלכּסנדרס פריינד; הייט מיד און פאַסיוו, מאָרגן פול מיט לעבנסלוסט און ווילנסקראַפט — אָט דאָס איז געווען ווייטער אין די לעצטע יאָרן. עס באַגייען אַן אומרעכט די, וואָס זעען אין „דעם שטומן" נאָר — דעם שטומן, אַלכּסנדרן. לעבן אַלכּסנדרן שטייט זיין פריינד, וועלכער איז פונקט אַזאַ טייל פון ווייטערס איך, ווי אַלכּסנדר. דער פריינד איז מודה, אַז „עס האָט קיין היים ניט אַ יידיש קינד", ער איז אויך מודה, אַז „אויפבויען די היים קאָנען מיר נאָך ניט, נאָך ניטאָ פון וואָס דערוויילט"; אָבער ער ווייס, אַז נאָר דערווייל איז עס אַזוי, ער ווייס, אַז בעסערע צייטן וועלן קומען און מען דאַרף זיך גרייטן צו זיי... „די, וואָס בלייבן אין לעבן, טאָרן ניט שווייגן" — זאָגט דער פריינד. „שרייען דאַרפן זיי, אומגיין, ווי גאָר אַמאָל, און שרייען: יידן, עס איז שלעכט, הייבט אָן בויען דאָס לעבן אויף דאָס נייע" און אַז. וו. און אַז. וו.

„דער שטומער" רופט ניט צו פאַסיוויטעט. די, וואָס טייטשן „דעם שטומן", ווי אַ רוף צוריק „אין שול אַריין", צו די אַלטע ספרים, צו דער אַלטער איינ־געשלאָסנקייט — האָבן אַ טעות. „דער שטומער" ווייזט גיכער, פאַרקערט, די

אומבאַהאָלפנקייט פון דער שול־און תּשובה־ראָמאַנטיק, וועלכע האָט דאָן, ווען די דראַמע איז באַשאַפן געוואָרן, פאַרכאַפּט אַ טייל פון דער יידישער אינטע־ליגענץ, וואָס האָט זיך געפילט אָפּגענאַרט פון דער — „ניט געלונגענער״ — רוסישער רעוואָלוציע. „דער שטומער״ זאָגט צו אונז: זעט, וואָס עס איז געוואָרן פון איינעם, וואָס האָט צוריק געוואָלט דאָס אַלטע, אָפּגעלעבטע לעבן. ער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי אינגאַנצן פון לעבן אַוועקגיין...

אָבער ניט אויף שטענדיג איז אַלכּסנדר אַוועק פון לעבן. זיין שטום ווערן איז נאָר אַ צייטווייליג אָפּוואַרטן פון אַ נשמה, וועלכע וויל ניט פאַר־שווענכן די שפּראַך, גאָטס שענסטע גאָבּ, ווען זי ווייס, אַז זי האָט אויף אַ צייט אָנגעוואָרן דעם זינען פון די ווערטער, וועלכע זי האָט ביז אַהער געבראַויכט...

אַ קריסט גייט אַוועק אין „מאָנאַסטיר״, ווען אַלע אַנדערע, ערליכע וועגן זיינען פאַרשטעלט אָדער אין נעפּל פאַרלאָרן. אַלכּסנדר איז אַ ייד: גייט ער אַוועק אין שול. אָבער דאָס איז ניט קיין אומקערן זיך צו דער אויסנווייניגסטער טראַדיציע: דאָס איז אַ ווענדן זיך, נאָך לאַנגער בלאָנדזשעניש, אינעווייניג צו זיך...

אַ חשבון־הנפש, אַ צוהערן זיך צו זיך אַליין איז אָט דאָס אַנטשוויגן־ווערן...

און דערפאַר האָט „דער שטומער״ אַן אַלגעמיינעם זינען, כאָטש די דראַמע שפּיגלט אָפּ אין זיך די תּקופה, ווען זי איז באַשאַפן געוואָרן, די צייט נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. אין יעדער צייט און מיט יעדן מענטשן קאָן טרעפן, אַז ביסלאַכווייז אָדער פּלוצלונג, זאָלן אים די אַלטע וועגן זיינע פרעמד ווערן און קיין כּוחות אויף צו לאָזן זיך אין אַ נייעם וועג זאָל ער נאָך ניט שפּירן אין זיך, און, ווי דאָס קערנדל אין דער ערד, זאָל ער מוזן שטומען אַ צייט אין דער טונקלקייט, ביז ער וועט זיך אָנזויגן מיט נייער זאַפטיגקייט און, שפּראָצנדיג, זיך ווידער ציען צו דער ליכטיגער שיין...

## .2

## דאָס קערנדל פון שאַפן.

...דאָס קערנדל אין דער ערד מישט זיך אויס מיט די זאַפטן פון באָדן, שפּראָצט און שטומט. יעדע, נאָך נישט אויפגעגאַנגענע, מחשבה שטומט ווי אַ קינד, ווען עס איז אין דער מוטערס אינגעווייט... דער ים רוישט און ברויזט נאָר ביי די ברעגן; אין דער טיף איז ער שטיל: וואָס טיפער, אַלץ שטילער...

ליעבע רעדט נישט: זי זיפצט, זי זינגט פון שמאַרץ, פון אַנטציקונג... גלויבט ניט דער ליבע, וואָס רעדט.

האַס, ווען ער איז עכט, שטיקט זיך אין די ווינקעלאַך פון דער טונקל געוואָרענער נשמה, פאַרשטעקט זיך הינטער דער בלאַסקייט פון דעם אַנטשוויגן־געוואָרענעם געזיכט, בלאַנקט, ווי אַ חלף, אין דער פינסטערער שאַרפקייט פון פאַרווילדטן בליק... האַס רעדט ניט. די הייסטע פאַרברעכנס ווערן אָפּגעטאָן אין דער פינסטער, אין דער שטיל. די האַסערס, וואָס ליאַרימען, זיינען ניט

די געפערליכסטע האַסערס. די שויבנבּרעכערס, די, וואָס פאַרשמוצן די לופט מיט דעם הילכיגן אָטעם פון זייערע העסליכע רייד — דאָס זיינען די האַלבּע פאַר־בּרעכערס, דאָס זיינען די פּחדנים, וואָס וואַרפן צו דער חיה־רעה, וועלכע זיצט אין זיי, אַ ביינדל, זי זאָל זיי אָפּלאָזן... זיי שליידערן דיך אויף דער ערד, שלאָגן, טרעטן מיט די פיס, זידלען זיך, ליאַרימען און מאַכן גוואַלדן, ווי ניט דו, נאָר זיי וואָלטן הילף דאַרפן און רעטונג: דאָס ראַנגלען זיי זיך מיטן טייוול, דאָס פּרובן זיי אים פאַרטומלען, בּאַרואיגן, זיך אָפּקויפן פון אים ... וואָס הילכיגער און הערליכער און העצעדיגער זיי שרייען, וואָס פעטער און עקלהאַפטיגער עס טריפט דער גיפט פון זייערע זלזולים, אַלס זיכערער בּיסטו מיטן לעבן; נאָר אָט איז געוואָרן שטיל: איצט פירט מען דיך „צום פלאַנקען"... היט זיך פאַר דער שטילקייט! דער אמתער גזלן זינדיגט ניט מיטן מויל: דער קאָליר פון פאַר־בּרעכן איז שוואַרץ — דער שטילסטער פון אַלע קאָלירן.

שטום און טונקל איז אויך טרויער און אבלות. נאָר פרייד איז הילכיג און העל: פרייד איז ניט דויערהאַפטיג, ניט טיף. בּיי אַ גוסס, צו אַ לוויה, לעבן טיף־ליידנדיגע שוויגן מענטשן, וואָס קאָנען שוויגן (מאַנסבּיל). ווער האָט אויס־געטראַכט הספדים? גלייכגילטיגע. ווער זאָגט הויך אויפן קול ווידוי פאַרן טויט? (איך האָב געזען אַזאַ) דער, וואָס האָט דעם טויט, דער טונקלקייט אין געזיכט ניט אַריינגעקוקט: דער איבּערגעשראָקענער, דער טיף־ליידנדיגער, אויך דער שטאַרבּנדיגער שווייגט, ווי די טיפעניש פון ים, ווי דאָס קערנדל, וואָס וואַרט אויף זיין ווידערגעבּורט אין דער שטילער ערד...

איך וואונדער זיך ניט, ווען איך בּאַגעגן איצט שווייגנדיגע. די גרויסע עינויים פון דער צייט האָבּן געמוזט פאַרמערן צווישן אונז די צאָל פון די שווייגערס. אויך א. חייטער האָט געהערט צו די אַנטשוויגן־געוואָרענע: ער איז גרייט געווען צו ריידן וועגן וואָס איר ווילט, אַבי ער זאָל קאָנען שווייגן אינעווייניג, אין זיך...

דאָס איז ניט קיין טעמפּקייט, ניט קיין יאוש, ניט קיין דערשלאָגנקייט — דאָס איז אַ שוצמיטל, דאָס איז אויך אַן אויסדרוקסמיטל...

הערט זיך צו צו די שווייגנדיגע! אויך דאָס קערנדל אין דער ערד ווערט אויס און ווערט פויל, זיך בּאַפרוכפּערנדיג, שווייגנדיגערהייט.



ש. אַנ-סקי.

# בײם קבר פון אַ קדוש. *)

אין בלוטיגן שטורים פון די לעצטע טעג איז צווישן פיל צענדליגער יידישע קרבנות געפאַלן פון אַ מערדערישער האַנט אײנער פון די איידלסטע פאָרשטייער פון אונזער יונגער ליטעראַטור, אַ מענטש פון רייכסטן גייסט, אַייזיק-מאיר דעווענישסקי (א. ווייטער).

שטרענג און טראַגיש האָט זיך אויסגעוועבט זיין אייגנאַרטיג לעבן. נאָך טראַגישער איז געווען זיין פּריצייטיגער טויט. און זיי ביידע — דאָס לעבן און דער טויט — זיינען געווען ווי מיסטיש באַהעפט און דורכגעדרונגען דורכאַנאַנדער.

אין שטורים פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע האָט העלדיש אויפגעפלאַקערט ווייטערס מעכטיגער גייסט, און אין דער וועלט-מהומה פון איצטיגער צייט איז ער געוואַלדיג פאַרלאָשן געוואָרן. און אין די 15 יאָר, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען צווישן די ביידע רעוואָלוציעס, איז זיין לעבן געווען באַגאָסן מיט דעם אָפּשיין פון זיינע ביידע טראַגעדיעס, פון דער פאַרגאַנגענער און דער קומענדיגער.

די כוואַליעס פון דער ערשטער רעוואָלוציע האָבן אים אַרויפגעטראָגן אויף אַ הייך, וואו ער האָט אַרויסגעוויזן אַ שטורמישע ענערגיע און אַ שטאַרקן גייסט. נאָר איידער ער האָט צייט געהאַט פונאַנדערצוּוויקלען אַלע זיינע פעאיגקייטן, איז ער אַליין, פרייוויליג, אָפּגעטראָטן פון זיין דערהויבענעם אָרט, ווי ער וואָלט מיט אַמאָל פאַרשטיין עפּעס אַ טיפן אמת, — און איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט. און זיין ווייטערדיג עלנט און איינזאַם לעבן, זיין איבערגעבן זיך פרייוויליג אין די הענט פון די זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן זיך געיאָגט נאָך אים, די יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין טורמע און אין וויטן סיביר, — דאָס אַלץ איז געווען ווי אַ פרייוויליגע זעלבסט-מאַרטירערונג פון אַ מענטשן, וואָס האָט אויף זיך גענומען אַ תשובה און אָפּגעשיידט זיך פון דער וועלט.

סימבאָליש איז געווען זיין ליטעראַרישער נאָמען: ווייטער. ער איז געווען טאַקע ווייט און אָפּגעטאָן פון אונז. דער דאָזיגער גייסט האָט זיך געפילט אין דעם אויסלאָז פון זיין דראַמע „דער שטומער" און צום טייל אין די איבעריגע ווערק זיינע. זיין שטורמיש און פילפאַרביג לעבן איז געווען שטיל און שטרענג

*) פאַרעפנטליכט אין דעם ווילנער „טאָג", № 1, פון 9 מאַי.

פאַרשלאָסן אין זיך. עס האָט זיך געפילט, אַז אָט דער שטאַרקער און אייגנ-אַרטיגער גייסט פירט אַ מעכטיגן קאַמף מיט זיך אַליין און אין די פאַרבאָרגע-נישן פון זיין נשמה קומט פאָר אַ טיפע טראַגעדיע.

נאָך זיינע אָנשויאונגען איז ער געווען ווייט פון טאָלסטאָאיזם. ער האָט קיינמאָל ניט גערעדט וועגן טאָלסטאָיס טעאָריעס און ניט געפּרובט וועלכע ס׳איז פון זיי דורכצופירן אין לעבן. און דאָך, אַז איך האָב געזען זיין ערנסט גע-לאַסענעם דורכדרינגענדיגן בליק, זיינע שטילע באַטראַכטע באַוועגונגען, אַז איך האָב געהערט זיינע ניט-זיכערע, פאָרזיכטיגע, מיט כמעט דערשראָקענעם טאָן אַרויסגעזאָגטע, געפּרעסטע און געציילטע ווערטער, — האָב איך זיך שטענדיג דערמאָנט אָן יענע ערנסטע רעליגיעזע טאָלסטאָיאַנער, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַלס ציל אויסצובעסערן דעם אייגענעם „איך״ און פאַרהייליגן דעם פערזענליכן לעבן. און אין דעם אופן איז ער טאַקע געווען אַ טאָלסטאָאיסט. אַ מענש פון אַ טיפן ערנסטן און אייגנאַרטיגן דענקען, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אונז אין אַ וואונדערליכער שיין, אָפּגערייניגט פון אַלע קלייניגקייטן און דורכגעדרונגען מיט אַ פאַרהייליגטן געפיל פון אמת-זוכונג און זעלבסטווערדיגקייט.

און איצט, נאָך זיין לעצטער טראַגעדיע, דוכט זיך, אַז זיין גאַנצע רייכע אינעווייניגסטע אַרבעט איז געווען אַ זעלבסטצוגרייטונג צו זיין הייליגן טויט, צום טויט פון אַ קרבן, וואָס זיין בלוט פאַרגיט די זינד פון נאַציעס און דורות...

און אַזוי ווי זיין שטרענג לעבן און זיין טראַגישער טויט, איז שטרענג און טראַגיש געווען זיין לוויה. זי איז פאָרגעקומען אין די טעג, ווען עס זיינען נאָך געשען אין די הייזער און די גאַסן הריגות, ווען עס האָבן נאָך ניט אויפגע-הערט די גוואַלדטאַטן און ניט אומעטום זיינען אַפילו געווען צוגענומען פון די גאַסן די דערהרגעטע מאַרטירער; אין די טעג, ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין טויט-שרעק און ניט געוואַגט אַרויסגיין פון די הייזער. מיר האָבן קיינעם ניט אָנגעזאָגט וועגן דער לוויה — און נאָך דעם אָרון זיינען געגאַנ-גען אַ מענטשן 15 פון די נאָענסטע גוטע פריינד. שווייגנדיג זיינען מיר גע-שטאַנען אַרום זיין קבר. מיר האָבן ניט געבראַכט קיין בלומען, ניט געהאַלטן קיין רעדעס. נאָר אַז דער בית-עולם-שמש האָט אָפּגעזונגען „אל מלא רחמים״ און געבעטן דעם אומגעקומענעם אין אונזער נאָמען מחילה, האָבן מיר דער-פילט, אַז מיר האָבן ניט נאָר אָנגעוואָרן אַ בעסטן און איידלסטן פון צווישן אונז, נאָר אַז מיר האָבן אים פאַרזינדיגט... און גרויס איז אונזער חוב אַנטקעגן זיין הייליגן אָנדענק...





ווייטער אויפן טויטן=בעט.

# פון ווייטערס איבערגעבליבענע כתבים.

נאָך ווײַטערס טויט האָבן זײַנע נאָענטע פרײַנד געוואָלט ברענגען אין אָרדענונג די כתבים, וואָס זײַנען געבליבן נאָך אים. צווישן זיי האָבן געדרוקט זײַן קאַפּיטלען פון זײַנע סיבירער דערציילונגען (וואָס אַ מוסטער פון זיי האָבן מיר אין דעם עטיוד „בײַם שאַמאַן" („די וואָך", נום. 1) און אַנדערע ליטעראַ-רישע זאַכן, אויף וועלכע ווײַטער האָט געאַרבעט. לײַדער איז נאָך אַלע באַמיאונגען ניט געלונגען אויפצוזוכן זיי. נאָך דעם פּאָגראָם, וואָס איז אין די בלוטיגע אַפּריל-טעג גע-מאכט געוואָרן אין זײַן וואוינונג (ווײַטער האָט די לעצטע חדשים פון זײַן לעבן פאַרנומען אַ צימער אין דער דירה פון ש. ניגער), האָט מען דאָרט געפונען בלויז דאָס, וואָס ווערט ביז איצט דאָ פאַרעפנטליכט: עטליכע שורות פון אַ דערציילונג אין צוויי וואַריאַנטן, נאָטיצן ווײַזט אויס, פאַר אַ פּלאַן פון אַ גרעסערער דערציילונג אוים דער צײַט פון דער מלחמה, אין דעם אָנהייב פון דער דאָזיגער דערציילונג. אַחוצדעם זײַנען אויך געפונען געוואָרן קאַפּיטלען פון זײַן איבערזעצונג פון גאָרקים „קינדהייט", אַ פּאָר קורצע באַמערקונגען וועגן דעם, ווי אַזוי צו איבערזעצן געוויסע אויסדרוקן אויף יידיש (באַמערקונגען, וועלכע ווײַזן, אַגב, מיט וואָס פאַר אַ ערנסט און פאַרשטענדעניש ווײַטער האָט געאַרבעט אויף דעם דאָזיגן געביט), איינציגע בלעטלאַך פון זײַן שוין דערמאָנטער דערציילונג „בײַם שאַמאַן", דער אָריגינאַל פון זײַן לעצטן פאַרעפנטליכטן איינאַקטער „אַן אומגליק" און איינציגע דאָקומענטן, בריוו און צעטעלאַך. וואו זײַנען אַהינגעקומען די איבעריגע מאַנו-סקריפּטן ווײַטערס, צי זײַנען זיי פאַרנישטינט געוואָרן בעת דעם פּאָגראָם, אָדער זיי זײַ-נען געבליבן אין דעם ייִדישן פאַרלאַג פון דעם בילדונגס-קאָמיסאַריאַט, וואו ווײַטער האָט געאַרבעט, איז ניט באַוואוסט. אַ טייל פון זײַן ליטעראַרישער ירושה מוז זיך אפשר גע-פינען בײַ זײַנע פרײַנד אין רוסלאַנד.

[illegible]

[illegible]

[illegible]

[illegible]

חייט, אַלכסנדר יאַקאָוולעוויטש, אַ ווילנער דאָקטאָר, האָט זיך אין מיטען ווינטער אין גאַנצען בעפרייט פון מיליטער־דינסט נאָך פערטהאַלבען יאָהר מלחמה און געקומען אַהיים קיין פעטערבורג, וואוהין זיין פאַמיליע איז אַנטרונען געוואָרען בעת דער בהלה אין אָסיען פון 15־טען יאָהר. נאָר קיין פרייד פון דער בעפרייאונג האָט ער ניט געפיהלט, און אין שטוב ביי איהם איז געווען אומעטיג און ניט גוט. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס נעמט זיך פון פיל סבות: ערשטענס, איז זיין בעפרייאונג ניט געקומען אונגעריכט, ווי ער פלעגט זיך געוואוינליך פאָרשטעלען, טראַכטענדיג וועגען דעם סוף פון דער מלחמה, וואָס מוז דאָך אַמאָל אָנקומען. פאַר דער לעצטער צייט פלעגט ער גאַנץ אָפט קומען אַהיים פון ריגע, וואו זיין לאַזאַרעט איז געשטאַנען, און פאַרזאַמען דאָ וואָכענלאַנג, און אַז ריגע איז געפאַלען און אָפיצירען האָבען אָנגעהויבען אַזוי צו דעזער־טירען ווי פראָסטע זעלנער, איז ער אויך געקומען אַהיים ווי אויף תמיד און האָט גאָר ניט בדעה געהאַט צו פאָרען צוריק אויפן פראָנט, ביז די נייע דיקטאַטאָרישע רעגירונג, פאַר וועלכע מען האָט תיכף באַקומען אַבשיי און מורא, האָט ניט פאַראָרדענט, אַז די דאָקטוירים און אָפיצירען זאָלען זיך אומקערען אויף זייערע ערטער. נאָר איצט האָבען שוין אַלע געוואוסט, אַז די מלחמה האָט זיך פאַקטיש געענדיגט און אַז דאָס פאָרען איז נור אַ פאָרמאַליטעט, וואָס מען דאַרף דורכמאַכען, אום געזעצליך זיך אין גאַנצען צו בעפרייען. זיין איצטיגע פרייהייט אַלזאָ האָט ער באַקומען ביסלעכווייז און דעריבער האָט זיך די שמחה אויך צורונען טראָפּענווייז... צווייטענס, האָט זיך אין אמת׳ן די מלחמה ניט געענדיגט. קיינעם איז דאָס לעבען ניט גרינגער געוואָרען. דאָרטען אויפן מעריב־פראָנט האָט נאָך די מלחמה געפלאַקערט ווי פריהער און אינעווייניג, אין לאַנד גופא, האָט מען אָן אַנ׳אויפהער געשאָסען איינע אין די אַנדערע. די הויפט־שטאָט האָט געהונגערט. אַ שמאָלען פעניצעל ברויט פלעגט מען אַרויסגעבען אויף צוויי טעג פאַר איין מענשען און דער יקרות אויף פראָדוקטען איז געווען מאוימדיג. אין אָוועגד פלעגען שוין פאָרזיכטיגע מענשען ניט אַרויסגיין פון שטוב און אויף אַלע גאַסען פלעגט מען כסדר הערען שיסערייען. אין אַזוינע צייטען איז קיינעם ניט פריילין, אַחוץ איינצעלנע, וואָס פאַרכאַפּען אין זייער האַנד די מאַכט פון מלוכה אָדער די מאַכט פון געלד. און ענדליך איז זייער פערזענליכע לאַגע אויך געווען געגנוג שלעכט. אַלכסנדר יאַקאָוולעוויטש האָט פון ערשטען טאָג אָן אויסגעהאַנגען זיין ברעטעל אויפן אַריינגאַנג, נאָר פאַר דער

גאַנצער צייט איז געווען איין חולה, אַנ׳אויסגעהונגערטער גאַס־מענש, וואָס איז געקומען בעטען אַ צעטעל אויף ווייסע מעל און שאָקאָלאַד, און וואָס האָט מן הסתם בדעה געהאַט עפּיס אַראָפּנעמען אין פּאָדערהויז. אָדער אויסבעטען אַ נדבה. קיין האָנאָראַר האָט דער דאָזיגער פּאַציענט ניט באַצאָלט. אָנקומען אויף אַ שטעלע צו דער נייער רעגירונג האָט זיך ניט געוואָלט. אָנשטענדיגע מענשען האָבען זי באָיקאָטירט. הונדערטע און טויזענדע אינטעליגענטע אַרבּייטער, באַאַמטע, דאָקטוירים, אינזשענערען, זיינען אַליין אַוועק אָדער מען האָט זיי אָבגעשאַפּט, און אָנקומען אויף אַזאַ פריי געוואָרענע שטעל איז געווען אַ בזיון. אַ ביסעל געלד פון דעם, וואָס ״ינאַ מאָאיסייעווגאַ האָט מיטגעבראַכט פון ווילנא און אַריינגעלייגט אין באַנק, איז נאָך גאַנץ געווען. נאָר די נייע רעגירונג האָט שוין נעהאַלטען די ביינק אין אירע הענד און פלעגט אַרויסגעבען די קליענטען מיט גרויסע שוויריגקייטען צו עטליכע הונדערט רובּל אַ חדש, וואָס האָט קוים געקלעקט אויף ברויט, וואָס מען פלעגט קריגען צום קויפען באַהאַלטענערהייד ביי זעלנער און אַרבּייטער פון בעקערייען. און דאָס איז נאָך זיין מיינונג געווען די גרעסטע סבה פון דעם אומער, וואָס איז געלעגען סיי אויף איהם, סיי אויף דינאַ מאָאיסייעוונאַ. די גאַנצע האָפנונג איז געווען, אַז אָט־אָט וועט זיך עפענען די גרעניץ און זיי וועלען זיך אַריבערקלייבען צוריק קיין ווילנא, וואו די דאגת־הפרנסה וועט תיכּף פאַרשווינדען צוזאַמען מיטן קאָשמאַר פון רוסישען בירגער־קריג. און נאָך אַ סבה האָט ער געוואוסט, צוליב וועלכער אין שטוב איז אַזוי אומעטיג געווען, נאָר געוואוסט ניט אויף זיכער און מיט אַלע גייסטיגע מעגליכקייטען געזוכט ניט צו טראַכטען פון איהר.

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

ליעבער חייסער,

אזוי טאָר נישט זיין. איך שרייב דורכאויס יעדען, און בפרט אייך, דעם אמת. איהר טאָרט מיך נישט חושד זיין מיט א „מיין". ציניש איז דער ווירקליכער אויסדרוק פאַר דער זאַך, נישט דעריבער, וואָס עס קומט פאָר די וויטאַליערין (*) לויט ווי איהר, זעהט אויס, האָט מיך פערשטאַנען. ציניש איז דאָס, וואָס א מענש פערציילט פון זיך א מעשה, לויט וועלכער עס קומט בולט אַרויס, אז ער האָט זיין חבר געמסרט. דעם איינדרוק און נישט קיין אַנדערן מאַכט די ערצעהלונג. וועניגסטענס פאַלט אויפ׳ן ערצעהלער א גרויסער, גראָבער חשד... פון זיך ער־צעהלט מען פיהל בעהוטזאַמער... און אַזא מענש, ביי וועלכען א חבר פערשווינד, ביי׳ן אַזוינע אָנגעלעגענהייטען, לאָזט מען איבער דער שוועל; אַזוינעם גריסט מען נישט, אַזוינעם הערט מען נישט דערצעהלען. אין דער דריטער פערזאָן וועט די זאַך זיין זעהר א גוטע.

„ווייטער", בעפרייט מיך פון אייער אונגלויבען, פון אייער „הינטער-מיין" עס טהוט מיר ווירקליך וועה...

איך שיק אייך די זאַך צוריק צום פעררינכטען, אויב איהר וועט איינשטי־מיג ווערען מיט מיר. א׳ניט, שיקט עפּיס אַנדערש.

איך פון מיין זייט, בעט נאָך אַמאָל דאָס זעלבע (אַנדערע אויך) נור אין דריטער פערזאָן...

פון אַנסקין קיין בריעף האָב איך נאָך נישט ערהאַלטען. די „מאַנאַס־שריפּטען" וואָלט איך זעהר גערן איבערגענומען. איך פון מיין זייט גיב 1000 רובל, גיט שטיצע נאָך צוויי. מיט דריי טויזענד גיב איך אַרויס. אָבער נאָך א בעדינג: די יוגענד זאָל העלפען. איך לעג אייך צו אַלס חאַראַקטעריסטיק איינהאָרנס א בריוועל. נאַטירליך — קאָנפידענציאָנעל. —

אייער יל״פ.

P. S. עס בעאונרוהיגט מיך איין זאַך: איך קען נישט בעקומען קיין רעפערענט פאַר עקאָנאָמיע. נאַטירליך זוך איך צווישען די ראַדיקאַלע. קענט איר מיר אין דעם נישט העלפען? פערזענליך אָדער דורך אַנדערע. פון ניגערן האָב איך קיין וואָרט בעקומען. וואָס בעטייט עס? — נאָך עפּיס: איך האָב א רובריק — „גלאָסען": קליינע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטליכע בעמערקונגען, אידעען און דערגלייכען. העלפט מיט.

---

צוליב א טעכנישער מניעה איז דער דאָזיגער בריוו פון י. ל. פרץ צו א. וויטער נישט אַריין אויפן געהעריגן אָרט.



דוד איינהאָרן.

# פון תהילים.

## קאַפּיטל ל״ח.

א. דודס אַמזמור
צו דערמאָנונג.

ב גאָט, ניט שטראָף מיך מיט דיין צאָרן
און מיט דיין גרים באַשטראָף מיר ניט,
ג ווייל דיינע פיילן זיינען טיף אין מיר געדרונגען
און ס׳רוט אויף מיר די שווערקייט פון דיין האַנט.
ד ניטאָ קיין גאַנצקייט אין מיין לייב צוליב דיין צאָרן,
ניטאָ קיין פריד אין מיין געביין צוליב מיין זינד;
ה ווייל מיינע זינד זיינען מיין קאָפּ אַריבער,
זיי זיינען מיר, ווי אַ שווערע לאַסט, צו שווער־
ו ס׳שטינקען, ס׳אַייטערן די וואונדן מיינע,
צוליב מיין נאַרישקייט.
ז געקרימט בין איך, געבויגן בין איך זעער,
אַ גאַנצן טאָג גיי איך אום פאַרשוואַרצט.
ח ווייל פול זיינען מיט בראַנד די לענדן מיינע,
און ס׳איז ניטאָ קיין גאַנצקייט אין מיין לייב.
ט גענדריקט בין איך, דערשראָקן בין איך זעער,
איך יאָמער העכער, ווי עס ברומט אַ לייב.

י מיין גאָט, פאַר דיר איז די גאַנצע גלוסטונג מיינע
און ניט פאַרבאָרגן איז פאַר דיר מיין זיפץ.
יא עס קלאַפּט מיין האַרץ, מיין קראַפט האָט מיך פאַרלאָזן
און אויך מיין אויגנשיין איז ניט מיט מיר.
יב מיינע ליבהאָבער און מיינע פריינד.
זיי שטייען פאַר מיין פּיין אַנטקעגן
און מיינע קרובים זיינען ווייט פון מיר.
יג און ס׳לייגן נעצן די, וואָס זוכן מיין נשמה,
און די, וואָס זוכן שלעכטס אויף מיר,
זיי ריידן ברעכעניש
און פאַלשקייט טראַכטן זיי אַ גאַנצן טאָג.
יד און איך בין גלייך אַ טויבן, וועלכער הערט ניט,
אַ שטומן גלייך, וואָס מאַכט ניט אויף זיין מויל.
טו און געוואָרן בין איך גלייך אַ מאַן, וואָס הערט ניט,
וואָס האָט ניט מער קיין טענות אין זיין מויל.
טז ווייל אויף דיר געהאָפט האָב איך, אָ גאָט,
דו וועסט מיר ענטפערן, אָ גאָט, מיין גאָט!
יז דען איך האָב מיר געזאָגט, זיי וועלן זיך אויף מיר ניט פרייען,
ווען ס׳גליטשט מיין פוס — ניט גרויסן זיך אויף מיר.
ח ווייל גרייט בין איך צום פאַלן
און תמיד איז מיין ווייטאָג פאַר מיין אויג.
ט ווייל איך אַליין, אָ, מוז מיין שולד דערציילן
און דאגהן פאַר מיין זינד.
כ און שטאַרק זיינען די שונאים פון מיין לעבן
און מיינע פאַלשע פיינד — זיי זיינען פיל;
כא און די, וואָס צאָלן שלעכטס פאַר גוטס,
זיי האַסן מיך, פאַרוואָס איך זוך דאָס גוטס.
כב פאַרלאָז מיך ניט, אָ גאָט, מיין גאָט!
אָ, אייל זיך צו מיין הילף
גאָט, דו מיין ישועה!

---

# קאַפּיטעל מ״ו.

ב גאָט איז אונזער שוץ און מאַכט,
אַלס הילף אין נויט זעער צו געפינען.
ג דעריבער שרעקן מיר זיך ניט,
ווען ס׳ווערט די ערד גלייך ווי פאַרביטן
און ס׳זינקען איין די בערג אין האַרץ פון ים.
ד מעגן שוימען, רוישן זיינע וואַסערן,
ציטערן אין גאווה זיינס די בערג, סלה.
ה אַ טייך, די שטראָמען זיינע דערפרייען גאָטס שטאָט,
דאָס הייליגטום פון אויבערשטנס רואונגען.
ו גאָט איז אין איר, זי ווערט ניט וואַקלען,
עס העלפט איר גאָט נאָך פאַר פרימאָרגן.
ז פעלקער רוישן, קיניגרייכען וואַקלען,
הייבט ער זיין שטימע אויף — צעגייט די ערד.
ח גאָט פון די הערשאַרן איז מיט אונז,
אַ פעסטונג איז פאַר אונז דער גאָט פון יעקב.
ט אָ, גייט און זעט, וואָס פאַר אַ פאַרוויסטונגען
ער האָט אויף דער ערד געמאַכט.
י פאַרשטערט די מלחמות ביזן עק פון דר׳ערד,
דעם בויגן צעבראָכן, דעם שפּיז צעהאַקט,
די רייטוועגן פאַרברענט אין פייער.
יא לאָזט אָפּ און אָנערקענט, אַז איך בין גאָט,
דערהויבן אויף די פעלקער, דערהויבן אויף דער ערד.
יב גאָט פון די הערשאַרן איז מיט אונז,
אַ פעסטונג איז פאַר אונז דער גאָט פון יעקב, סלה.

---

פון שול, און עס האָבן זיך באַוויזן שוועבנדיגע מלאָכים, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אַלץ נידעריגער צום שול. און דער קיסר האָט דערזעען, אַז די מלאָכים טראָגן אויף זייערע פליגלען אַ מאַן מיט אַ ליכטיג-שיינענדיגן פּנים און אין ווייסע בגדים. און אַז די תּפילה איז געווען צו ענד, און עס איז נאָך געבליבן צו זאָגן דעם לעצטן „אָמן", זיינען די תּפילה-טויער געפאַלן צו דער ערד ווי טויטע, און עס האָט זיך געשלאָסן דער באַלקן פון טורים און עס זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן די ליכט און עס איז ווידער אָנגעשטאַנען אַ פינסטערניש. און אַז עס איז געקומען די צייט פון מעריב, האָט זיך איבערגעחזרט אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי דער פריערדיגער תּפילה. און אינדערפרי האָט זיך עס ווידער איבערגעחזרט. און דער קיסר האָט ניט געטאָן וואַרטן ביזן סוף פון תּפילה, און כל-זמן עס איז נאָך געווען ליכטיג, איז ער אַרויס פון טורים.

אויפן דריטן טאָג האָט דער קיסר באַפוילן, מען זאָל אים עפענען דעם דריטן טויער, און ער איז אַריין און האָט דערזעען אַ קיילעכדיגן חדר, אויסגעלייגט מיט שוואַרצע שטיינער. און אינמיטן איז געשטאַנען אַ גאָלדענער קופערט פון זעער שיינער אַרבעט, וואָס זיין גלייכן האָט נאָך קיין מענטשליך אויג ניט געזען. און דער קיסר האָט אים געוואָלט עפענען, נאָר ער איז געווען פאַרשלאָסן. האָט דער קיסר אויסגעשריען:

— איך, קיסר פון רוים, באַפעל דיר עפענען זיך!

און דאָס דעקל פון קופערט האָט זיך אַליין אויפגעהויבן. און דער קיסר האָט דערזען, אַז דער קופערט איז פול מיט גראָזן פון אַלערליי מינים, אויסגעריסענע מיט די וואָרצלען. און די גראָזן זיינען גרין און דופטיג, און זייערע וואָרצלען זיינען פריש און זאַפטיג. און די אַלע גראָזן זיינען איבערגעבונדן פּעקלעכווייז, פּעקלעכווייז, צו צען אין יעדערן. און דער קיסר האָט איבערגעציילט און דאָרטן איז געווען זעכציג טויזנט פּעקלעך. און ער האָט ניט געוואוסט, וואָס עס באַטייט, וואָס די אויסגעוואָרצלטע גראָזן האָבן פאַר פיל יאָרן ניט פאַרלאָרן זייער גרינקייט און דופט און זאַפטיגקייט. און ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט. און איז אַרויס פון טורים.

אויפן פערטן טאָג האָט דער קיסר באַפוילן עפענען אים דעם פערטן טויער. און ער איז אַריין און האָט דערזעען אַ גרויסן פּאַלאַץ פון רויטן מירמלשטיין. און ער איז אַריין אין אים. און דאָרטן זיינען געווען חדרים, אויסגעצירט מיט גאָלד און זילבער, פּערל און טייערע שטיינער. און דער קיסר איז דורכגעגאַנגען זעקס חדרים און איז אַריין אין זיבעטן און ער איז געווען שענער פון אַלע. און אין אים איז אויבנאָן געשטאַנען אַ קיניגליכער שטול, אויסגעהאַקט פון איין אבן-טוב. און אינמיטן חדר זיינען געשטאַנען זילבערנע טישן, באַדעקט מיט גילדערנע טישטיכער, און אויף די טישן זיינען געווען געגרייט די בעסטע מאכלים און די איידלסטע וויינען. נאָר קיין איין לעבעדיגער נפש האָט זיך ניט געפונען אין פּאַלאַץ. און עס איז געווען, אַז עס איז געוואָרן אָוונט, האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ שטאַרקער רעש און אַ שאַלונג פון טרומייטן און פריידֿ-

זייטן ציען זיך פון דער ערד צו דער קרוין מענטשליכע הענט, אזויפיל, אַז זיי זעען אויס, ווי אַ יונג וועלדל. און פיל פון די הענט זיינען צונויפגעפלאָכטן איינע מיט די אַנדערע, ווי וואָרצלען פון אַן אַלטן דעמב. און דער קיסר איז אַרומגעגאַנגען אַרום דער סאַזשעלקע, און ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט אויף דעם, וואָס ער האָט געזעען. ווייל ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס באַטייטן די אויסגעשטרעקטע און צונויפגעפלאָכטענע הענט און ווי אַזוי די אייזערנע קרוין האַלט זיך פון אויבן אויפן בלוט אין דער סאַזשעלקע און זינקט ניט צום גרונט, ווי עס געהער פאַר אַן אייזערנער זאַך. און ער האָט זיך אומגעקערט צום טויער און געוואָלט אַרויסגיין פון טורים, נאָר דער טויער האָט זיך ניט געעפנט. און דער קיסר האָט צאָרנדיג אויסגעשריען צום טויער:

— איך, קיניג פון רוים, באַפעל דיר גלייך עפענען זיך!

און דער טויער האָט זיך געעפנט. און דער קיסר איז אַרויס פון טורים און אומגעקערט זיך אין קיניגליכן פּאַלאַץ, נאָר ער האָט קיינעם ניט דערציילט וועגן דעם, וואָס ער האָט געזעען.

אויפן צווייטן טאָג האָט דער קיסר ווידער פאַרזאַמלט די פירשטן און די האַרן און די שטערנזעערס און געפאָדערט, זיי זאָלן פאַר אים עפענען דעם צווייטן טויער פון טורים. און זיי האָבן ווייטער געהאַט פאָרכט און דער קיסר האָט ווידער גערעדט צו זיי מיט גרויס האַרטקייט, און זיי האָבן געטאָן זיין באַגער.

און דער קיסר איז אַריין אין טורים דורך דעם צווייטן טויער. נאָר ער האָט ניט געקאָנט זען, וואָס אַרום אים טוט זיך, ווייל דאָרט איז געווען אַ טיפע פינס־טערניש, ווי די פינסטערניש פון מצרים. און געבנדיג אַ טראָט, האָט דער קיסר דערשפּירט אונטער די פיס מענטשליכע גופים. און ער האָט זיך געבויגן און אָנגעטאַפּט זיי און געזעען, אַז זיי האָבן ניט אָנגעוואָרן זייער וואַרימקייט. און די גופים זיינען געלעגן איינער לעבן דעם צווייטן, וואו נאָר עס האָט געטראָטן זיין פוס. און ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס די גופים, וואָס ליגן דאָ אַזויפיל יאָרן זיינען וואַרים און לאָזן ניט הערן פון זיך קיין שלעכטן גערוך, ווי מתים. און ער האָט געוואַרט, וואָס ווייטער וועט זיין. און אַז עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ קורצע צייט, האָבן זיך מיט אַמאָל אָנגעצונדן פיל ליכט, און עס איז געוואָרן ליכטיג ווי בייטאָג. און דער קיסר האָט דערזעען, אַז ער געפינט זיך אין אַ שול', וואָס האָט אין זיך אַ וואונדערליכע פּראַכט און גלאַנץ און וואָס זיין באַלקן דער־גרייכט ביז צום הימל. און ווי נאָר עס איז געוואָרן ליכטיג, האָבן די גופים, וואָס זיינען געלעגן ווי טויטע, אויפגעוואַכט און האַסטיג געשטעלט זיך אויף די פיס און אָנגעהויבן תפילה טאָן מיט גרויס כוונה. און דער קיסר האָט זיך צו־געהערט און פאַרשטאַנען, אַז זיי טוען תפילה צום יידישן גאָט. און פון גרויסן ברען און התלהבות האָבן ביי די תפילה־טוער אָנגעהויבן פלאַקערן די פנימער און פון די לעפצן זיינען געפלויגן פונקען. און אַז די תפילה האָט דערגרייכט דעם מיטן, האָבן אָנגעהויבן דורכפליען בליצן, און באַלד האָט זיך געעפנט דער באַלקן

## א.

אין רוים, דער הויפטשטאָט פון לאַנד אדום, איז פון אוראַלטע צייטן געשטאַנען אַ גרויסער טורים, וואָס ס'איז ניט צו באַשרייבן זיין שיינקייט. אין טורים זיינען געווען פיר טויערן אויף אַלע פיר זייטן וועלט. און די אַלע טויערן זיינען געווען פאַרשפאַרט און פאַרריגלט מיט אייזערנע ריגלען און פאַרשלאָסן מיט שלעסער, אַזוי אַז קיין לעבעדיגער נפש האָט ניט געקאָנט אַריינדרינגען אין טורים. און קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס אין אים געפינט זיך. און פון אַלטע צייטן איז געווען אַ מנהג, אַז יעדער קיסר, באַלד ווי ער איז געקרוינט געוואָרן, האָט געמוזט אויפהענגען אַ נייעם שלאָס אויף יעדן טויער, און קיינער האָט ניט געוואוסט, צוליב וואָס דאָס ווערט געטאָן, נאָר אַלע האָבן עס שטרענג אָפּ־געהיט, ווייל אַזוי האָט זיך געפירט פון שנים קדמוניות, פון דור צו דור.

ויהי היום, איז געשטאָרבן דער קיסר פון אדום. האָבן זיך פאַרזאַמלט די האַרן, די פירשטן, די שטערנזעערס און אַנדערע גרויסע לייט, כדי אויסצוקלייבן אַ נייעם קיסר. און עס האָט אין יענער צייט געוואוינט אין רוים אַ מאַן פון אומבאַוואוסטן שטאַם, וועלכער האָט זיך פון שטויב דערהויבן צום העכסטן שטאַנד און איז געוואָרן אַ גרויסער פירשט. און אַלע האָבן געפאָלגט זיין וואָרט, ווייל ער האָט געוואוסט, ווי צו באַוועלטיגן מענטשליכע הערצער. און אַז מען האָט זיך פאַרזאַמלט אויסצוויילן אַ נייעם קיסר, האָבן אַלע באַשטימט אַרויפזעצן אויפן קיניגליכן שטול דעם מאַן פון נידעריגן שטאַם.

און די פירשטן, האַרן און שטערנזעערס זיינען אַוועק צו דעם מאַן, האָבן זיך פאַר אים געבוקט און אַזוי געזאָגט:

— זאָל אונזער האַר לעבן אייביג. מיר האָבן דיך אויסגעוויילט פאַר אַ קיסר איבער אונז.

און דער מאַן האָט זיי געענטפערט:

— איך וועל געבן מיין באַוויליגונג צו ווערן אַ קיסר איבער אייך נאָר מיט דעם תנאי, אַז איר וועט מיר צוזאָגן און וועט עס באַשטעטיגן מיט אייער חתימה און אייער זיגל, אַז איר וועט מקיים זיין דאָס, וואָס איך וועל פאָדערן פון אייך.

האָבן זיי אים געזאָגט:

— זאָל אונזער האַר אַרויסזאָגן זיין ווילן, וואָס ער וויל פאָדערן פון אונז.

האָט דער מאַן זיי נאָכאַמאָל געזאָגט:

— איך שווער ביי אייערע קעפּ, אַז איך וועל ניט אויפמאַכן די לעפּצן מיינע, ביז איר וועט ניט געבן אייער וואָרט, באַשטעטיגט מיט אייער חתימה און זיגל, אַז איר וועט מקיים זיין די בקשה, וואָס איך האָב צו אייך.

און זיי האָבן איינגעוויליגט. און זיי האָבן אוועקגעזעצט דעם מאַן אויפן

קיניגליכן שטול, אַרויפגעלייגט אויף זיין קאָפּ אַ גאָלדענע קרוין, געקניט זין און געבוקט פאַר אים און געשריען:

— אונזער קיסר זאָל לעבן אייביג!

און זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסן מאָלצייט און מען האָט געגעסן, גע־טרונקען און געפרייט זיך.

אויפן צווייטן טאָג האָט דער נייער קיסר געלאָזן רופן צו זיך אַלע פירשטן, האַרן און שטערנזעערס און געטאָן אַזוי זאָגן:

— מיין ווילן איז צו וויסן, וואָס עס געפינט זיך אין טורים מיט די פיר פאַרשלאָסענע טויערן. דערום באַפעל איך, איר זאָלט מיר עפענען איינעם פון די טויערן, איך זאָל קאָנען אַריין אין טורים און זעען, וואָס דאָרט טוט זיך.

דערהערט די דאָזיגע ווערטער, זיינען די פירשטן, האַרן און שטערנזעערס שטאַרק דערשראָקן געוואָרן און האָבן אַלע געענטפערט אין איין קול:

— מיר פאָרכטן זיך זעער צו טאָן דעם באַגער פון אונזער הערשער. פון די אַלטסטע צייטן האָט קיין איין מאַן ניט געוואַגט צו עפענען די טויערן פון טורים, נייערט יעדער קיסר האָט אויפגעהאַנגען נייע שלעסער אויף זיי. און אויב מיר וועלן איצט אַריבערטרעטן דעם באַפעל פון אונזערע אָבות, וועלן מיר ברענגען די גרעסטע אומגליקן אויף אונז און אונזער מלוכה.

און אַז דער קיסר האָט דערהערט די ווערטער, האָט ער זיך דערצאָרנט און האָט אויסגעשריען:

— האָט איר דען אַליין ניט צוגעזאָגט און באַשטעטיגט מיט אייער חתימה און זיגל, אַז איר וועט טאָן אַלץ, וואָס איך וועל נאָר פון אייך פאַרלאַנגען? און אויב איר וועט איצט ניט טאָן מיין באַגער, איז אייער בלוט אויף אייער קאָפּ!

דערזעען, אַז דער קיסר איז פעסט אין זיין ווילן, האָבן די פירשטן, האַרן און שטערנזעערס מיט גרויס אונטערטעניגקייט געענטפערט:

— זאָל געטאָן ווערן לויט דעם וואָרט פון אונזער הערשער!

און זיי האָבן געלאָזן רופן די געניטסטע שלעסערמאַכערס און געהייסן זיי אָפּטאָן די ריגלען און אַראָפּנעמען די שלעסער פון איין טויער פון טורים. און ווי נאָר דאָס איז געשעען, איז דער קיסר מיט זיינע הויפּט־האַרן און דינערס אַוועק צום טורים און האָט אויפגעעפענט דעם טויער און איז אַריין. אָבער ווי נאָר ער איז אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון טורים, האָט זיך דער טויער מיט אַ רעש פאַרשלאָסן, און קיינער פון די, וואָס זיינען געווען מיטן קיסר, האָט ניט געקאָנט אַריין. און דער קיסר איז געבליבן אַליין אין טורים.

און ער האָט אויפגעהויבן דעם בליק זיינעם און דערזעען פאַר זיך אַ גרויסן גאָרטן אַ בליענדיגן, ווי אַ גן־עדן, און אין אים זיינען געווען פיל ביימער, שיין צו זעען און געשמאַק אויפן טעם. און דער קיסר איז געגאַנגען ווייטער און האָט דערזעען אינמיטן גאָרטן אַ סאַזשעלקע מיט אַ רויטער און געדיכטער פליסונג, און ער האָט געזעען, אַז דאָס איז ניט קיין וואַסער, נייערט בלוט. און ער האָט דערזעען, אַז אינמיטן דער סאַזשעלקע ליגט פון אויבן אַן אייזערנע קרוין. און פון אַלע

ש. אנ-סקי.

# דער טורים אין רוים.

אַ
מוראדיגע
און וואונדערליכע
מעשה פון אַ פאַרבישוסטן
טורים מיט פיר טויערן אין
שטאָט רוים, פון אַן אייזערנער קרוין,
פון נירון-קיסר און פון אומפאַרוועלקטע גראָז.

צום ליכטיגן אומשטערבליכן אָנדענק פון י. ל. פרץ ז"ל.



געשרייען. און עס האָט זיך געגעענט אַ רוישן פון טריט. אין דער קיסר האָט פאַרשטאַנען, אַז עס קומען אָן פיל לייט, און ער האָט זיך באַהאַלטן הינטערן קיניגליכן שטול, כדי צו זעען, וואָס עס וועט פאַסירן.

און עס האָבן זיך פונאַנדערגעעפנט די טירן פון פאַלאַץ, און עס זיינען אַריין פיל יונים און הויפּטפירער און פירשטן, אַלע אין גאָלד־באַפּוצטע בגדים. און פאָראויס איז געגאַנגען אַ מאַן אין קיניגליכע קליידער מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ. און אַלע האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד און גערופן מיטן נאָמען קיסר. און זיי זיינען אַריין אין זיבעטן חדר און געזעצט זיך צו די טישן און געגעסן, געטרונקען און משמח געווען זיך. נאָך דעם מאָלצייט האָט דער געקומענער קיסר געזעצט זיך אויפן קיניגליכן שטול, און אַלע זיינען געפאַלן פאַר אים אויף די פנימער און האָבן הויך געשריען: „עס זאָל לעבן אונזער גאָט, דער קיסר פון דער גאַנצער וועלט, אייביג!“. און אַלץ, וואָס דער קיסר האָט באַפוילן, האָט מען מיט גרויס אײַלעניש און אונטערטעניגקייט געטאָן. און אַז עס איז אָנגעשטאַנען האַלבע נאַכט, האָט זיך דער קיסר אויפגעהויבן פון זיין קיניגליכן שטול און אויסגערופן מיט אַ שטאַרקן קול:

— איך באַפעל אייך ברענגען די אַייזערנע קרוין און אַרויפלייגן אויף מיין קאָפּ!

און ווי נאָר ער האָט אויסגערעדט די ווערטער, האָבן די יונים און הויפּט־לייט און הערשאַפטן זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים, אַראָפּגעשלעפּט אים פון קייזערליכן שטול, אַראָפּגעריסן פון אים די קיניגליכע בגדים און אים אַליין צע־ריסן אויף שטיקער. און אין דערזעלבער רגע זיינען פאַרשוואונדן די חיילות און די פירשטן און די שטיקער פון דעם צעפליקטן קיסר. און דער רוימישער מלך איז אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און האָט זיך שטאַרק געוואונדערט איבער דעם, וואָס ער האָט געזעען, ווייל ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטייט. און איז אַרויס פון טורים.

## ב.

נאָך די אַלע געשעענישן האָט דער קיסר געלאָזן צונויפרופן אַלע מכשפים און שטערנזעערס און אַנדערע חכמים און האָט זיי דערציילט אַלץ, וואָס ער האָט געזעען אין די פיר טיילן פון טורים, און האָט אַזוי געזאָגט:

— מיין ווילן איז, איר זאָלט באַשיידן אַלץ, וואָס איך האָב געזעען. און אויב איר וועט מיין באַפעל ניט טאָן, וועל איך אייך אַלעמען איבערגעבן צום שווערד.

און די שטערנזעערס און די מכשפים און די חכמים האָבן זיך געבוקט פאַרן קיסר און אַזוי געענטפערט:

— זאָל אונזער קיסר לעבן אייביג! מיר זיינען גרייט צו טאָן דיין ווילן. נאָר דאָס, וואָס דו האָסט געזעען אין טורים, איז זעער וואונדערליך. און דאָס זיינען מעשים פון זעער אַלטע צייטן און אונז וועט שווער זיין מיט אַמאָל דאָס

אַלץ צו דערוויסן זיך. דערום בעטן מיר, גיב אונז דרייסיג טעג, מיר זאָלן צייט האָבן שאַפן אונזער כּישוף, פרעגן בּיי אונזערע געטער, טרעפן לויט די שטערן און לויט דעם אינגעווייט פון בהמות.

און דער קיסר האָט איינגעוויליגט און געזאָגט:

— זאָל זיין לויט אייערע רייד. איך גיב אייך דרייסיג טעג צייט. אויב איר וועט צום סוף פון די טעג ניט אַנטפּלעקן פאַר מיר דעם סוד פון טורים, איז אייער בלוט אויף אייער קאָפּ.

און די שטערנזעערס און די מכשפים און די חכמים זיינען אַוועק פון קיסר און געגאַנגען אין זייערע תּפלות און האָבן געפרעגט בּיי זייערע געטער און געטאָן זייער כּישוף און אויסגערעכנט לויט די שטערן און די מזלות און געפּישופּט איבער די אינגעווייטן פון חיות און בהמות. נאָר זיי האָבן גאָרנישט דערוואוסט זיך. און אַז עס האָבן זיך געמיידט די דרייסיג טעג, זיינען זיי אַלע אַוועק אין די היכלות פון זייערע אָפּגעטער, האָבן געוויינט און געשריען און צעריסן אויף זיך די קליידער און באַשאָטן די קעפּ מיט אַש, ווייל זיי האָבן געזען, אַז אויף זיי האָט זיך אויסגעגאָסן דער שלימער צאָרן און זייער סוף איז געקומען.

און עס האָט געלעבּט אין רוים אַ זעער אַלטער מאַן. און בּיי אים זיינען געווען זיבּן זין און אַלע זיינען זיי געווען מכשפים און שטערנזעערס. און בּיי זיי איז געווען איינגעפירט, אַז יעדן טאָג פלעגט איינער פון זיי קומען צום פאָטער געוואָר ווערן אים און טאָן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר באַגערט. אין דעם לעצטן פון די דרייסיג טעג איז קיינער פון די זין ניט געקומען צום אַלטן פאָטער. און ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט. און מיט די לעצטע כּוחות איז ער, אויף זיינע קוליעס, אַוועק צום עלטערן זון. געקומען צו אים אין הויז, האָט ער געפרעגט:

— מיט וואָס איז היינטיגער טאָג פאַרשיידן פון די טעג פון אַ גאַנץ יאָר? פאַרוואָס איז היינט קיינער פון מיינע זין ניט געקומען צו מיר געוואָר ווערן מיך און טאָן מיינע באַדערפעניש, ווי תּמיד?

און דער עלטערער זון האָט געענטפערט דעם פאָטער און געזאָגט:

— אָ, פאָטער! אַ מוראדיג אומגליק האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די קעפּ פון דיינע זין. זיי ווייסן, אַז איידער די זון וועט אויסגיין איר טעגליכן גאַנג, וועט דער פּאַדים פון זייער לעבּן ווערן איבּערגעריסן. און כּדי ניט צו קלעמען דיין האַרץ מיט בּיטערע זיפצן, איז קיינער פון אונז ניט געקומען צו דיר היינט, ווי מיר טוען שטענדיג.

און ער האָט דערציילט דעם פאָטער אַלץ, וואָס מיט זיי האָט געטראָפן. דער פאָטער האָט אויסגעהערט די ווערטער פון זון און האָט אים אַזוי געזאָגט:

— דער טרויער האָט פאַרוואָלקנט די בּליקן פון מיינע זין, און זייער כּבוד צום אַלטן פאָטער האָט צעמישט זייערע געדאַנקען. מיינע זין האָבן פאַרגעסן, אַז איך בּין אויך אַ שטערנזעער און דערום מוז איך צוזאַמען מיט אַלעמען

זיך שטעלן פאַר די אויגן פון קיסר. און אָט איז אייך מיין פּאַטערליכער געבאָט: מאָרגן זאָלט איר מיך נעמען מיט זיך צום קיסר און שטעלן אין אייערע ציילן. און ווער ווייס, וואָס דער קומענדיגער טאָג וועט ברענגען! אפשר וועט מיר אָפּגליקן און איך וועל אָפּטאָן דעם דעגן פון אייער האַלז און מאַכן פון אייער טרויער פרייד, און פון אייערע זיפצענישן אַ געזאַנג.

און דער זון האָט מיט גרויס כבוד געענטפערט:

— ווי אונזער פאָטער האָט באַפוילן, אַזוי וועט זיין.

און אויף מאָרגן, בעת דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען און אויפן קייזערליכן הויף האָבן זיך פאַרזאַמלט די שטערנזעערס, מכשפים און פאַרשטענדיגע לייט, און אינאיינעם מיט זיי אויך די פירשטן און הערן פון רוים און פיל מענטשן פון פאָלק, זיינען געקומען אויך די זיבן זין פון דעם אַלטן שטערנזעער און געבראַכט אויף די אַקסלען זייער פאָטער.

און דער קיסר איז אַרויסגעגאַנגען צו די געקומענע און האָט געזאָגט:

— די דרייסיג טעג, וואָס איך האָב אייך געגעבן אויף שטערנזעעריי און כישוף, האָבן זיך געמיידט מיט דעם אויפגאַנג פון מאָרגנשטערן. איצט מוזט איר אַנטפּלעקן פאַר מיר דעם סוד כּ'ון דעם, וואָס איך האָב געזעען אין טורים.

און עס איז אַרויסגעטראָטן דער גרעסטער פון די שטערנזעערס, איז געפאַלן אויפן פּנים פאַרן קיסר און האָט אַזוי געזאָגט:

— זאָל דער קיסר לעבן אייביג! דיינע קנעכט, די מכשפים און שטערנזעערס, האָבן פאַרשולדיגט אַנטקעגן דיר זייערע קעפּ. מיר האָבן געטאָן אונזער כישוף, געפרעגט ביי אונזערע געטער, געצויבערט איבער די שטערן און די אינגעווייטן פון בהמות. אָבער אונז איז ניט געלונגען אַראָפּצונעמען דעם שלייער פונם סוד פון טורים. און איצט טו מיט אונז ווי עס איז גוט אין דיינע אויגן.

און עס האָט אויפגעפלאַקערט דער גרימצאָרן פון קיסר. און ער האָט אויסגעשריען:

— איך שווער ביי מיין קאָפּ, אַז אייערע אויגן וועלן מער ניט זעען די שטערן, איבער וועלכע איר האָט ניט קיין שליטה, און אייערע לעפצן וועלן ניט פּרעפּלען מער קיין באַשווערונגען, וועלכע האָבן ניט קיין באַטייט. און איידער עס וועט אויפגיין דער אָוונט-שטערן, וועלן אייערע לייבער ווערן פאַרצוקט פון ווילדע חיות און צעפליקט פון בלוטדאָרשטיגע פייגלען!

דעמאָלט איז אַרויסגעטראָטן דער אַלטער שטערנזעער, האָט זיך געבוקט פאַר דעם קיסר און אַזוי געזאָגט:

— אָ, אַלמעכטיגער קיסר פון רוים! זאָל געשטילט ווערן דער פלאַקער פון דיין גרימצאָרן און זאָל אויפגעהאַלטן ווערן דער שווערד, וואָס דו האָסט אויפגעהויבן איבער די קעפּ פון דיינע קנעכט. די שטערנזעערס און מכשפים זיינען ניט שולדיג אין זייער אומוויסנשאַפט. זיי וויסן, קיסר, אַז דעם טורים מיט די פיר טויערן האָט געבויט דער גרעסטער מכשף, וועלכער האָט געוואוסט דעם גאַנג פון די צייטן. און כּדי פאַרבאָרגן זיינע כישוף-טואונג פון די שטערן

און רוחות, האָט ער געבויט דעם טורים אין יענע רגעס, ווען איין טאָג זאָגט דעם אַנדערן זיינע רייד און איין נאַכט רוימט דער אַנדערער איין אירע חלומות. אין אַזעלכע רגעס ווערן פאַרשטאָרבן די שטראַלן פון די שטערן, און עס ווערט אָפּגעשוואַכט די הערשאַפט פון די רוחות איבער דער וועלט. און אַלץ, וואָס עס ווערט אין יענער צייט געטאָן, בלייבט פאַרבאָרגן פון די קליגסטע און טיפזיניגסטע מכשפים און שטערנזעערס.

און עס איז געווען, אַז דער קיסר האָט אויסגעהערט די רייד פון דעם אַלטן, האָט ער זיך אָפּגערופן און געזאָגט:

— אַלטער מאַן! דיינע רייד באַווייזן, אַז דו ביסט פאַרשטענדיגער פון אַלע מכשפים און דיר זיינען באַוואוסט זאַכן, וואָס זיינען פאַרבאָרגן פון זייערע אויגן. און אויב פאַר דיר איז אַנטפּלעקט דער סוד פון דעם טורים, מוזטו ווּיסן מסתמא, ווער האָט אים געבויט און וואָס עס איז פאַרבאָרגן אין זיין שטיינערנעם אינגעווייט.

און דער אַלטער האָט געענטפערט:

— אָ, אַלמעכטיגער קיסר פון רוים! מיט דיין גרויס חכמה האָסטו פאַראויסגעזעען, אַז מיר זיינען באַוואוסט זאַכן, וועלכע זיינען פאַרבאָרגן פון די אויגן פון אַנדערע. זיי־זשע וויסן, אַז דער סוד פון דעם פאַרכישופטן טורים איז פון די אַלטסטע צייטן פאַרטרויט נאָר איין שטערנזעער. און אַז עס קומט די שעה פון זיין טויט, גיט ער אים איבער דעם חשובסטן פון די, וואָס רינגלען אים אַרום. פונקט מיט הונדערט יאָר צוריק האָט אַן אַלטער שטערנזעער פון מדבר, שטאַרבנדיג, מיר איבערגעגעבן דעם סוד פון טורים. איצט איז אָפּניס געקומען די צייט פון מיין אונטערגיין. און איך וויל אויס דיך פאַר דעם היטער פון דעם סוד, ביז דו וועסט אים איבערגעבן אַן אַנדערן. באַפעל־זשע, קיסר, אַלעמען, וועלכע שטייען דאָ און וועלכע געפינען זיך אין דיין פּאַלאַץ, דערווייטערן זיך פון דיין קיניגליכן שטול אויף אַ מהלך פון אַ קוילשאָס. און דעמאָלט וועלן זיך עפענען מיינע ליפּצן.

און דער קיסר האָט באַפוילן אַלעמען, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר זיין קיניגליכן שטול און געפונען זיך אין קיניגליכן הויף, דערווייטערן זיך אויף אַ מהלך פון אַ קוילשאָס. און אַז דאָס איז געשעען, האָט דער אַלטער אָנגעהויבן צו דערציילן:

ג.

— זאָל דיר זיין באַוואוסט, קיניג פון רוים, אַז דעם טורים מיט פיר טויערן האָט געבויט דער קיסר נמרוד און ניט דורך מענטשליכע הענט, נאָר מיט דעם כוח פון כישוף. אַז נמרוד האָט באַצוואונגען די גאַנצע וועלט און איז געוואָרן אַ הערשער איבער אַלע באַשעפענישן, האָט ער געזאָגט ביי זיך אין האַרצן: „איך בין אַ גאָט“. און אַלע האָבן געקניט פאַר אים און זיך געבוקט און געבראַכט אים קרבנות. און פאַרכטנדיג זיך, אַז נאָך זיין טויט וועט אַן אַנדערער באַוועלטיגן

די ערד און וועט צעשטויסן די מזבחות, האָס זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר אים, און וועט אויסמעקן פון מענטשליכער געדעכעניש דעם נאָמען פון נמרוד, האָט ער אַריינגעטאָן דעם גאַנצן כּוח און די מאַכט פון זיין אַלוועלטליכער געוואַלטיגקייט אין זיין אײַזערנער קרוין. און דורך דעם האָט זי באַקומען אַזאַ געוויכט, אַז דער גרעסטער גבור האָט ניט געקאָנט זי רירן פון אָרט אפילו אויף אַ האָר. און נמרוד האָט אויפגעשטעלט אַרום דער קרוין אַ טורים און געמאַכט אין אים פיר טויערן אויף אַלע פיר זייטן וועלט, כּדי דער טורים זאָל זיין אָפן פאַר אַלעמען און כּדי דער, וואָס וועט אַריבערטרעטן דעם שוועל פון איין טויער, זאָל ניט קאָנען זאָגן: „איך בין אַריין אין טורים און ער געהערט מיר". נאָר כּדי אָפּצוהיטן די אײַזערנע קרוין פון פיל מענטשליכע בליקן, האָט ער געמאַכט מיט כּישוף, אַז די טויערן זאָלן זיך עפענען בלויז פאַר מלכים און הערשער פון פעלקער. און אַז נמרוד איז געשטאָרבן, איז איבער אַלע מדינות אַרויס אַ שם, אַז ווער עס וועט אויפהויבן נמרודס אײַזערנע קרוין און אַרויפלייגן זיך אויפן קאָפּ, וועט ווערן אַ הערשער איבער דער גאַנצער וועלט. און עס האָבן אָנגעהויבן קומען אין טורים מלכים און הערשער פון אַלע לענדער. און יעדערער האָט מיט גרויס לוסט אָנגעכאַפּט די קרוין, כּדי אויפהויבן זי, נאָר ניט איינער האָט געהאַט די מאַכט רירן זי פון אָרט. און פון גרויס אָנשטרענגונג האָט יעדער פון די, וואָס האָבן געפּרובט הייבן די קרוין, אָנגעהויבן אײַנגעזונקען צו ווערן אין דער ערד, פריער ביז די קנעכלעך, נאָכדעם ביזן גאַרטל און צום סוף איבערן קאָפּ, אַזוי אַז איבער דער ערד זיינען געבליבן נאָר די הענט, וועלכע האָבן ניט אויפגעהערט מיט גרויס לוסט צו ציען זיך צו דער קרוין און כאַפּן זיך ביי אירע בּרעגן. און אַזוי האָט פאַסירט פיל צייט, און פיל ים און הערשער זיינען אומגעקומען. נאָר דורך דעם האָט זיך ניט געמינערט צאָל פון די, וואָס האָבן זיך געצויגן צו דער אײַזערנער קרוין.

ויהי היום, און אין לאַנד אדום איז געוואָרן קיסר אַ מאַן אַ שטאַרקער מיטן ווילן און אַן אומבאַרימהאַרציגער מיטן נאָמען נירון. און ער איז אויך, ווי־אַנדערע, אַוועק אין טורים, כּדי אויפהויבן די אײַזערנע קרוין. נאָר דערזעען אַרום דער קרוין פיל אויסגעשטרעקטע פון דער ערד הענט, האָט ער מיט זיין חכמה פאַרשטאַנען, אַז מיט דער איינציגער גבורה פון האַנט איז ניט אויפצוהייבן די קרוין. און ער האָט געטאָן רופן פון לאַנד מצרים די גרעסטע חרטומים ן האָט זיי דערלאַנגט די שענסטע מתנות און האָט געבעטן, זיי זאָלן אים אַנטפּלעקן, מיט וואָס פאַר אַ כּוח קאָן מען אויפהויבן די אײַזערנע קרוין.

און די חרטומים האָבן געטאָן זייער כּישוף און געענטפערט דעם קיסר נירון אַזוי:

— דורך אונזער כּישוף האָבן מיר דערוואוסט זיך, אַז דעם סוד פון דער אײַזערנער קרוין האָט נמרוד פאַרבאָרגן פון די שטערן און רוחות און האָט אים באַהאַלטן אין דעם אינגעווייד פון אַ פעלז. ער האָט פאַרשריבן דעם סוד אויף אַ טאָוול און, אַרויפפליענדיג אויף דעם העכסטן שפּיץ פון די הרי חושך, האָט

ער אויסגעהאַקט אַ לאָך אין שטיין פון באַרג, האָט אַהין אַריינגעלייגט דעם טאָוול און מיט כישוף אַרויפגעקייקלט אויף אים דעם שווערסטן שטיין פון דער וועלט. און כדי קיינער זאָל ניט קאָנען אַראָפּוואַרפן דעם פעלז פון טאָוול, האָט ער אַריינגעזעצט דעם שטאַרקסטן ווינט אין אַ הייל און פאַרכישופט דעם אויסגאַנג, אַז דער ווינט זאָל ניט קאָנען אַרויס און אַראָפּטראָגן דעם פעלז פון טאָוול.

אויסגעהערט די רייד, האָט נירון־קסר אויסגעשריען:

— איך מוז באַקומען דעם טאָוול און דערגיין דעם סוד, וועלכער איז פאַרשריבן.

און די חרטומים האָבן אים געטאָן אַזוי צו זאָגן:

— עס איז דאָ נאָר איין מיטל צו באַקומען דעם טאָוול. באַפעל, מען זאָל פאַנגען אַן אָדלער פון די הויכע בערג. גרייט צו שטאַרקע שטריק און אַ לאַנגן שטעקן. לאָז ברענגען אַ מענטשן, וועלכער איז פאַרמשפּט צום טויט, און באַפעל אָפּהאַקן אים דעם קאָפּ. נאָכדעם זעץ זיך אויפן אָדלער, צווישן די פליגלען. טו אָן דעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ אויפן שפּיץ שטעקן און שטרעק אויס דעם שטעקן פאַר זיך אַזוי, אַז דער אָדלער זאָל שטענדיג האָבן פאַר זיך די אויגן פון דעם קאָפּ. און גלוסטנדיג אויספּיקן זיי, וועט ער פליען נאָך דעם קאָפּ. און דו ווענד זיין פליאונג צו דעם העכסטן שפּיץ פון די הרי חושך. און אַז דו וועסט קומען אַהין, לאָז ניט אָפּ דעם אָדלער, נייערט פיר אים מיט זיך. און אַז דו וועסט קומען צום מיטן פון שפּיץ באַרג, וועסטו דערזעען אַ הייל, וועלכע איז פאַרשטעלט מיט אַ פאַרכישופטער טיר. דאָרטן זיצט דער פאַרשפּאַרטער ווינט. און דו בינד זיך צו מיט דער שטריק צום שפּיץ פון אַ פעלז, כדי דער ווינט זאָל דיך ניט אַראָפּטראָגן, און מיט די פאַרשווערונגען, וואָס מיר וועלן דיר איבערגעבן, טו אָפּ דעם כישוף פון טיר פון הייל. און עס וועט זיך אַרויסרייסן דער ווינט, וועלכער וואָרצלט אויס בערג, און וועט אַראָפּטראָגן דעם פעלז פון דעם טאָוול. און דו נעם אים, זעץ זיך אויף דעם אָדלער, און מיט דעם שטעקן מיט דעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ ווענד זיין פליאונג צוריק אויף דער ערד.

און נירון־קיסר האָט געפאָלגט די חרטומים און געטאָן, ווי זיי האָבן אים געהייסן. און ער האָט באַקומען דעם טאָוול. און אַז ער האָט זיך אומגעקערט אין קייזערליכן פּאַלאַץ, האָט ער אַרויסגענומען דעם טאָוול. און ער האָט דאָרט געפונען פאַרשריבן אויפן לשון פון בבל די דאָזיגע ווערטער:

„פון מיר, דעם גאָט פון אַלע לעבעדיגע באַשעפעניש און דעם אַל־מעכטיגסטן הערשער פון דער גאַנצער וועלט, נמרוד, צום קיסר פון לאַנד אדום, נירון — שלום!

„זיי וויסן, קיסר נירון, אַז מיין קרוין איז מיגליך אויפצוהויבן ניט מיטן כוח פון די הענט און ניט מיט דער מאַכט פון שווערד, נייערט מיט פאַלשקייט, נאַרעריי און רמאות. און כדי צו באַקומען מיין אייזערנע קרוין, שיק פונאַנדער שלוחים צו די מלכים און הערשער פון אַלע זיבעציג אומות און פעלקער פון דער וועלט. שרייב יעדערן חניפה־בריוו און לייב זיין מאַכט און חכמה. און